ע. פאלקאָוויטש

# גראמאטיק

## פאר דערוואקסענע

### I-טער טייל

וואָרט-בילדונג. באהעפט. צונויפגעזעצטע פראזע

צווייטע, פארגרעסערטע און איבערגעארבעטע אופלאגע

צענטראלער פעלקער-פארלאג פון פ. ס. ס. ר.
מאָסקווע—כארקאָוו—מינסק
1930

# פאָרעדע צו דער II-טער אופלאגע

דאָס איז א ביכל פאר דערוואקסענע — פאר אָוונט-קורסן, פארטיי-שולן, פעדטעכניקומס, ארבפאקן און זעלבסטבילדונג.

דעם טאלמיד פון שול און פעדטעכניקום, דעם ארבקאָר און דאָרפקאָר, דעם פאבריק-יינגל און דעם עלטערן ארבעטער — די אלע, וואָס האָבן אזא גרויסן באגער און אזוי ווייניק צייט, — זיי איז דער מעכאבער אויסן צו געבן א פראקטיש ארבעט-ביכל, וואָס זאָל מיטהעלפן צו באנעמען און צו סיסטעמאטיזירן די וויכטיקסטע עלעמענטן פון פראזע, באהעפט און וואָרט.

ניט קיין אלזייטיקע סיסטעם און ניט קיין אויספירלעכע דערשיינונגען פון דער יידישער גראמאטיק זיינען דאָ פארצייכנט. נאָר פראקטישע שפראך-ארבעט, עלעמענטן פון אויסלייג (אָרטאָגראפיע) און געזעצן פון אָפּשטעלצייכנס (פונקטואציע), וואָרט- און פראזע-סטרוקטור, עלעמענטארע סטיל-דערשיינונגען — דאָס איז דער מאטעריאל פונעם דאָזיקן ביכל.

צוזאמען מיטן דאָזיקן ערשטן טייל גראמאטיק האָט אויך געזאָלט ארויס א צוגרייט-קורס אף שפראך ביכלאל. אינעם צוגרייט-קורס זיינען איינגעשלאָסן ארבעטן אף פראזע און אָפּשטעלצייכנס, אף אויסשפראך און אויסלייג און אף וואָרט-באטייט און וואָרט-באנוץ. צוליב פארלעגערישע מעניעס האָט זיך צייטווייליק פארהאלטן דאָס דערשיינען פון אזא צוגרייט-קורס. דעריבער האָבן מיר געמוזט כאָטש קאָנספעקטיוו געבן דאָ אן אריינפיר וועגן פראזע און אָפּשטעלצייכנס.

דער, וואָס איז באקאָנט מיט דער ערשטער אויסגאבע פון אונדזער גראמאטיק, וועט, דורכקוקנדיק דעם אינהאלט פון דערדאָזיקער אופלאגע, גלייך באמערקן דעם ראדיקאלן אונטערשייד פון די צוויי אופלאגעס. אונדזער אייגענע דערפארונג האָט אונדז איבערצייגט, אז די ערשטע גראמאטיק איז געשטאנען מיטן קאָפּ אראָפּ; איצט פרובירן מיר זי שטעלן אף די פיס. *

דער גאנצער מאטעריאל פונעם דאָזיקן ביכל איז איינגעטיילט אין 33 לימודים, וועלכע מע קאָן באארבעטן אין מעשעך פון 33 וואָכן. צום סאָף פון יעדן לימעד זיינען דאָ אופגאבעס, וואָס נעמען מאכן זיי דארף מען נאָכדעם, ווי מע האָט גרינדלעך באארבעט דעם לימעד, און ווען ס'איז שוין דאָ אי באם לערער, אי באם שילער די זיכערקייט, אז מע וועט די אופגאבעס מאכן קימאט אָן פעלערן.

---

* זעט וועגן דעם אין אונדזער ארטיקל „צו דער מעטאָדאָלאָגיע פון גראמאטיק פאר דערוואקסענע" „ראטנבילדונג" 1 №, 1930.

אינעם ביכל זײַנען דאָ אזוינע פּונקטן, וואָס ניט אלע דארפן זיי שטודירן. די ליטוואקעס לעמאָשל האָבן זיך ניט וואָס צו פארנעמען מיט דער טעמע געפינען— געפונען. די ליטוואקעס וועלן דאָ אזוי אויך קיינמאָל קיין טאָעס ניט מאכן. אָבער פאר די אוקראַיִנער איז עס ערשט א וויכטיקער מאטעריאל. דעריבער איז נייטיק, אז דער לערער אָדער דער שילער זעלבסט זאָלן גלײַך פעסטשטעלן, צי דער אָדער יענער לימעד איז פאר זיי נייטיק צי ניט. וואָרעם מע דארף זען ניט אויסברענגען קיין צײַט אף צו לערנען דאָס, וואָס ס׳איז שוין באוווּסט.

מיר וועלן מיטן גרעסטן דאנק אויסהערן די מיינונגען פון די לערער און שילער וועגן דער צווּעקמעסיקײַט פון דער סטרוקטור און פּלאן פון אונדזער איצטיקער גראמאטיק.

ע. פּ.

מאָסקווע. 10 אפּרעל 1930.

---

# א ר ײַ נ פ י ר

## 1. פראזע און אָפּשטעלצייכנס

**1.** אונדזער רייד באשטייט פון פראזעס. לעמאָשל:

א) 1. די לאגע פון די ייִדישע קאָלאָניסטן איז א גוטע. 2. די שטימונג איז בא אלעמען א מונטערע. 3. די ארבעט גייט מיטן פולן טעמפּ.

ב) 4. וואָס פאר א שטרײַק? 5. ווער רעדט וועגן ניט ארבעטן? 6. מיר זײַנען דען קיין פראָלעטאריער ניט?

ג) 7. נידער מיטן קאפּיטאליזם! 8. נידער מיט דער פאשיסטישער סאָציאַל-דעמאָקראטיע! 9. זאָל לעבן די אלוועלטלעכע רעוואָליוציע!

דאָ האָבן מיר נײַן פראזעס. די ערשטע דרײַ פראזעס רעדט מען ארויס מיט א טאָן פון דערציילן, דעריבער הייסן זיי *דערציילערישע*. די ווײַטערדיקע דרײַ רעדט מען ארויס מיט א טאָן פון פרעגן; זיי הייסן *פרעגיקע*. די לעצטע דרײַ פּראזעס הייסן *אויסרופיקע*.

אין דער שריפט ווערן דידאָזיקע דרײַ טיפּן פראזעס באצייכנט מיט דרײַ באזונדערע אָפּשטעלצייכנס: מיט א *פּינטל*, *פרעגצייכן* און *אויסרופצייכן*.

**2.** פראזעס זײַנען לויט זייער גרייס פארשיידן; זיי קאָנען זײַן פון איין וואָרט אין פון אסאך צענדליקער ווערטער. לעמאָשל:

אווגוסט. איך בין אין שטעטעלע געקומען. (כאריק)

דאָ האָבן מיר צוויי פראזעס: די ערשטע באשטייט פון איין וואָרט, די צווייטע— פון פינף. צוגעבנדיק צו יעדער פון דידאָזיקע פראזעס נאָך ווערטער, קאָן מען זיי דערפירן ביז גאָר גרויסע. לעמאָשל:

איך בין אין שטעטעלע געקומען ארבעטן.

איך בין אין שטעטעלע געקומען ארבעטן אין קאָמיוג.

איך בין אין שטעטעלע געקומען ארבעטן אין קאָמיוג און אין פּארטיי...

איין און דעמזעלבן טעקסט קאָן מען אמאָל אײַנטיילן אין איין פּראזע אָדער אין עטלעכע. לעמאָשל:

1. איך האָב געשמייכלט ניט פון דער געשיכטע.
2. איך האָב געשמייכלט. ניט פון דער געשיכטע. (גאָדינער)

דער אינהאלט פון א טעקסט קאָן זיך אמאָל ווענדן אָן דער צאָל פראזעס. לעמאָשל:

1. מיר לערנען זיי שרײַבן.
2. מיר לערנען. זיי שרײַבן.

אין דער 1-טער שורע איז איין פראזע, אין דער 2-טער — צוויי. דער אינהאלט פון דידאַקטישע צוויי שורעס איז א פארשיידענער, און די פארשיידנקייט שטאמט בלויז פון דער צאָל פינטלעך (פראזעס).

א **פראזע** הייסט אזא גרופּע ווערטער (אָדער אזא וואָרט), וואָס מע רעדט עס ארויס מיט א טאָן פון א פּינטל, פרעגצייכן אָדער אויסרופצייכן.

3. מע דארף זיך באמיִען צו שרייבן ניט קיין גרויסע פראזעס, וואָרעם א גרויסע פראזע איז שווערער צו לייענען און צו באנעמען. לעמאָשל:

מעלדנדיק, אז די גרונט-שפראך פון דער פארטייאישער אָרגאניזאציע איז די שפראך פון דער מערהייט פון דער גאנצער באפעלקערונג, וועלכע איז גלייכצייטיק די שפראך פון צווישן-נאציאָנאלע באציִונגען, וועלכע זיכערט איינ־צייטיק דאָס ארייַנציִען די פראָלעטאריער פון אלע פעלקער אין דער פארטיי־ארבעט, דארף די פארטיי באוואָרענען אין דער גענוגנדיקער מאָס די מעגלעכ־קייטן צו באנוצן זיך מיט די שפראכן פון די נאציאָנאלע מינדערהייטן (באזונדערס פון דער יִדישער) אין די קעמערלעך, ווו די אבסאָליוטע מערהייט געהערט א וועלכער ניט איז נאציאָנאלער מערהייט, צווישן דעם אויך פאר פאָרטראגן, זיכערן די פולע מעגלעכקייט פאר די נאציאָנאלע מינדערהייטן ארויסזאָגן זיך איבער אלע פראגן פון פארטיי-ארבעט אף יעטווידער פארטיי־פארזאמלונג אף זייער אייגענער מוטער-שפראך, באקומען איבערזעצונגען פון פאָרטראגן אף דער מוטער-שפראך, הערן פאָרטראגן אף דער מוטער-שפראך און באקומען ליטעראטור איבער אלע פראגן פון פארטיי-ארבעט און לעבן אף דער מוטער-שפראך. („דער עמעס")

די דאָזיקע פראזע האָט אסאך כעסרוינעס. דער גרעסטער כעסאָרן אירער איז דאָס, וואָס מע דארף זי א צייט לייענען און נאָך א גרעסערע צייט „קייען", אז מע זאָל זי פארשטיין. ווען דער שרייבער וואָלט אָבער פון דער איין פראזע געמאכט פיר — פינף, וואָלט עס שוין געווען גרינגער צו באנעמען.

דעריבער דארף מען זען וואָס קלענערע פראזעס צו שרייבן.

4. אייַנצוטיילן א טעקסט אין מער אָדער אין ווייניקער פראזעס — ווענדט זיך אָן דעם ריידער און שרייבער אליין: דאָס וואָס ער האלט פאר פארענדיקט, יענץ באצייכנט ער מיט א פינטל.* לעמאָשל:

1) יאָסעפס זאָרגלאָזע און פריילעכע באציִונג צו אים האָט אים אויך ניט קנאפּ געררייצט און געערגערט. 2) אָבער דאָס זיינען אלץ געווען פערזענלעכע באציִונגען, און ער האָט זיי געקאָנט שטיקן אין זיך. 3) אָבער ווען אין בוי־קאָמיטעט האָט מען זיין פראָיעקט דורכגעוואָרפן און געשיקט יאָסעפן קיין איליטשעווקע די זאך אפן אָרט אויספאָרשן, האָט עס אים געגעבן אזא קלאפּ, נאָך וועלכן ער האָט זיך ניט געקאָנט אופהייבן צו זיין פריִערדיקער הייך. (גאָדינער).

* מיר ריידן מער וועגן פּינטל, ווייַ דאָס איז דער אָפטסטער צייכן בא א פראזע. דער פרעג־צייכן און אויסרופצייכן קומען אסאך זעלטענער.

דעמדאָזיקן טעקסט טיילט אײַן דער שרײַבער גאָדינער אין דרײַ פּראַזעס. אַן אַנדערער וואָלט עפּשער געשטעלט דאָ אַן אַנדער צאָל פּינטלעך. דאָס הייסט אָבער ניט, אַז בא אַן אַנדערן וואָלט געווען גאָר אַ גרויסער אונטערשייד. די גרעסטע מערהײַט מענטשן * וועט אינעם דאָזיקן טעקסט שטעלן פּאָרן צווייטן „אָבער" אַ פּינטל. דיזעלבע מערהײַט וועט געוויס אויך ניט אײַנטיילן אין קלענערע פּראַזעס גאָדינערס לעצטע פּראַזע. וואַקלדיק וועט מיסטאָמע זײַן דאָס ערשטע פּינטל, פאַרן ערשטן „אָבער": אַ טייל וועט דאָ שטעלן אַ פּינטל (ווי גאָדינער); אַנדערע וועלן דאָ קיין פּינטל ניט שטעלן און וועלן האָבן אינעם דאָזיקן גאַנצן טעקסט בלויז צוויי פּראַזעס.

5. אין אַ פּראַזע קומען אָפּט ווערטער, וואָס מע קאָן זיי פאַרבינדן מיטן וואָרט „און". לעמאָשל:

אין אַלע קלובן, ביבליאָטעקן, לייענשטיבלעך דאַרפן זײַן צײַטונגען.

נאָך „קלובן" און נאָך „ביבליאָטעקן" קאָן דאָ קומען דער „און". לעמאָשל:

אין אַלע קלובן ביבליאָטעקן און לייענשטיבלעך דאַרפן זײַן צײַטונגען.

אין אַנדערע ערטער קאָן מען דאָ קיין „און" ניט אַרײַנשטעלן.

ווערטער, וואָס מע קאָן צווישן זיי אַרײַנשטעלן דעם „און", הייסן גלײַכאַרטיקע.

אויב צווישן גלײַכאַרטיקע ווערטער איז קיין „און" ניטאָ, דאַרף מען צווישן דידאָזיקע ווערטער שטעלן אַ קאָמע. אויב דער „און" איז דאָ, קומט ניט קיין קאָמע. לעמאָשל:

1. גייען זיך אַזוי אַוועק יאָרן, וואָכן, נעכט, טעג.
2. גייען זיך אַזוי אַוועק יאָרן, וואָכן, נעכט און טעג.
3. גייען זיך אַזוי אַוועק יאָרן און וואָכן, נעכט און טעג.
4. גייען זיך אַזוי אַוועק יאָרן און וואָכן און נעכט און טעג**.

אין אַלע פאַלן, ווען ס'איז דאָ דער „און", קאָן מען אָנשטאָט אים שטעלן אַ קאָמע, נאָר ניט שטענדיק איז עס באַקוועם צו טאָן. אָבער ניט אין אַלע פאַלן, ווען ס'איז דאָ אַ קאָמע, קאָן מען אָנשטאָט איר שטעלן דעם „און", ווײַל די קאָמע קומט ניט נאָר צווישן גלײַכאַרטיקע ווערטער נאָר אויך אין אַנדערע פאַלן. לעמאָשל:

וויפל טינט מיר האָבן, קאָן איך אײַך ניט זאָגן.

נאָך „האָבן" איז דאָ אַ קאָמע, כאָטש קיין „און" קאָן דאָ ניט זײַן.

אין זייער פיל פאַלן, ווען עס שטייט אַ קאָמע, מאַכן מיר אַן איבעררײַס, אַ פּאַוזע אין ריידן. אָבער ניט אַלעמאָל, ווען מיר מאַכן אין ריידן אַ פּאַוזע, דאַרף מען אין שרײַבן שטעלן אַ קאָמע; וואָרעם עס זײַנען פאַראַן פּאַוזעס, וואָס ווערן ניט באַצייכנט אין דער שריפט, און עס זײַנען פאַראַן קאָמעס, וואָס אין ריידן באַטאָנט מען זיי ניט. דעריבער דאַרף מען שטעלן קאָמעס נאָר דאָרטן, ווו עס פאָדערט אַ געוויסער קלאַל.

* פון אונדזער איצטיקער צײַט.

** ס'זײַנען פאַראַן פאַלן, ווען ס'איז דאָ דער „און", און מע שטעלט פונדעסטוועגן אַ קאָמע. דאָס וועלן מיר קלאָר מאַכן אין דעם 21-טן לימעד.

6. אָפּטמאָל קומט פאר אָדער נאָך גלייַכארטיקע ווערטער א פּאראלגעמיינער-וואָרט. לעמאָשל:

1. קיינער האָט ניט די זכיָע צו זייַן דערבייַ: נישט איך, נישט די מאמע, נישט מייַן שוועגערן בראָכע.

2. נישט איך, נישט די מאמע, נישט מייַן שוועגערן בראָכע — קיינער האָט ניט די זכיָע צו זייַן דערבייַ.

אין דער ערשטער פראזע איז דאָס פּאראלגעמיינער-וואָרט „קיינער" פאר די גלייַכארטיקע ווערטער, אין דער צווייטער פראזע איז עס נאָך זיי.

אויב דאָס פּאראלגעמיינער-וואָרט איז פאר די גלייַכארטיקע (1-טע פראזע), שטעלט מען פאר זיי א צווייפּינטל. אויב דאָס פּאראלגעמיינער-וואָרט איז נאָך די גלייַכארטיקע ווערטער, שטעלט מען נאָך זיי א שטריך.

אויב עס קומט א פּאראלגעמיינער-וואָרט אי פאר, אי נאָך די גלייַכארטיקע, שטעלט מען דאן אי א צווייפּונקט, אי א שטריך. לעמאָשל:

די זאך, פאר וועלכער ס'האָט געקעמפט דאָס פאָלק: טייקעף פאַרשלאָגן א דעמאָקראטישן שאָלעם, אָפּשאפן דאָס פּריצישע אייגנטום אף ערד, ארבעטער-קאָנטראָל איבער דער פּראָדוקציע, באשאפן א ראטן-רעגירונג — די דאָזיקע זאך איז באוואָרנט. (לעניז) *

אויב קיין פּאראלגעמיינער-וואָרט איז ניטאָ בא די גלייַכארטיקע ווערטער, נאָר פאר אָדער נאָך זיי איז פאראן אן אינטאָנאציע פון א פּאראלגעמיינער-וואָרט, קאָן מען אויך (נאָר מע מוז ניט) שטעלן א צווייפּינטל אָדער א שטריך. לעמאָשל:

**א צווייפּינטל**

אז די ארבעטנדיקע מאסן אונטערשטיצן אקטיוו די פּאָליטיק פון פאנאנדערגעוויקלטן סאָציאַליסטישן אָנגריף אפן נעפּמאן און באלעגוף, באווייַזן מיט דער גאנצער קלאָרקייַט: דער שטורמישער וווקס פון דער אקטיווקייַט בא די ארבעטער-מאסן און בא דער דאָרפישער אָרעמשאפט, דער ברייט-פאנאנדערגעוויקלטער סאָציאַליסטישער געוועט, די אנטוויקלונג פון דער פּראָלעטארישער זעלבסטקריטיק, דער דראנג פון די מיטלפּויערשע מאסן צו נייַע קאָלעקטיווע לאנדווירטשאפטלעכע פאָרמען.

**א שטריך**

דער שטורמישער וווקס פון דער אקטיווקייַט בא די ארבעטער-מאסן און בא דער דאָרפישער אָרעמשאפט, דער ברייט-פאנאנדערגעוויקלטער סאָציאַליסטישער געוועט, די אנטוויקלונג פון דער פּראָלעטארישער זעלבסטקריטיק, דער דראנג פון די מיטלפּויערשע מאסן צו נייַע קאָלעקטיווע לאנדווירטשאפטלעכע פאָרמען — באווייַזן מיט דער גאנצער קלאָרקייַט, אז די ארבעטנדיקע מאסן אונטערשטיצן אקטיוו די פּאָליטיק פון פאנאנדערגעוויקלטן סאָציאַליסטישן אָנגריף אפן נעפּמאן און באלעגוף. („דער-עמעס")

*) און אמאָל טיילט מען אויס אין אזוינע פאלן די גלייַכארטיקע ווערטער פון ביירע זייַטן מיט שטריכן. וועגן דעם וועלן מיר נאָך ריידן אינעם 33-טן לימעד.

דאָס צווייפּינטל אין אזוינע פאלן ווי פונרעכטס גרייט צו דעם לייענער צו א ווײַטערדיקער אויסרעכענונג פון גלײַכארטיקע ווערטער. דער שטריך פונלינקס זאָגט אָן דעם לייענער, אז עס האָט זיך געענדיקט די אויסרעכענונג פון די גלײַכארטיקע ווערטער.

**7.** אויב אין א פראזע זײַנען דאָ גרעסערע גרופּעס גלײַכארטיקע ווערטער, אָדער אויב אין יעדער גרופּע קומען עטלעכע גלײַכארטיקע, — דאן שטעלט מען צווישן אזוינע גרופּעס ניט קיין קאָמע נאָר א פּינטלקאָמע. לעמאָשל:

די עקאָנאָמישע אָפּגעשטאַנענקײַט פונעם גרעסטן טייל פונעם געוועזן יידישן טכום; די גרויסע ראָליע פונעם קליינבירגערטום אין דער סאָציאַלער סטרוקטור פונעם יידישן פאָלק; דער האַנטווערקערשער, קליין-אינדוסטריעלער כאראקטער פון די יידישע ארבעטער; די גרויסע פארפרעמדטקײַט צווישן יידישן און ניט-יידישן ארבעטער — דאָס אלץ האָט פארהאַלטן די אנטוויקלונג פונעם ווירקלעכן, ריכטיקן קלאסן-באַוווסטזײַן פון די יידישע ארבעטער. (עסטער)

בא א פּינטלקאָמע איז די פּאוזע אביסל לענגער ווי בא דער קאָמע און אביסל קירצער ווי באַם פּינטל.

**8.** ווײַזט אָן, ווו וואָלט איר געשטעלט קאָמעס אין דער ווײַטערדיקער פראזע

מע דארף נאָך ברייטער מאָביליזירן די ארבעטער די אָרעמפּויערים און מיטל-פּויערים צום קאַמף קעגן דעם נעפּמאן באַלעגוף שעדיקער און ביוראָקראַט.

שטעלט אינעם ווײַטערדיקן טעקסט אלע נייטיקע פּינטלעך, קאָמעס און שטריכן.

די פּאָליטיק פון נאציאָנאלער העצע האָט זיך באזונדערס שטארק אָנגעווענדעט בעניגייע צו די יידן ארופווארפן די גאנצע רעוואָליוציע אף יידן ארופווארפן אלע צאָרעס און אומגליקן אף יידן איז געוואָרן דער באליבטסטער מעטאָד פונעם צאריזם פּאָגראָמען בלוט-בילבולים נײַע און נײַע גיירושים און רעפּרעסיעס דאָס איז געווען אין די הענט פונעם צאריזם א מיטל צו זייען אומצוטרוי און האס צווישן באזונדערע נאציעס צו נארן און פארפירן זיי. (עסטער)

שטעלט אלע נייטיקע אָפּשטעלצייכנס אינעם ווײַטערדיקן טעקסט.

יענע נאכט האָבן מיר איבערגעהאנדלט מיט וואָס איר ווילט געקויפט פערדלעך א פּאָר און באלד טאקע זיי פארקויפט מיט רעוואָכים געעפנט א באקאליינע קלייט אין בויבעריק אויסגעפארקויפט די סכוירע און באלד געעפנט א שניטקראָם געהאנדלט א שטיק וואלד געכאפּט אָפּטריט-געלט עטלעכע קערבלעך און אנטלאָפן געפּרוווט אויסדינגען די אנאטאָווקער טאקסע נעמען דעם „פּראָיעקט” געמאכט אביסל האלוואָע אָפּגעגעבן דאָס געלט אף פּראָצענט. (שאָלעם-אליי:ם)

**9.** אויב אין א פראזע זײַנען דאָ אזוינע ווערטער, וואָס מע מוז זיי פאנאנדער-טיילן, מע מוז צווישן זיי מאכן א פּאוזע, — דאן שטעלט מען צווישן זיי א שטריך. לעמאָשל:

1. עסט — ניט שעמט זיך.
2. עסט ניט — שעמט זיך.

דאָ איז אזא טעקסט, וואָס קאָן זײַן צווייטײַטיק. קעדיי דידאָזיקע צווייטײַטיקײַט זאָל ניט זײַן, קומט מען אָן צום שטריך, וואָס ווײַזט, ווי מע דארף דאָ לייענען. *

פארגלײַכט די צוויי ווײַטערדיקע פראזעס און מאכט זיך קלאָר דעם כילעק אין זייער באטײַט (דאָ איז ניט גאָר קיין גרויסער כילעק).

1. שרײַבער זײַנען ווי אלע אנדערע באַסאָרוואָדאָמס.
2. שרײַבער זײַנען ווי אלע אנדערע — באַסאָרוואָדאָמס. (ליטוואקאָוו)

דער שטריך קומט אויך אין אזוינע פאלן:

1. דאָס יאָר וועט מען אָנעמען 30—40 סטודענטן.
2. ער פארדינט שוין איצט הונדערט — הונדערט און צוואנציק רובל א כוידעש.

**10. א צווייפינטל און א שטריך קומען אויך אין אזוינע פאלן:**

שטעלט מיך אָפּ א ייִד און פרעגט בא מיר:

— וואָס איז דאָס בא דיר פאר א געטראנק? (שאָל. אל.)

דאָ האָבן מיר צווייערליי רייד:

1. אומדירעקטע: „שטעלט מיך אָפּ א ייִד און פרעגט בא מיר". **
2. דירעקטע: „וואָס איז דאָס בא דיר פאר א געטראנק?"

דירעקטע רייד זײַנען אזעלכע, וואָס מע זאָגט זיי איבער וואָרט אין וואָרט, ווי יענער האָט זיי געזאָגט***; אלע אנדערע רייד זײַנען אומדירעקטע.

פון דירעקטע רייד קאָן מען מאכן אומדירעקטע. לעמאָשל:

שטעלט מיך אָפּ א ייִד און פרעגט בא מיר,
וואָס איז דאָס בא מיר פאר א געטראנק.

איצט האָט מען ניט איבערגעגעבן וואָרט אין וואָרט דעם ייִדנס פראגע דעריבער איז דאָ ניט קיין פרעגצייכן נאָך „געטראנק" נאָר א פינטל, און דעריבער איז דאָ ניט „דיר" נאָר „מיר".

צווישן אומדירעקטע און דירעקטע רייד שטעלט מען:

1. נאָך די אומדירעקטע רייד — א צווייפינטל.
2. פאר די דירעקטע רייד — א שטריך.

---

* אָנשטאָט דעם שטריך קאָן דאָ קומען אויך א קאָמע. לעמאָשל:

1. עסט, ניט שעמט זיך.
2. עסט ניט, שעמט זיך.

אין אזא פאל וועלן מיר עס אופנעמען אלס גלײַכארטיקע ווערטער:

1. עסט און ניט שעמט זיך.
2. עסט ניט און שעמט זיך.

דער שטריך אָדער די קאָמע גיבן דאָ אף אזא אויפן צו דידאָזיקע פראזעס דעם אָדער יענעם באטײַט-ניואנס.

** מיר מאכן דאָ קיין כילעק ניט צווישן דעם שרײַבערס רייד און אומדירעקטע.

*** ס'איז ניט גאָר פּינקטלעך אויסגעצײַכנט. נאָר מיר זײַנען דאָ אויסן אונטערשיידן דירעקטע רייד ון אומדירעקטע אינעם באנוץ פון פּשטעלצייכנס. און צוליב דעם איז דערדאָזיקער אויסטײַטש געגוג.

די דירעקטע רייד שרײַבט מען אָפּט ניט אין דערזעלבער שורע וואָס די אומ-דירעקטע נאָר אין א נײַער שורע. דאָס טוט מען דעריקער דאן, ווען מע וויל די דירעקטע רייד מער אויסטיילן, מע זאָל זיי גיכער באמערקן. די צייכנס זײַנען די-זעלבע. לעמאָשל:

1. און פלוצעם טוט עמעצער א פרעג: — ווארט, און ווו איז דער דאָקטער?
2. און פלוצעם טוט עמעצער א פרעג:
— ווארט, און ווו איז דער דאָקטער? (בערגעלסאָן)

אויב מע שרײַבט די דירעקטע רייד אין איין שורע מיט די אומדירעקטע, שטעלט מען אָפטער פאר די דירעקטע ניט קיין שטריך, נאָר מע טיילט זיי אויס מיט פ י ס-ל ע ך („ "). לעמאָשל:

1. שטעלט מיך אָפּ א ייִד און פרעגט בא מיר: „וואָס איז דאָס בא דיר פאר א געטראנק?".
2. און פלוצעם טוט עמעצער א פרעג: „ווארט, און ווו איז דער דאָק-טער?"

[די פיסלעך קומען דאָ נאָכן פרעגצייכן, ווײַל דער פרעגצייכן געהערט צו די דירעקטע רייד, און די פיסלעך קומען דאָ אף אויסצוטיילן די דירעקטע פון די אומ-דירעקטע].

**11.** די אומדירעקטע רייד קאָנען קומען אויך נ א ָ ך די דירעקטע. לעמאָשל:
1. — וואָס איז דאָס בא דיר פאר א געטראנק? — פרעגט בא מיר א ייִד.
2. — ווארט, און ווו איז דער דאָקטער? — טוט פלוצעם עמעצער א פרעג.

אין אזוינע פאלן שטעלט מען א שטריך פאר די דירעקטע און פאר די אומדי-רעקטע.

[דער שטריך קומט דאָ נאָכן פרעגצייכן, ווײַל דער פרעגצייכן געהערט צו די דירעקטע רייד, און דער שטריך קומט דאָ אף אָפּצוטיילן די דירעקטע פון די אומ-דירעקטע].

אומדירעקטע רייד קאָנען אויך קומען צ ווי ש ן דירעקטע. לעמאָשל:
1. וואָס איז דאָס בא דיר — פרעגט בא מיר א ייִד — פאר א געטראנק?
2. ווארט — טוט פלוצעם עמעצער א פרעג — און ווו איז דער דאָקטער?

א צווייפינטל קומט אויך דאן, ווען מע דארף אָנזאָגן דעם לייענער, אז ווײַטער וועט קומען א פראגע. לעמאָשל:
1. איך האָב אלץ געקלערט: ווו נעמט מען קויעך אף צו לויפן?
2. אין שטעטל רעדט מען מיט הארצווייטיק: ווער דארף דאָ אָט די קאָמפּאניע?

אין אזוינע פאלן שטעלט מען דאָס צווייפינטל נאָר דאן, אויב דער צווייטער טייל פראזע אנטהאלט א טאָן פון א פראגע, און צום סאָף פראזע קומט א פרעג-צייכן. אויב דאָס איז ניטאָ, דעם צווייטן טייל פראזע ברענגט מען ארויס אָן א פרעג-צייכן, — דאן קומט אפן אָרט פונעם צווייפינטל א קאָמע. לעמאָשל:
1. איך האָב אלץ געקלערט, ווו נעמט מען קויעך אף צו לויפן.
2. אין שטעטל רעדט מען מיט הארצווייטיק, ווער דארף דאָ אָט די קאָמפּאניע.

**12.** באַם ריידן ווענדעט מען זיך אמאָל דירעקט צו עמעצן אָדער צו עפּעס. לעמאָשל:

1. כאַווײרים, הערט מיך אויס.
2. וואָס האָסטו זיך, באָכער, צעשריִען?
3. פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!

די דאָזיקע אויסגעטיילטע ווערטער, וואָס מע ווענדעט זיך דירעקט צו זיי, הייסן ווענדונגען *.

די ווענדונג און די ווערטער, וואָס ציִען זיך צו איר, טיילט מען אויס מיט קאָמעס. אויב די ווענדונג שטייט פון אָנהייב אָדער צום סאָף טעקסט, און מע רעדט זי ארויס מיט א שטאַרקערן טאָן, שטעלט מען נאָך איר אן אויסרופצייכן. לעמאָשל:

1. שטאָט! דו האָסט מיך געפאַנגען! **.
2. איך קאָן ניט, כאַווער קאָמענדאַנט! ***.

ווייַזט אָן, וויפל קאָמעס דאַרף מען האָבן אין דער ווייַטערדיקער פראַזע.
מענדל גיב אים נאָך מענדל גיב און לאָז ער אופהערן אזוי ריידן מענדל. (מאַרקיש

**13.** עס טרעפט, מע רעדט ארויס ווערטער ניט נאָכאַנאַנד נאָר אָפּגעהאַקט, איבערגעריסן אָדער ניט פאַרענדיקט. לעמאָשל:

ארום איר שטייט שוין א רעדל. בלאַסע דערשראָקענע ליפּן דערציילן וועגן ארעסטירטן מאַן:

— א זייגערמאַכער... געוועזן... מע'ט אים שיסן... — זאָגט ער — מע'ט אים שיסן.

מע פרעגט זי אויס:

— וואָס האָט מען בא אים געפונען?

בא דער יידענע טוען א ציטער די דערשראָקענע ליפּן:

— פּעסער... צוואַנציק. פאַלשע. פּוילישע. פון יענער זייַט... (בערגעלסאָן)

אין די ערטער, ווו דאָס ריידן ווערט איבערגעריסן, ניט פאַרענדיקט, — שטעלט מען א דרייַפּינטל.

א דרייַפּינטל קאָן קומען צוזאַמען מיט נאָך צייכנס. לעמאָשל:

1. — און וואָס וויל ער, א? שמועל.
— ב... ב... בעהיימע!.. דאָס קוק איך דאָך! (בערג.)
2. באַם טיש האָט מען א פרעג געגעבן:
— און איר בריוו?.. אירן א בריוו האָט איר עמעצן אָפּגעטראָגן? (בערג.)

אינעם ערשטן ביישפּיל קומט דאָס וואָרט „בעהיימע" מיט אן אויסרופצייכן, אלס א סימען פון אופרעגונג, און מיט א דרייַפּינטל, אלס א סימען פון אָפּגעהאַקטע רייד.

---

* מע ווענדעט זיך נאַטירלעך ניט צו די ווערטער נאָר צו זייער באַטייַט, צו זייער אינהאַלט.

** אויב נאָך „שטאָט" איז א קאָמע, איז דער גאַנצער טעקסט איין פראַזע. אויב נאָך „שטאָט" איז אן אויסרופצייכן, האָבן מיר דאָ שוין דאָן צוויי פראַזעס.

*** דאָ איז דער אויסרופצייכן שייַעך ניט נאָר צו דער ווענדונג נאָר צו דער גאַנצער פראַזע.

אינעם צווייטן ביישפיל קומט דאָס וואָרט „בריוו“ אי מיט א פ ר ע ג צ ײ כ ן, ווײַל מע רעדט עס ארויס מיט א טאָן פון פרעגן, אי מיט א ד ר ײַ פּ ו נ ט ל, ווײַל מע רעדט עס ארויס ניט פארענדיקט נאָר איבערגעריסן.

**14.** אָפּטמאָל באנוצט מען א וואָרט ניט אינעם עמעסן באטײַט נאָר אין א פאר־קערטן אָדער מיט אן איראָניע. לעמאָשל:

1. פוילן טראכט וועגן „שאָלעם“ מיטן ראטנפארבאנד.
2. דער 2-טער אינטערנאציאָנאל „זאָרגט“ שטארק וועגן די קאָלאָניאַלע פעלקער.

אזוינע ווערטער ווי „שאָלעם“ און „זאָרגט“ אינעם דאָזיקן טעקסט מיט אזא באטײַט — שרײַבט מען מיט פ י ס ל ע ך („ “).

מיט אזוינע פיסלעך שרײַבט מען אויך נעמען פון צײַטונגען, ביכער, זשורנאלן, האָטעלן... לעמאָשל:

1. איך לייען אלע טאָג „דעם עמעס“.
2. מע דארף נעמען שאָלעם-אליינכעמס „טעוויע דער מילכיקער“ *.
3. אין „לאָנדאָן“ טאָר מען ניט אײַנשטיין: דאָרטן זײַנען אלע צימערן פול מיט וואנצן.

נעמען פון פערזאָנען, פון גאסן, פון שטעט, פון טײַכן... דארף מען מיט פיסלעך ניט באצייכענען. לעמאָשל:

1. מײַן כאווער ר א ב י נ א ָ ו י ט ש וווינט אף דער ל ע נ י ן - ג א ס.
2. געווען אין ק ר י ם, בין איך געפאָרן אפן ש ו ו א ר צ ן י א ם.

די פיסלעך קומען אויך בא ווערטער, וואָס מע כאזערט זיי איבער אלס יענעמס רייד. לעמאָשל:

1. וואָס וועסטו דאָרטן טאָן? גיין איבער די הייזער?
   זײַן גליק, וואָס מײַן ברודער עליע איז דערבײַ נישטאָ. ער וואָלט אים געגעבן א „גיין איבער די הײַזער“. (שאָל.-אל.)
2. און דער דאָקטער האָט אין איר געפונען א גוטן פרײַנט, א מענטשן, וואָס איז מאסקעם, אז דאָס לעבן „איז אוועק מיט מעשונעדיקע קרומע וועגן“. (בערגעלסאָן)

**15.** ס׳טרעפט, אז א וואָרט אָדער א גרופּע ווערטער טיילט מען אויס פונעם איבעריקן טעקסט מיט ק ל א מ ע ר ן. לעמאָשל:

די זעלבסטקריטיק, וואָס „איז אונדז נייטיק ווי לופט, ווי וואסער“ (סטאלין), איז אין דער ייִדארבעט זייער שוואך פאנאנדערגעוויקלט.

דאָ האָבן מיר א גרופּע ווערטער אויסגעטיילט מיט פיסלעך, ווײַל זיי זײַנען עמעצנס, דידאָזיקע ווערטער. נאָך זיי קומט אין ק ל א מ ע ר ן א וואָרט (סטאלין); דאָס מיינט, אז סטאלינען געהערן די פריִערדיקע אײַנגעפיסלטע ווערטער.

---

* מע קאָן דאָ זאָגן אי „טעוויע דער מילכיקער“, אי „טעוויע דעם מילכיקן“. פיסלעך דארף מען אין אלע פאלן דאָ שטעלן.

אין קלאמערן, טרעפט, שטעלט מען אריַין גאנצע פראזעס און אמאָל אפילע גאנצע אָפּזאצן. דאָס טוט מען דאן, ווען מע וויל עפּעס ברענגען אלס א באמערקונג אָדער אלס א דערקלערונג. לעמאָשל:

איך וויל איצט איבערגיין צו דער אינערלעכער לאגע פונעם ראטנפאר-באנד. (וועגן אונדזערע באציִונגען מיט ענגלאנד וועל איך איצט ניט ריידן, וויַיל וועגן דעם וועט זיַין א באזונדער אינפאָרמאציע).

דערקלערט אלע וויַיטערדיקע אָפּשטעלצייכנס.

— און יוישער ווו איז? ווו איז גאָט? — אזוי מישט זיך אריַין די מאמע. און מיַין שווּעגערן בראָכע ענטפערט איר אָפּ:

— יוישער? אָט איז יוישער! (זי וויַיזט איר אָן אפן אריון). גאָט? אָט איז גאָט! (זי טוט זיך א פּאטש איבער דער קעשענע). (שאָלעם-אלייכעם)

אזא טעקסט, וואָס מע האלט אים פאר וויכטיקער וויכטיק, אָדער וואָס ווערט געבראכט אלס א באמערקונג צי דערקלערונג, — אזא טעקסט טיילט מען אמאָל אויך אויס ניט מיט קלאמערן נאָר מיט שטריכן. לעמאָשל:

1. גאנצע שטופן האָט דורכגעמאכט די ייִדישע ליטעראטור — ד ע ר י ק ע ר ד ו ר ך ש אָ ל ע ם א ש ן א ו ן נ אָ מ ב ע ר ג ן, — ביז זי איז געקומען צו דער ריין קינסטלערישער אינטויִציע פון דאָוויד בערגעלסאָנען. (ליטוואקאָוו)
2. און איינער פון די קינסטלערישע אויסדריקער פון אָט די גיַיסט-וואנדלונגען פון דעמדאָזיקן דאָר ייִדיש-רעוואָליוציאָנערער אינטעליגענץ — א ו ן ע פּ ש ע ר ד ע ר א יי נ צ י ק ע ר א ו י ס ד ר י ק ע ר — איז געווען א. וויַיטער (ליטוואקאָוו).

* *
*

דאָ זיַינען געבראכט ניט אלע פאלן, ווען מע דארף דעם אָדער יענעם אָפּשטעל-צייכן. מיט אָפּשטעלצייכנס וועלן מיר נאָך האָבן צו טאָן אינעם לעצטן אָפּטייל פונעם דאָזיקן בוך און אויך אינעם II-טן טייל גראמאטיק. מיר האָבן דאָ דערוויַיל בלויז די קלאָלים וועגן אָפּשטעלצייכנס, וואָס מע קאָן זיי וויסן אָן א גראמאטישער צו-גרייטונג.

איר זאָלט זיך באמיִען צו שטעלן די אָדער יענע צייכנס לויט די געבראכטע קלאָלים. געדענקט, אז די אָפּשטעלצייכנס שפּיגלען ניט אָפּ אלע אינטאָנאציעס און אלע פּאוזעס, וואָס מיר מאכן אין ריידן. לייענענדיק לעמאָשל די וויַיטערדיקע פראזע, מאכן מיר אסאך אָפּשטעלן, אָבער קיין איין אָפּשטעלצייכן איז אין איר ניטאָ.

אין אייניקע פונקטן זיַינען אויך א טייל פון די פירער אונטערן דראנג פון די מאסן לינקער געוואָרן און זיַינען שוין אין די ערשטע אָקטיאבער-טעג נויטע געווען דורכצוקומען מיט די באָלשעוויקעס. (עסטער)

## א ו פ ג א ב ע 1

שטעלט אלע נייטיקע אָפּשטעלצייכנס אינעם וויַיטערדיקן טעקסט.

דער איקער אין אָנגריף פונעם סאָציאליזם בא אונדזערע איצטיקע באדינגונגען באשטייט אין פארשטארקן דעם אנטוויקלונג-טעמפּ פון אונדזער אינדוסטריע אין

פארשטארקן דעם אנטוויקלונג-טעמפּ פון די ראטווירטן און קאָלווירטן אין פאַרשטארקן דעם טעמפּ פון עקאָנאָמישן ארויסשטויסן די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן פון שטאָט און דאָרף אין מאָבּיליזירן די מאסן ארום דער סאָציאַליסטישער בויונג אין מאָבּיליזירן די מאסן קעגן דעם קאפּיטאליזם איר קאָנט ארעסטירן און ארויסשיקן צענדליקער און הונדערטער טויזנטער באלעגופים, אָבער אויב איר וועט גלייַכצייַטיק ניט טאָן אלץ דאָס נייטיקע צו פארשנעלערן די בויונג פון די נייַע ווירטשאפט-פאָרמען צו פארבייַטן מיט נייַע ווירטשאפט-פאָרמען די אלטע קאפּיטאליסטישע פאָרמען ארונטערצורייַסן און ליקווידירן די פּראָדוציר-קוואלן פאר דער עקאָנאָמישער עקזיסטענץ און אנטוויקלונג פון די קאפּיטאליסטישע עלעמענטן אין דאָרף, — וועט דאָס באלעגופנטום אלצייַנס אופלעבן און וועט וואקסן. (סטאלין)

---

# ו אָ ר ט - ב י ל ד ו נ ג

## 2. מאַטעריעלער און פאָרמעלער באַטײַט

16. איר האָט מיסטאָמע באַמערקט, אַז דאָס וואָרט פ א ר ב ט שרײַבט מען צום סאָף — „בט“, כאָטש מיר הערן און ריידן אַרויס „פט“. מיר טוען עס דערפאַר, וואָס דאָס וואָרט פ א ר ב ט שטאַמט פון אַזוינע ווערטער אָדער אַסאָציִירט (פאַרבינדט) זיך מיט אַזוינע ווערטער, וואָס מע שרײַבט זיי, און מע רעדט זיי אַרויס מיט אַ „ב“: [illegible], פאַרבן, פאַרבער, פאַרבערײַ, פאַרבערקע, פאַרבערל...

[illegible]י נ אָ ע נ ט ק ײַ ט פון די ווערטער

| | | | |
|---|---|---|---|
| פאַרבט | פאַרב | פאַרבער | פאַרבערל |
| פאַרבסט | פאַרבן | פאַרבערײַ | פאַרבערקע |

מיר ניט נאָר דערפאַר, וואָס דידאָזיקע ווערטער האָבן זייער אַסאַך געמיינזאַמע קלאַנגען. עס זײַנען דאָ ווערטער, וואָס האָבן געמיינזאַמע קלאַנגען, נאָר דאָך האַלטן מיר ניט, אַז זיי האָבן איין אָ פּ ש ט א ם. לעמאָשל: עסט, פעסט, קעסט...

די נ אָ ע נ ט ק ײַ ט פון די פריִערדיקע אַכט ווערטער פילן מיר דעריקער דערפאַר, וואָס זיי זײַנען זייער נאָענט לויט זייערע ב א ט ײַ ט ן: אין אַלע ווערטער רעדט זיך וועגן פ א ר ב אָדער וועגן אַזוינס, וואָס האָט צו פ א ר ב אַ שײַכעס.

לאָמיר איצט צוקוקן זיך צו אַנדערע אַכט ווערטער

| | | | |
|---|---|---|---|
| פאַרבסט | געמסט | מיינסט | וואַרפסט |
| שרײַבסט | ברענגסט | זאָגסט | קלערסט |

אויך דאָ קאָנען מיר ריידן וועגן אַ געוויסער נ אָ ע נ ט ק ײַ ט פון ווערטער. זי באַשטייט, די נאָענטקײַט, אין דעם, וואָס דידאָזיקע אַכט ווערטער ענדיקן זיך אַלע אויף „סט“ און אַסאָציִירן (פאַרבינדן) זיך מיטן וואָרט „דו“ אָדער מיט אַנדערע אַזוינע ווערטער, וואָס ענדיקן זיך אויף „סט“.

אָבער אויך דאָ איז די נאָענטקײַט ניט נאָר אין די קלאַנגען „סט“, וואָרעם די ווערטער פּ ו ס ט, ו ו י ס ט, פּ ע ס ט, ק ע ס ט—ענדיקן זיך אויך מיטן „סט“, אָבער זיי האָבן ניט קיין שײַכעס צו די פריִערדיקע אַכט ווערטער, און דאָס איז דערפאַר, ווײַל בײַ זיי, בײַ דידאָזיקע פיר ווערטער, קומט אונדז ניט אַרויף אויפן זינען דאָס וואָרט „דו“.

[illegible]ונדאַנען איז געדרונגען, אַז די פריִערדיקע אַכט ווערטער האָבן אויך אַ געוויסע [illegible]טקײַט: אין אַלע ווערטער רעדט זיך וועגן אַן אַרבעט, וואָס „דו“ טוסט.

**17.** אף אזא אויפן האָבן מיר זיך באקענט מיט צווייערליי נאָענטקייטן — מיט צווייערליי באטייטן. קעדיי גרינדלעכער .צו באנעמען דידאָזיקע צוויי באטייטן וועלן מיר אָנקומען צו אזא ביישפּיל:

פון א שטיקל געוואנט קאָן מען מאכן א פּאָר הויזן, א פּידזשאַק און א וועסטל. דידאָזיקע דריי מאלבושים וועלן זיין פארשיידן לויט זייער אויסזען און אלציינס לויט דער סכּירע—לויט דער מאטעריע. לויט דער מאטעריע וועלן זיי זיין אלציינס, ווייל מע האָט זיי גענייט פון איין שטיקל געוואנט; לויט זייער אויסזען וועלן זיי זיין פארשיידן, ווייל א פּידזשאַק האָט איין פאָרם, א וועסט—אן אנדער פאָרם, און הויזן האָבן ווידער אן אנדער פאָרם. אלזאָ, צווישן די הויזן, פּידזשאַק און וועסטל וועט זיין בלויז א מאטעריעלע נאָענטקייט.

איצט לאָמיר פּרובירן מאכן דריי פּאָר הויזן פון דריי פארשיידענע סאָרטן געוואנט. לויט דער מאטעריע וועלן די דריי פּאָר הויזן זיין פארשיידן, ווייל מע נייט זיי פון דריי באזונדערע סאָרטן; לויטן אויסזען וועלן זיי זיין אלציינס, ווייל הויזן האָבן זיך זייער פאָרם, וואָס טיילט זיי אָפּ פון א פּידזשאַק אָדער פון א קלייד. אלזאָ, צווישן דידאָזיקע דריי פּאָר הויזן וועט זיין ניט קיין מאטעריעלע נאָענטקייט נאָר א נאָענטקייט פון דער פאָרם.

אזוינע צוויי נאָענטקייטן האָבן מיר אויך בא די פריערדיקע ווערטער—מאטעריעלע און פאָרמעלע נאָענטקייטן.

| מאטעריעלע | | פאָרמעלע | |
|---|---|---|---|
| פארב | פארבער | פארבסט | מיינסט |
| פארבן | פארבערל | שרייבסט | זאָגסט |
| פארבט | פארבערקע | נעמסט | וואַרפסט |
| פארבסט | פארבעריי | ברענגסט | קלערסט |

די אכט ווערטער פונרעכטס זיינען צווישן זיך נאָענט, ווייל זיי זיינען געמאכט, לאָמיר זאָגן, פון איין מאטעריע. די אכט ווערטער פונלינקס זיינען צווישן זיך נאָענט, ווייל זיי זיינען געמאכט לויט איין פאָרם.

די אכט ווערטער פונרעכטס זיינען פארשיידן לויט זייער פאָרם: אלע ענדיקן זיי זיך מיט פארשיידענע אויסיעס (און קלאנגען) נאָכן מאטעריעלן טייל פון וואָרט — נאָך „פארב". די אכט ווערטער פונלינקס זיינען פארשיידן לויט זייער מאטעריע: אלע האָבן זיי פארשיידענע אויסיעס (און קלאנגען) פארן פאָרמעלן טייל פון וואָרט — פאר „סט".

אף אזא אויפן קאָנען מיר זאָגן: פונרעכטס אנטהאלטן אלע ווערטער איין מאטעריעלן באטייט און פארשיידענע פאָרמעלע באטייטן, פונלינקס האָבן די ווערטער איין פאָרמעלן באטייט און פארשיידענע מאטעריעלע באטייטן.

קוקט זיך צו צו די ווייטערדיקע ווערטער. זיי אנטהאלטן איין מאטעריעלן באטייט און פארשיידענע פאָרמעס.

1) נעם, נעמען, צענעמען, באנעמען, פארנעמען, אָפּנעמען, צונעמען, ארויסנעמען, אראָפּנעמען, ארופנעמען, איבערנעמען, נעמסט, באנעמסט, דערנעמסט, פארנעמסט, נעמט, באנעמט, דערנעמט, פארנעמט.

2) האלט, האלטן, דערהאלטן, פארהאלטן, אָפּהאלטן, צוהאלטן, אויסהאלטן, אײַנ-האלטן, אָנהאלט, אינהאלט, געהאלט, באהאלטענע, דערהאלטענע, פארהאלטענע, אויסגעהאלטענע, אײַנגעהאלטענע, געהאלטן, צוגעהאלטן, אויסגעהאלטן, אײַנגעהאלטן.

קוקט זיך צו צו די ווײַטערדיקע ווערטער. זיי האָבן איין פּאָרמעלן באטײַט און פארשיידענע אָפּשטאמען.

3) פאלסט, נעמסט, שרײַבסט, פילסט, קוקסט, העלפסט, מאכסט, טרינקסט, ברענגסט, הענגסט, שענקסט, שווענקסט, זינגסט, ווארפסט, לויפסט, זעסט, זײַסט, האקסט, זאָרגסט, שטופסט, דוקסט, וועגסט, וועקסט.

4) פאלט, נעמט, שרײַבט, פילט, קוקט, העלפט, מאכט, טרינקט, ברענגט, הענגט, שענקט, שווענקט, זינגט, ווארפט, לויפט, זעט, זײַט, האקט, זאָרגט, שטופט, דוקט, וועגט, וועקט.

**18.** אלזאָ, מיר האָבן קלאָר געמאכט, אז עס זײַנען דאָ מאטעריעלע און פּאָר-מעלע באטײַטן. ריכטיקער געזאָגט: עס זײַנען בא א וואָרט דאָ טיילן, וואָס האָבן מאטעריעלע אָדער פּאָרמעלע באטײַטן. דאָס וואָרט „פארבט“ לעמאָשל האָט א טייל „פארב“, וואָס באטײַט זײַן מאטעריע, און וואָס רופט בא אונדז ארויס אן אסאָצי-אציע מיט אנדערע ווערטער מיטן קלאנג און באטײַט „פארב“; און דאָסזעלבע וואָרט „פארבט“ האָט א טייל „ט“, וואָס באצייכנט זײַן פּאָרם, און וואָס רופט בא אונדז ארויס א פארבינדונג מיט אנדערע ווערטער מיטן קלאנג און באטײַט „ט“.

מע קאָן עס אזוי פּאָרשטעלן:

| | 1 | 2 | 3 |
|---|---|---|---|
| I. | פארבט | שטעפּט | שרײַבט |
| II. | פארבער | שטעפּער | שרײַבער |
| III. | פארבנדיק | שטעפּנדיק | שרײַבנדיק |

דאָ האָבן מיר נײַן ווערטער, אײַנגעטיילטע אין דרײַ גרופּעס אין דער הייך און אין דער ברייט. אין דער ברייט האָבן מיר דרײַ מאטעריעלע באטײַטן: 1) פארב, 2) שטעפּ, און 3) שרײַב; אין דער הייך האָבן מיר דרײַ פּאָרמעלע באטײַטן: I) -„ט“, II) „-ער“ און III) „-נדיק“.

דאָ זעען מיר, אז סײַ דער מאטעריעלער טייל וואָרט און סײַ דער פּאָרמעלער גיבן צו דעם וואָרט אזא אָדער אן אנדער אינהאלט, אזא אָדער אן אנדער באטײַט.

**19.** דער פּאָרמעלער טייל פון וואָרט שפּילט זייער א גרויסע ראָליע אין דער שפּראך, וואָרעם צוגעבן א וואָרט אזא אָדער אן אנדער פּאָרמעלן טייל—הייסט צו-געבן דעם וואָרט אזא אָדער אן אנדער באטײַט. לעמאָשל:

גליק—אומגליק

פּארטײיִשע—אומפּארטײיִשע

דאָ זעען מיר, אז צוגעבנדיק צום וואָרט א טייל „אום“, ענדערט זיך דער אינ-האלט פון וואָרט, און עס באטײַט פּונקט דעם הייפּעך ווי פריִער, אָנעם „אום“.

די פאָרמעלע עלעמענטן שפּילן אויך א גרויסע ראָליע באם שאפן נײַע ווערטער. לעמאָשל:

1. באַלעגאָלעווען הײַנטיקע צײַטן איז קיין פּארנאָסע ניט (מארקיש)
2. ער ווינט הינטערן קאטוילישן קלויסטער אין א פּאָרקאַפּצנט שטיבל. (בערגעלסאָן).
3. און בערמאן האָט באַשטיולט די פּארטיידיקער פונעם גרויסן פּאָטער-לאנד און באַזאָטלט די קאוואלעריע. (מארקיש)

די אויסגעטיילטע ווערטער זײַנען נײַ-געשאפענע. נײַע זײַנען ניט די מאַטע-ריעלע טיילן פון די ווערטער; אויך פריִער איז אין יידיש געווען א וואָרט „באַ-לעגאָלע"... נײַע זײַנען די פאָרמעלע טיילן בא דידאָזיקע ווערטער, וואָס ביז איצט פלעגן זיי, דידאָזיקע ווערטער, ניט קומען מיט אזוינע פאָרמעלע טיילן *.

פארגלײַכט די ווײַטערדיקע אויסגעטיילטע ווערטער.

1. אין ראטנלאנד קומט פאָר א קאפּיטאַלע בויונג.
2. דאָס ראטנלאנד איז קעגן א קאַפּיטאַליסטישער בויונג.

פּרובירט שאפן פּאסנדיקע פראזעס מיט די ווערטער:

| | |
|---|---|
| נאציאָנאלע | סאָציִאלע |
| נאציאָנאליסטישע | סאָציִאליסטישע |

**20.** פּונקט ווי פארשיידענע מאַטעריעלע טיילן פון ווערטער קאָנען אמאָל באטײַטן איינס און דאָסזעלבע (צעיאָגן — צעטרײַבן), אזוי זײַנען אויך פאראן פאר-שיידענע פאָרמעלע טיילן, וואָס באטײַטן איינס און דאָסזעלע. לעמאָשל:

| | |
|---|---|
| **צעיאָגן** | **צעטרײַבן** |
| **פאנאנדעריאָגן** | **פאנאנדערטרײַבן** |

און פונקט ווי איין וואָרט קאָן אמאָל באטײַטן פארשיידנס (זי וועט זײַן זײַן ווײַב), אזוי קאָן אויך זײַן, איין פאָרמעלער טייל, זאָל באטײַטן פארשיידנס. לעמאָשל:

1. קינדער
2. שינדער

דער ערשטער „ער" גייט צו דעם וואָרט „קינד" א באטײַט פון אסאך. דער צווייִ-טער „ער" באטײַט שוין ניט קיין סאך, נאָר ער ווײַזט אף א געוויסן פאך, אף א פּראָפעסיע.

מיט שטודירן אלערליי פאָרמעלע דערשײַנונגען בא איינצעלנע ווערטער און בא גרופּעס ווערטער, מיט סיסטעמאטיזירן און קלאסיפיצירן דידאָזיקע דערשײַנונגען און מיט אויסטײַטשן זייערע באטײַטן—מיט דערדאָזיקער ארבעט פארנעמט זיך די וויסנשאפט, וואָס הייסט גראַמאַטיק.

[דערווײַל האָבן מיר געבראכט בײַשפּילן פון פאָרמעלע דערשײַנונגען בא איינצעלנע ווערטער, מיט פאָרמעלע דערשײַנונגען בא גרופּעס ווערטער וועלן מיר זיך פארנעמען אין דעם אָפּטייל באַהעפט

* פאר שאפן נײַע ווערטער א' | א שפּראך זײַנען פאראן נאָך מיטלען.

## אופגאבע 2

I. גרופּירט אַלע ווײַטערדיקע ווערטער לויטן מאטעריעלן באַטײַט.
זאָרגן, שנײַדן, ליבן, ארויסקריכן, צעשנײַדן, פארזאָרגט, ליבט, צעקריכן, ברענט, קריכט, זאָגט, פארברענ_, זאָגן, קריכן, פארזאָגט.
לעמאָשל: זאָרגן, פארזאָרגט.

II. גרופּירט אַלע פרויערדיקע ווערטער לויטן פאָרמעלן באַטײַט.
לעמאָשן: זאָרגן, שנײַדן, ליבן, זאָגן, קריכן.

## 3. וואָרצל. פּרעפיקס. סופיקס

**21.** פונעם פאָריקן לימעד ווייסן מיר, אז בא א וואָרט זײַנען געוויינטלעך דאָ טיילן, וואָס האָבן מאטעריעלע אָדער פאָרמעלע באַטײַטן. לעמאָשל:

זעט
זעסט
זעענדיק.

דידאָזיקע דרײַ ווערטער זײַנען צווישן זיך נאָענט לויטן מאטעריעלן באַטײַט; אין אַלע דרײַ רעדט זיך וועגן באגריף „זע", דערדאָזיקער טייל וואָרט „זע" ווײַזט דעם געמיינזאמען **אָפּשטאם** פון דידאָזיקע דרײַ ווערטער. און אויב די פריערדיקע דרײַ ווערטער האָבן פארשיידענע איגהאלטן, איז עס דערפאר, וואָס זייערע פאָרמעלע טיילן זײַנען ניט די‌עלבע.

> דער טייל וואָרט, וואָס ווײַזט אפן אָפּשטאם, וואָס אנטהאלט דעם מאטעריעלן באַטײַט פון וואָרט,—הייסט **וואָרצל**.

**א שוטפישער וואָרצל** איז דאָ בא ווערטער, וואָס זײַנען ענלעך אי לויט זייערע קלאנגען, אי לויט זייערע מאטעריעלע באַטײַטן. לעמאָשל:

איך וועל באלד עסן
מיר האָבן שוין געגעסן.

אויב עס איז דאָ נאָר איין ענלעכקײַט (אָדער לויט די קלאנגען אָדער לויט די באַטײַטן), זײַנען דאָס פארשיידענע וואָרצלען. לעמאָשל:

| | |
|---|---|
| 1. איך וועל באלד עסן | 1. איך וועל באלד עסן |
| 2. " " " קייען ** | 2. " " " " פרעסן ** |

פונרעכטס זײַנען בא די אויסגעטיילטע ווערטער **ענלעך** זייערע **באַטײַטן** און פארשיידן זייערע קלאנגען; פונלינקס זײַנען **ענלעך** איי‌ניקע **קלאנגען** און

---

* אמאָל טרעפט, אז ווערטער מיט איין מאטעריעלן באַטײַט שטאמען פון פארשיידענע וואָרצלען. לעמאָשל:

איך בין, דו ביסט; ער איז

דאָ, זעען מיר, פלעכטן זיך צונויף די וואָרצלען „בין" און „איז" נאָרן באַטײַט „זײַן".

** פונרעכטס זײַנען די באַטײַטן ענלעך; פונלינקס זײַנען די קלאנגען דיזעלבע.

פארשיידן די באטײַטן. סײַ פונרעכטס און סײַ פונליקס זײַנען דאָס ווערטער מיט פארשיידענע וואָרצלען.

פארגלײַכט די אויסגעטיילטע ווערטער פון יעדער ווײַטערדיקער פראזע און מאכט זיך קלאָר, וועלכע פון זיי זײַנען פון איין וואָרצל און וועלכע ניט.

1. אונטער שטילער מוזיק א טאנץ צו טאנצן (ניסטער)

2. און ס׳קוקן אף אים מײַלער מײַליקע פון ביקסן (מארקיש)

**22.** פיל ווערטער באשטייען בלויז פון א וואָרצל. לעמאָשל: זע, קום, נעם..

דער גרעסטער טייל ווערטער האָט אויך אויסיעס און קלאנגען פארן וואָרצל און נאָך אים. לעמאָשל:

| פארן וואָרצל | | נאָכן וואָרצל | | פאר און נאָכן וואָרצל | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | שרײַב | שרײַב | | | שרײַב | |
| בא | שרײַב | שרײַב | ט | בא | שרײַב | ט |
| דער | שרײַב | שרײַב | סט | דער | שרײַב | סט |
| פאר | שרײַב | שרײַב | נדיק | פאר | שרײַבנ | זיק |

1. דער טייל וואָרט, וואָס שטייט פארן וואָרצל, הייסט „פרעפיקס”
2. „ „ „ „ „ נאָכן „ „ „סופיקס”

ס׳זײַנען דאָ ווערטער (ניט קיין סאך), וואָס האָבן זיך אזוי צונויפגעלעבט מיטן פרעפיקס, אז איצט קומען זיי ניט אָן אים. לעמאָשל:

געצעלט (א בײַדל)

געצײַג (אינסטרומענטן)

דידאָזיקע ווערטער קומען איצט ניט אָן ייִדיש אָנעם פרעפיקס „גע”.

ס׳זײַנען דאָ ווערטער, וואָס אין ייִדיש קומען זיי נאָר מיט א סופיקס (אָדער מיט עטלעכע סופיקסן). לעמאָשל:

עמיגרירן

עמיגראנט

עמיגראציע

קיין וואָרט „עמיגר” (וואָרצל) איז אין ייִדיש ניטאָ.

פיל ווערטער, ווען זיי קומען מיט א פרעפיקס, באקומען אויך אן אנדער מאַטעריעלן באטײַט. לעמאָשל:

| | |
|---|---|
| קומען | שטיין |
| באקומען | פארשטיין |

פארגלײַכט דעם באטײַט, וואָס עס גיט צו דער פרעפיקס „דער” די ווײַטערדיקע ווערטער פונרעכטס און פונלינקס

| | |
|---|---|
| שרײַבן | ציילן |
| דערשרײַבן | דערציילן |

ווו ענדערט דער פרעפיקס „דער” דעם פאָרמעלן באטײַט, און ווו אויך דעם מאַטעריעלן?

**23.** דער וואָרצל היט ניט אויף דאפקע אלע זײַנע קלאנגען אין די ווערטער, וואָס שטאמען פון אים. לעמאָשל:

1. און באם טיש זיצן בערן אויסגעזעצט (ניסטער).
2. אוי, וועט מען שעכטן און שנײַדן א שניט (מארקיש).
3. און איך לעבען איז דערפון אָנגעפילט מיט א מאָדנער געזונטער פול-קײַט (גאָדינער).

אין יעדער פון דידאָזיקע דרײַ פראזעס האָבן מיר צו צוויי אויסגעטיילטע ווערטער מיט איין וואָרצל, וואָס האָט ניט גאָר דעמזעלבן קלאנגען-באשטאנד.

קוקט זיך צו צו די וואָרצלען אין די ווײַטערדיקע ווערטער:

1) זיץ, זיצן, פאָרזיצער, זעצן, זעצער, זאץ, געזעצט, געזעסן.
2) געבן, גיבן*, אויסגעבן, אויסגאבע, אויסגאָב, צוגאָב.
3. שלאָגן, געשלאָגן, געשלעג, שלאכט, שלאק.
4) ליג, לייג, געלעגן, געלייגט, לאגע.

פרעפיקסן, וואָרצלען און סופיקסן זײַנען דער גרונט-קאפיטאל פון א שפראך. קאָמבינירנדיק דעם וואָרצל מיט אלערליי פרעפיקסן און סופיקסן, שאפט מען שטענדיק נײַע ווערטער. לעמאָשל:

| | | | |
|---|---|---|---|
| נעם | באנעם | אָפּנעמען | אָנגענומען |
| נעמען | פארנעם | אראָפּנעמען | אײַנגענומען |
| אופנעם | אויסנאם | ארויסנעמען | ארויסגענומען |

קוקט זיך צו צו די ווײַטערדיקע ווערטער:

| | |
|---|---|
| 1. שנײַד | שניט |
| 2. שנײַדער | שניטער |

אין ביידע ווערטער פון דער צווייטער שורע האָבן מיר א וואָרצל מיט א סופיקס „-ער". דער באטײַט פון די ווערטער איז ניט דערזעלבער: א שנײַדער נייט מאלבושים, א שניטער שנײַדט היי, קאָרן... אף אזא אופן זעען מיר, אז אפילו די קלאנגען-ענדערונג אינעם וואָרצל גיט אמאָל צו דעם וואָרט א נײַעם באטײַט, און ניט נאָר דער פרעפיקס אָדער דער סופיקס.

פארגלײַך דעם באטײַט פון די ווערטער זיצן און זעצן; ליגן און לייגן.

**24.** פרעפיקסן זײַנען דאָ איינציקע, צווייענדיקע, דרײַענדיקע. לעמאָשל:

שרײַען
גע|שריִען
אויס|גע|שריִען
אויס|גע|דער|ציילט

טראכט
באַ|טראכט
אָפּ|גע|טראכט
אָפּ|גע|באַ|טראכט

* מיר גיבן, מיר וועלן געבן, מיר פלעגן געבן. זעט וועגן דעם אף זײַט 63.

אויך סופיקסן זײַנען דאָ אײנציקע, צווייענדיקע, דרײַענדיקע. לעמאָשל:

| | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| שנײַד | | | | זינג | | | |
| שנײַד | ער | | | זינג | יק | | |
| שנײַד | ער | קע | | זינג | יק | נדיק | |
| שנײַד | ער | קע | ס | זינג | יק | נדיק | ע |

**25.** קוקט זיך צו צום אויסלייג פון די ווײַטערדיקע ווערטער

| | |
|---|---|
| אָפּ + פּאַטערן = אָפּאַטערן | מיט + טײלן = מיטײלן |
| אָנ + נעמען = אָנעמען | אום + מעגלעך = אומעגלעך |
| פאַר + רײַסן = פאַרײַסן | צוריק + קערן = צוריקערן |

אין אַזעלכע פאַלן, ווען דער פּרעפיקס און וואָרצל באַגעגענען זיך מיט אַלצײַנע אויסיעס (צוויי „פּ", צוויי „נ"...), שרײַבט מען בלויז איין אָס אַזאַ. ווען מע דאַרף אָנווײַזן אַפן פּרעפיקס און אַפן וואָרצל אין די ווערטער אָ פּ אַ ט ע ר ן, אָ נ ע מ ע ן, קומט אויס אַזוי צו טאָן:




דער „פּ" פון אָ פּ אַ ט ע ר ן און דער „נ" פון אָ נ ע מ ע ן געהערן אי דעם פּרע-פיקס, אי דעם וואָרצל פון זײערע ווערטער.

די דערשײַנונג קומט אָבער ניט פאָר, ווען עס באַגעגענען זיך ניט אַלצײַנע אויסיעס. לעמאָשל:

| | |
|---|---|
| אָפּ + בעטן = אָפּבעטן | אויף + וועקן = אופוועקן |
| אנט + דעקן = אנטדעקן | ארויף + ווארפן = ארופווארפן |
| אנט + ציקט = אנטציקט | אויס + שנײַדן = אויסשנײַדן |
| אוועק + גײן = אוועקגײן | אויס + זידלען = אויסזידלען |

**26.** אַזאַ צונויפגוס פון אַלצײַנע אויסיעס ווי באַם פּ ר ע פ י ק ס מיטן וואָרצל איז אויך פאַראַן באַם ס ו פ י ק ס מיטן וואָרצל. לעמאָשל:

מיִעס + סטער = מיִעסטער
שטאַרק + קײַט = שטאַרקײַט

ווען מע דאַרף אָנווײַזן אַפן וואָרצל און סופיקס אין אַזעלכע פאַלן, קומט אויס אַזוי צו טאָן:




דער „ס" פון מ י ִ ע ס ט ע ר און דער „ק" פון „ש ט אַ ר ק ײַ ט" געהערן אי דעם סופיקס, אי דעם וואָרצל פון זײערע ווערטער.

אזא צונויפגוס קומט אָבער ניט פאָר, ווען עס באגעגענען זיך ניט די זעלבע אויסיעס. דעריבער דאַרף מען שרײַבן:

יונגקײַט — יונג + קײַט
בייזסטער — בייז + סטער

27. אין פיל ערטער רעדט מען ארויס די ווערטער

| | |
|---|---|
| באנק | בענק |
| לאנג | לענג |

און ענלעכע — ניט אזוי, ווי זיי זײַנען דאָ אָנגעשריבן. אין יענע ערטער רעדט מען ארויס די צוויי רעכטע ווערטער ניט מיט אן „א" נאָר מיט אן „ײַ", און די צוויי לינקע — ניט מיט אן „ע" נאָר מיט אן „יי".

געדענקט, אז פאר „נק" און „נג" דאַרף מען אין אזוינע פאלן שטענדיק שרײַבן „א" אָדער „ע". לעמאָשל:

דאנק, געדאנק, שראנק, געשאנק; קלאנג, זאנג, געזאנג, שלאנג...;
שענק, דענק, קרענק, שווענק; הענג, ברענג, פארהענג, פארברענג...

אָבער אזוי שרײַבט מען נאָר דאַן, אויב דער „נג" און „נק" געהערן צום וואָרצל. אויב דער „נ" געהערט צום וואָרצל, און דער „ג" אָדער „ק" געהערן צום סופיקס, אָדער אויב דער „ג" אָדער „ק" געהערן צום וואָרצל, און דער „נ" געהערט צום פרעפיקס, — דאַן איז דער קלאל וועגן אזוי שרײַבן ניט גילטיק. לעמאָשל:

ארײַנגאנג.

דער וואָרצל איז דאָ „גאנג". דער פרעפיקס איז דאָ „ארײַנ". איין „נג" געהערט צום וואָרצל (גאנג), שרײַבן מיר פאר אים אן „א". דער צווייטער „נג" (אין וואָרט איז ער דער ערשטער) איז אזא: דער „נ" געהערט דעם פרעפיקס (ארײַנ), דער „ג" — דעם וואָרצל (גאנג).

ארײַנ + גאנג = ארײַנגאנג.

דעריבער שרײַבן מיר פארן ערשטן „נג" (אינעם וואָרט) „ײַ" און ניט „א". מאכמעס דעמזעלבן טאם וועלן מיר שרײַבן אן „ײַ" פאר „נק" אין פײַנקײַט.

דער „נ" געהערט צום וואָרצל (פײַנ), און דער „ק" — צום סופיקס (קײַט). דעריבער דאַרף מען שרײַבן:

| | | | |
|---|---|---|---|
| ארײַנ | גיין | שיינ | קײַט |
| ארײַנ | קלאפן | ריינ | קײַט |
| פרעפיקס | וואָרצל | וואָרצל | סופיקס |

מע דאַרף אָבער שרײַבן קראנקײַט, ווײַל דער צווייטער „ק" געהערט ניט נאָר דעם סופיקס נאָר אויך דעם וואָרצל.

וואָרצל סופיקס

28. מע שרײַבט אויך ניט קיין „א״ און „ע״, ווען דער „נג״ און „נק״ געהערן ניט צו איין וואָרצל נאָר צו צווײ. לעמאָשל:

ווײַנגאָרטן (ווײַנ + גאָרטן)
ווײַנקעלער (ווײַנ + קעלער)

דאָס זײַנען ווערטער, וואָס יעדעס פון זיי אנטהאלט צווײ וואָרצלען. דער „ג״ געהערט דאָ צום וואָרצל ווײַן, דער „ג״ — צום וואָרצל (וואָרט) גאָרטן, און דער „ק״ — צום וואָרצל (וואָרט) קעלער.

דעריבער דאַרף מען שרײַבן:

| | |
|---|---|
| ריינגאָלד | שטיינקוילן |
| קליינגעלט | פײַנקוכן (געבעקס) |

מע מעג שרײַבן:

פאנקאָכן — פאַן (פענדל) + קאָכן
פײַנקאָכן — פײַן (שיין) + קאָכן (פון אייער).

[וועגן ווערטער, וואָס אנטהאלטן צו עטלעכע וואָרצלען, וועלן מיר ריידן גענוי אין די ווײַטע דיקע לימודים].

אויב א „ה״ איז דאָ אין וואָרצל, איז ער אויך פאראן אין אלע ווערטער, וואָס מע בילדעט אויס פונעם דאָזיקן וואָרצל, לעמאָשל:

האַק, האַקן, אָנהאַקן, אויסהאַקן, האָלצהעקער...
האַלט, האַלטן, באהאַלטן, אויסהאַלטן, געהאַלט, אינהאַלט...
הענג, הענגען, אופהענגען, הענגער, געהאנגען, אופגעהאנגענע...

## אופגאבע 3

I. שטרײַכט אונטער די וואָרצלען אין די ווײַטערדיקע ווערטער:

1) פאַלן, געמאַכט, פארקויפן, אָנקומען, אָנגעפאָרן, אויספוצנדיק, אָנגעפײַפט, שפילט, ברענסט, פארשפילט, אויסנארן, אָנגעפאַלן, אָנגערופענע, פארזאָרגטער, צעפוילטע, ארויסלאָזן, געליבטע, בייזער, נארישע, שנײַדער, זוכעניש, פארדעקטע, אויסגיסן, וואקסן, פארקריכן.

2) זײַטיקע, לערער, נאָכגעמאכט, ענדיקן, לערערקעס, אײַנגעמאכטס, פארענדיקטע, אָפפאַל, פארינטערעסירן, פאָרזיצער, אומפארטייִישע, באגײַסטערונג, רעכנסט, אויספרעגן, פארפירטע, אוועקגעשענקט, אויסגעטריקנטע, אגיטירן, אגיטאציע, אײַנגעהאַלטענע, ארויסגעפאָרענע, אײַנגעפאַלן.

II. ווײַזט אָן די צאָל פּרעפיקסן בא די ווײַטערדיקע ווערטער:

אויסגעפארקויפט, אָנגעשאָטענע, אָנצושרײַבן, אוועקגעשיקטע, פאנאנדערגענומענע, פארלויפנדיק, אויסהאַלטן, אויסגעהאַלטענע, אויסגעהאַלטענער, צושנײַדערקעס, אָנגעארבעטע, צעקראָכענער.

טוט עס לעמאָשל אזוי: אויסגעפארקויפט.

III. ווײַזט אָן די צאָל סופיקסן בא די פריערדיקע ווערטער.

IV. קלײַבט צו פאסנדע וואָרצלען מיט סופיקסן צו די ווײַטערדיקע פרעפיקסן:

אָפּ, אופ, צו, צע, פאר, אָנ, איבער, אריבער, אומ, ארומ, אויס, ארויס, אײַנ, ארײַנ, אונטער, ארופ, אראָפּ, דורך, בא (באשטיין), בײַ (בײַשטיין), גע,

פֿאַר, צוריק, אוועק, אנידער, מיט, נאָכ, צוזאמען, אנט (אנטלויפֿן), דער (דער-צײלן).

לעמאָשל: אָפּגײן, אופֿנעמען, צוגײן (אהײם), צעגײן (פֿון היץ)...

גיט נאָר גוט אכטונג, ווי מע שרײַבט די פּרעפֿיקסן; מאכט ניט קײן פֿעלערן.

V. קלײַבט צו אײנציקע און צווײענדיקע פּרעפֿיקסן און סופֿיקסן צו די ווײַטערדיקע וואָרצלען:

ווײַז, נעם, טרײב, גײ, טרינק, לאך, טראכט, שטעל, זינג, כאפּ, צײל, טו, רײַס, קום, בעט, ברענג, ־ענג, שענק, שווענק, קלײַב.

לעמאָשל: באווײַזן, א ־עווײַזענער...

VI. קלײַבט צו פּראזעס צו פֿאָלגנדיקע ווערטער:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אָפּגײן | אָנגײן | אויסגײן | אראָפּגײן | אוועקגײן |
| אופֿגײן | איבערגײן | ארויסגײ | דורכגײן | מיטגײן |
| צוגײן | אריבערגײן | ארײַנגײן | באגײן | נאָכגײן |
| צעגײן | אומגײן | אונטערגײ | בײַגײן | דערגײן |
| פֿארגײן | ארומגײ׳ | ארופֿגײן | צוריקגײן | פֿאָרגײן |

לעמאָשל:

איר מוזט אָפּגײן פֿונדאנען
די זון וועט באלד אופֿגײן
איך וועל באלד צוגײן צו אײַך

VII. קלײַבט צו פּראזעס צו די ווײַטערדיקע ווערטער:

| | | |
|---|---|---|
| אָפּגענומענע | אָנגענומענע | אראָפּגענומענע |
| אופֿגענומענע | ארומגענומענע | דורכגענומענע |
| צוגענומענע | ארויסגענומענע | צוריקגענומענע |
| צענומענע | ארײַנגענומענע | אוועקגענומענע |
| פֿארנומענע | ארופֿגענומענע | מיטגענומענע |

VIII. שרײַבט אָן די ווײַטערדיקע ווערטער צוזאמען מיט די אָנגעווײַזענע פּרעפֿיקסן:

1. גײן, געבן, טראָגן, טרײַבן, קומען, באָדן, פּוצן . . מיטן פּרעפֿיקס אָפּ-
2. שערן, שנײַדן, שמידן, שטעלן, שמירן, זעגן, זאָגן „ „ אויס-
3. רוקן, רײדן, רײַסן, לאָזן, מרײַבן, רויכערן, רײַבן . „ „ פֿאר-
4. געבן, קײַקלען, גאַנווענען, קריכן, געטראָגן, גענומען „ „ אוועק-
5. ווײַזן, ווארפֿן, וועקן,ווארטן, וואכן, וויקלען . . . „ „ אופֿ-

לעמאָשל: אָפּגײן, אויסשערן, פֿארוקן, אוועקגעבן, אופֿווײַזן.

געדענקט, וואָס מיר האָבן גערעדט וועגן צונױפֿגוס פֿון אל-צײנע אויסיעס באם וואָרצל מיטן פּרעפֿיקס און מיטן סופֿיקס:

IX. שרײַבט אָן די ווײַטערדיקע ווערטער צוזאמען מיט די אָנגעווײַזענע סופֿיקסן.

1. פֿרײַ, שײן, גלײַך, קראנק, קינד . . . . . . . . . מיטן סופֿיקס -הײַט
2. יונגער, געזונטער, קלײנער, גלײַכער, קראַנקער . . . „ „ -הײט
3. רײַך, לאנג, הײליק, גרין, גרינג, ענג, שטרענג . . . „ „ -קײַט
4. ווײַט, בלינד, קאלט, ווילד, קורץ, לײַכט, געשווינד . „ „ -קײַט
5. פֿארשפּארט, פֿארטומלט, אופֿגעבראכט, פֿארפֿרעמדט,
   באגרענעצט . . . . . . . . . . . . . . . . „ „ -קײַט
6. שטארק, זיס, הארט, ווײַס, גרינג, פֿײַכט, לײַכט, שפּעט „ „ -סטער

לעמאָשל: פֿרײַהײַט, יונגערהײט, רײַכקײַט, ווײַטקײַט, פֿארשפּארטקײַט, שטארקסטער...

X. שרײַבט אָן די װײַטערדיקע װערטער מיט איך, דו, ער, מיר:
1. דאנקען, דערלאנגען, פארלאנגען, באלאנגען, פאנגען, קלאנגען, ראנגלען (זיך).
2. בענקען, חענגען, קרענקען, פארברענגען, גערענקען, פארהענגען, שענקען.
לעמאָשל: איך דאנק, דו דאנקסט, ער דאנקט, מיר דאנקען...

XI. בילדעט אויס אלע מעגלעכע װערטער פון די װײַטערדיקע:
העלפן, האקן, הערן, האנדלען, האָפן, האָבן, הייסן, הייבן, האָרעװען, הערשן, העצן, הינקען, הונגערן, הוסטן, היטן, הייצן, העכערן, האָדעװען, היצן (זיך) היילן (קראנקע), היילן (בילן) *

## 4. פּרעפיקס, סופיקס און װאָרט.

**29.** די פּרעפיקסן און די סופיקסן שרײַבט מען צוזאמען מיטן װאָרצל. צװישן פּרעפיקס און װאָרצל און צװישן װאָרצל און סופיקס קאָן מען קיין אנדער װאָרט ניט ארײַנשטעלן. לעמאָשל:

דער פארשרײַבענער באָכער איז הײַנט ניט געקומען.

אין דעם װאָרט „פארשרײַבענער" קאָן מען צװישן דעם פּרעפיקס פאר, דעם װאָרצל שריב און דעם סופיקס ענער קיינע װערטער ניט ארײַנשטעלן.

אויב מע קאָן ארײַנשטעלן אן אנדער װאָרט, זײַנען דאָס ניט קיין פּרעפיקסן און סופיקסן נאָר באזונדערע װערטער. לעמאָשל:

ער האָט פאר הינט קיין מוירע ניט.

דאָ קאָן מען ניט שרײַבן דעם „פאר" אינאיינעם מיט „הינט", װײַל מע קאָן צװישן זיי ארײַנשטעלן א װאָרט. מע קאָן זאָגן:

ער האָט פאר אזוינע הינט קיין מוירע ניט.

פונדאנען איז קלאָר, אז „פאר" איז דאָ ניט קיין פּרעפיקס נאָר א באזונדער װאָרט.

דאָסזעלבע איז אויך מיטן סופיקס. לעמאָשל:

זאָגט ער צו מיר.

„ער" איז דאָ א באזונדער װאָרט. עס לאָזט זיך אָפּטיילן, מע קאָן עס איבערשטעלן. לעמאָשל:

ער זאָגט צו מיר.

הייסט עס, אז „ער" איז דאָ ניט קיין סופיקס, און מע דארף אים שרײַבן באזונדער.

אָבער דער „ער", לאָמיר זאָגן, פונעם װאָרט „שנײַדער" איז ניט קיין באזונדער װאָרט נאָר א סופיקס, װײַל מע קאָן אים ניט אָפּטיילן.

> דאָס, װאָס עס לאָזט זיך אָפּטיילן אָדער איבערשטעלן אין דער פראזע, איז ניט קיין פּרעפיקס און ניט קיין סופיקס, און מע דארף עס שרײַבן באזונדער.

* אָבער אײַלן (לויפן) דארף זײַן אָן א „ה", ניט װי מע רעדט ארויס אין אייניקע ערטער.

30. פארגלײַכט דעם „ער" אין די װײַטערדיקע אויסגעטײלטע װערטער:

| | |
|---|---|
| אין יעדן הײַזעלע, אין יעדער קאמער | אין הײַזלעך הילצערנע װערן |
| רעדט א ניי-מאשין, א הובל | אומרויִק די גלידער, |
| צי א האמער. (כאריק) | אין הײַזלעך הילצערנע װערן |
| | אומרויִק די לידער. (כאריק) |

די אויסגעטײלטע װערטער אין בײדע רעכטע פאלן זײַנען אָן סופיקסן. דער „ער" געהערט דאָרטן צו די װאָרצלען, צו די אָפּשטאמען פון די װערטער. קײן װערטער פון דידאָזיקע אָפּשטאמען אָן דעם „ער" (קאם, האם) מיט אזא באטײַט — האָבן מיר ניט.

דער „ער" אין בײדע לינקע פאלן איז א סופיקס. עס זײַנען פאראן װערטער פון דיזעלבע אָפּשטאמען אויך אָן דעם ער: גליד, ליד.

אין שרײַבן איז קײן אונטערשײד ניט. אלצײנס שרײַבן מיר אײנײנעם דעם „ער": סײַ װען ער איז פונעם אָפּשטאם פון װאָרט, און סײַ װען ער איז א סופיקס.

אנדערש אָבער װעלן מיר שרײַבן אין אזוינע פאלן.

| „ער" — סופיקס | „ער" — באזונדער װאָרט |
|---|---|
| 1. זאָל ער זײַן א גוטער בעטער | 1. בעט ער זיך בא דעם טאטן |
| 2. ער װעט זײַן א גוטער הימער | 2. היט ער זיך אָפּ נאָר צװײ טעג |
| 3. עס שיטן זיך גאָלדענע װערטער | 3. װערט ער אײנקאעס אף מיר |

פונרעכטס איז דער „ער" א סופיקס: מע קאָן עס ניט אָפּטײלן און ניט איבערשטעלן, דעריבער איז עס אָנגעשריבן אײנײנעם מיטן װאָרצל.

פונלינקס איז דער „ער" א באזונדער װאָרט: מע קאָן עס אָפּטײלן, מע קאָן עס איבערשטעלן (בעט ער—ער בעט), און מע קאָן (אז מע װיל) אָנשטאָט דעם „ער" שרײַבן גאָר אן אנדער װאָרט. לעמאָשל:

בעט ער זיך — ער בעט זיך
בעט זי זיך — זי בעט זיך
בעט מען זיך — מע בעט זיך

31. פארגלײַכט דאָס אויסגעטײלטע אין בײדע װײַטערדיקע פראזעס.

1. איך װעל פארשרײַבן די רעדע.
2. איך װעל פאר שרײַבן די רעדע קײן געלט ניט נעמען.

װי איר זעט, איז דער „פאר" אין דער ערשטער פראזע, אלס א פרעפיקס, אָנגעשריבן צוזאמען מיטן „שרײַבן". אין דער צװײטער פראזע איז דער פאר באזונדער.

דער „פאר" אין די צװײ פאלן האָט גאָר באזונדערע באטײַטן. פּרובירט איבערזעצן דידאָזיקע צװײ פראזעס אף אן אנדער שפּראך, װעט איר גיכער באמערקן דעמדאָזיקן באטײַט-כילעק פון די „פאר"ן.

דאָס וואָרט „שרײַבן“ אין דער צווייטער פראזע קאָן אויך קומען מיט א פרע-פיקס. לעמאָשל:

1. איך וועל פאר אָנשרײַבן די רעדע קיין געלט ניט נעמען.
2. „ „ „ באשרײַבן „ „ „ „ „ „
3. „ „ „ דערשרײַבן „ „ „ „ „ „
4. „ „ „ פארשרײַבן „ „ „ „ „ „

אינעם פערטן בײַשפּיל, זעען מיר, איז דאָ א „פאר“ אלס א באזונדער וואָרט און א „פאר“ — אלס א פרעפיקס.

פארגלײַכט דאָס אויסגעטיילטע אין די ווײַטערדיקע פראזעס.

1. איך וועל פארמאכן די טיר.
2. זי וועט באנעמען, וואָס מע רעדט צו איר.

1. איך וועל פאר מאכן די טיר זיך נעמען ערשט מאָרגן.
2. בא נעמען געלט פון קאסע דארף מען וויַזן א דאָקומענט.

אויך דאָ האָבן מיר פונרעכטס פרעפיקסן, און פון לינקס — באזונדערע ווערטער די אויסגעטיילטע ווערטער פונלינקס איז אפילע שווערלעך אָפּצוטיילן איינע פון די אנדערע. איבערשטעלן קאָן מען זיי געוויס ניט; ארײַנשטעלן צווישן זיי נײַע ווערטער איז אויך אבסל שווערלעך. כאָטש מע קאָן זאָגן:

1. א) איך וועל פאר גוט מאכן די טיר...
   ב) איך וועל פארן (פאר + דעם) מאכן די טיר...
2. א) בא זעלטן נעמען געלט פון קאסע דארף מען...
   ב) באם (בא + דעם) נעמען געלט פון קאסע דארף מען...

נאָר ס'איז אביסל אומנאטירלעך ארײַנצושטעלן דידאָזיקע ווערטער גראָד אין דידאָזיקע ערטער. דעריבער איז בעסער ארײַנצוטראכטן זיך אינעם באטײַט פונעם „פאר“ און „בא“ פונלינקס, פארגלײַכן עס מיטן באטײַט פונעם „פאר“ און „בא“ פונרעכטס און פארגעדענקען זייער אויסלייג.

נאָך בוילעטער קאָן מען זען דעם באטײַט-אונטערשייד אין פאָלגנדיקס:

פרעפיקס

1. איך וועל פארקויפן דעם מאנטל
2. איך וועל באריידן די שוועסטער
3. איך וועל דערציילן מיט אסאך פעלערן

וואָרט

1. איך וועל פאר זיך קויפן א מאנטל
2. איך וועל ריידן בא דער שוועסטער
3. איך וועל ציילן דער טאָכטערס פעלערן

דאָ זעען מיר בוילעט, ווי גרויס עס איז דער באטײַט-אונטערשייד פון די פרע-פיקסן און די באזונדערע ווערטער (וואָס זײַנען אף די פרעפיקסן ע-לעך).

## אופגאבע נומ. 4

I. שטרײַכט אונטער בלויז די ווערטער, וואָס דער „ער“ איז בא זיי א סופיקס. ארבעטער, ביטער,ביימער, בעקער, בלעטער, ביכער, בלעכער, גאנצער, גיכער, דונער

(און בליץ), דיגער, דעכער, האמער, העלדזער, העפקער, היפשער, וואסער, וויטער, וועלדער, זילבער, טאָכטער, טעלער, כאווער, ליבער, לידער, מוטער, מעסער, מיעסער, פויער, פעלדער, פעפער, צוקער, קינדער, קאלטער, שנײַדער.

II. שרײַבט אָן דעם „ער“ צוזאמען אין די ווײַטערדיקע פראזעס, ווו ער איז א כופיקס.

1) א פארשוויצט . . ער איז . . ער ארײַנגעלאָפן אין שטוב. 2) זיצט . . ער אזוי אָפּ עטלעכע שאָ נאָכאנאנד. 3) אָף אזא אויפן ארבעט . . ער אוים די הויצאָע. 4) דער מאָסקווער ארבעט . . ער באגריסט דעם צוזאמענפאָר. 5) ער קויפט א בראָט . . ער פארן קינדער-הויז. 6) בראָט . . ער אָפּ א גאנדז,—א מעכײַע א קוק צו טאָן. 7) דאָס געקעכטס איז זייער שיט . . ער. 8) פולע קעשענעס מיט ניס שיט . . ער מיר אָן. 9) א פארכאָלעמט . . ער האָט ער זיך אומגעדרייט איבערן פעלד. 10) א גאנצע נאכט כאָלעמט . . ער אזוי אָפּ און ווייסט ניט, וואָס עס טוט זיך מיט אים.

III. שרײַבט אָן דעם „פאר“ און „בא“ צוזאמען אין די ווײַטערדיקע פאלן, ווו זיי זײַנען פרעפיקסן.

1) פאר . . מאכן די אופגאבעס זאָל מען זיך נעמען ערשט דאן, ווען מע וועט גוט בא . . נעמען דעם לימעד. 2) אין דער ביבליאָטעק קאָן מען זיך פאר . . שרייבן אלע טאָג. 3) בא . . שטימען די רעזאָליוציע טאָר זיך קיינער ניט אָפּהאלטן. 4) דער אָרטקאָם וועט בא . . שטימען א נײַעם פאר . . וואלטער. 5) דער רעדנער האָט אזוי פאר . . טומלט, אז קיינער האָט ניט פאר . . שטאנען, פארוואָס מע שטימט.

## 5. ווערבאלער צוגאָב און וואָרט

**32.** הערט זיך צו צו אײַער קאָל באם ארויסריידן די ווײַטערדיקע אויסגעטיילטע ווערטער.

1. איך קאָן דאָס ניט ב א נ עֹ מ ע ן

2. „ „ „ אָֹ פּ נ ע מ ע ן.

אין דער ערשטער פראזע קוועטשן מיר מער אָן אפן „נע“ — אף א טייל, וואָס געהערט צום וו אָ ר צ ל פון וואָרט. אין דער צווייטער פראזע איז שוין דער קוועטש, דער א ק צ ע נ ט, אפן „אָפּ“ — אפן טייל, וואָס איז פארן וואָרצל — אפן פ ר ע פ י ק ס.

דאָסזעלבע וועלן מיר זען אויך אין די ווײַטערדיקע פראזעס.

1. איך וועל צעגיין פון היץ
2. איך וועל באקומען מײַנע ביכער
3. איך וועל פונדאנען אנטלויפן
4. איך וועל גוט פארשטיין
5. איך וועל אײַך דערצאָלן

1. איך וועל צוגיין אהיים
2. איך וועל בײַקומען דעם סוינע.
3. איך וועל דאָ ארומלויפן
4. איך וועל אײַנשטיין בא אים
5. איך וועל אלעמען אויסצאָלן.

אין אלע פינף פאלן פונרעכטס איז דער אקצענט ניט אפן פרעפיקס; אין אלע פינף פאלן פינלינקס זײַנען די פרעפיקסן מיט אקצענטן; באם ארויסריידן דידאָזיקע לינקע ווערטער ב א ט אָ נ ט מען אין זיי ניט די וואָרצלען נאָר די פרעפיקסן.

1. פּרעפֿיקסן זײַנען דאָ באַטאָנטע און אומבאַטאָנטע.
2. אומבאַטאָנטע פּרעפֿיקסן זײַנען פֿאַראַן זעקס: צע,— באַ,— גע,— אנט,— פֿאַר,— דער—. אַלע איבעריקע פּרעפֿיקסן זײַנען באַטאָנטע *.

קוקט זיך צו צו די פּרעפֿיקסן אינעם ווײַטערדיקן:

1. איך וועל צעגיין פֿון הינט
2. איך צעגיי פֿון הינט

1. איך וועל צוגיין אהיים.
2. איך גיי צו אהיים.

אין ביידע פּראָזעס פֿונרעכטס האָבן מיר א פּרעפֿיקס „צע—", וואָס אלס אזא קומט ער פֿאַרן וואָרצל, און מע שרײַבט אים מיטן וואָרצל (וואָרט) אינײנעם.

פֿונלינקס האָבן מיר שוין עפּעס אַנדערש. אין דער ערשטער פּראָזע האָבן מיר א פּרעפֿיקס „צו—", וואָס איז נאַטירלעך אָנגעשריבן אינײנעם מיטן ווײַטערדיקן וואָרצל (וואָרט), — דאָסזעלבע וואָס אין די רעכטע פּראָזעס.

אין דער צווייטער לינקער פּראָזע איז שוין דער „צו", וואָס אין דער פֿריִער-דיקער פּראָזע איז ער געווען א פּרעפֿיקס, און וואָס באַטײַט אויך איצט דאָסזעלבע וואָס פֿריער,—גאָר אָנגעשריבן באַזונדער, און איז שוין, פֿאַרשטייט זיך, קיין פּרע-פֿיקס ניט.

קיין פּרעפֿיקס איז דערדאָזיקער „צו" ניט, ווײַל ער קומט נאָכן וואָרצל, און א פּרעפֿיקס איז דאָס, וואָס עס קומט פֿאַרן וואָרצל. אָנגעשריבן איז דערדאָזיקער „צו" באַזונדער, ווײַל ער לאָזט זיך אָפּטיילן. מע קאָן זאָגן:

איך גיי צו אהיים

איך גיי גלײַך צו אהיים

און דאָס, וואָס עס לאָזט זיך אָפּטיילן, שרײַבט מען באַזונדער.

**33.** לאָמיר איצט נעמען די פֿריִערדיקע 5 פּראָזעס פֿונרעכטס און פֿונלינקס און אָנ-שרײַבן זיי ניט אין דער קומענדיקער צײַט, ווי זיי זײַנען דאָרטן, נאָר אין דער איצ-טיקער.

---

* אומבאַטאָנט זײַנען אויך אייניקע פּרעפֿיקסן פֿון די אזוי גערופֿענע אינטערנאַציאָנאַלע ווערטער. לעמאָשל:

| | |
|---|---|
| פֿאָרמירן | אָרגאַניזירן |
| רעפֿאָרמירן | רעאָרגאַניזירן |
| דעפֿאָרמירן | דעזאָרגאַניזירן |

דאָ האָבן מיר דרײַ אומבאַטאָנטע פּרעפֿיקסן: „רע", „דע", „דעז".

אומבאַטאָנט זײַנען אויך די העברעיִשע פּרעפֿיקסן ב ע, ה א, ו ע, ל ע, מ י. לעמאָשל:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| - | קלאַל | אָדער | מאָשל | צאַד |
| בעשאָלעם | האַקלאַל | וועאָדער | לעמאָשל | מיצאַד |

| | |
|---|---|
| 1. איך צעגיי פון היץ | 1. איך גיי צוּ אהיים |
| 2. איך באַקום מײַנע ביכער | 2. איך קום בײַ דעם סוינע |
| 3. איך אַנטלויף פונדאנען | 3. איך לויף דאָ ארום |
| 4. איך פאַרשטיי גוט | 4. איך שטיי אײַן בא אים |
| 5. איך דערצאָל אײַך | 5. איך צאָל אלעמען אויס |

מיר זעען דאָ, אז פונרעכטס זײַנען די פרעפיקסן אף דיזעלבע פּאָזיציעס, וואָס זיי האָבן פארנומען אין די פאָריקע 5 פראזעס. ניט אף דיזעלבע פּאָזיציעס זײַנען די פינף אויסגעטיילטע פונלינקס. פריער זײַנען זיי געווען פרעפיקסן, און איצט, אין דידאָזיקע 5 פראזעס, זײַנען זיי באזונדערע ווערטער.

מיר ווייסן שוין, אז די רעכטע פרעפיקסן זײַנען אומבאטאָנטע, מיר ווייסן אויך, אז אומבאטאָנטע פרעפיקסן זײַנען פאראן זעקס—די, וואָס מיר האָבן דאָ געבראכט און דער פרעפיקס „גע".

פונדאנען איז געדרונגען, אז א באטאָנטער פרעפיקס קאָן אין געוויסע פאלן ווערן אויס פרעפיקס, און מע זאָל דאָס דארפן שרײַבן באזונדער.

> אזוינס, וואָס אָפט קומט עס באזונדער, און אָפט איז עס א באטאָנטער פרעפיקס,—הייסט ווערבאלער צוגאָב.

34. דעם ווערבאלן צוגאָב דארף מען ניט צונויפמישן מיט ווערטער, וואָס זײַנען נאָר ענלעך אף אים מיט זייער אויסזען. לעמאָשל:

| ווערבאלע צוגאָבן | ניט קיין ווערבאלע צוגאָבן |
|---|---|
| 1. ער קומט צוּ אין שול | 1. ער קומט אָן א היטל |
| 2. איך לייג אונטער א קישן | 2. איך ליג אונטער א קאָלדרע |

די ווערטער „אָן" און „אונטער" פונרעכטס זײַנען ווערבאלע צוגאָבן; פונלינקס זײַנען זיי ניט קיין ווערבאלע צוגאָבן.

מע קאָן זיך וועגן דעם דערקונדיקן, אויב מע זאָל אָנשרײַבן דידאָזיקע פראזעס ניט אין איצטיקער צײַט נאָר אין קומענדיקער. לעמאָשל:

| | |
|---|---|
| 1. ער וועט אָנקומען אין שול | 1. ער וועט קומען אָן א היטל |
| 2. איך וועל אונטער לייגן א קישן | 2. איך וועל ליגן אונטער א קישן |

דאָ זעען מיר, אז פונרעכטס האָבן מיר צו טאָן מיטן ווערבאלן צוגאָב — מיט אזוינס, וואָס אָפט קאָן עס זײַן א באזונדער וואָרט און אָפט א באטאָנטער פרעפיקס. פונלינקס זיינען די ווערטער „אָן" און „אונטער" אין אלע פאלן באזונדער; זיי זײַנען ניט קיין ווערבאלע צוגאָבן.

דער ווערבאלער צוגאָב איז שטענדיק באטאָנט: סײַ ווען ער איז א פרעפיקס, אין סײַ ווען ער איז א באזונדער וואָרט. ניט קיין ווערבאלער צוגאָב איז ניט באַ-

טאָנט. (מיר ריידן דאָ נאַטירלעך די אַנצע צײַט בלויז וועגן ווערטער, וואָס זעען אויס ווי א ווערבאַלער צוגאָב, נאָר זײַנען עס ניט). *

דער ווערבאַלער צוגאָב, אויב נאָר ער איז ניט קיין פּרעפיקס, ציט זיך שטענדיק צו א וואָרט אַפצוריק; דאָס ענלעכע אָפן ווערבאַלן צוגאָב ציט זיך שטענדיק צו א וואָרט פאָרויס. לעמאָשל:

1. ער קומט אָן אין שול

2. ער קומט אָן א היטל

אין דער ערשטער פראַזע רעדט מען אַרויס דעם „אָן", דעם ווערבאַלן צוגאָב, צוזאַמען מיט א פריערדיק וואָרט (קומט + אָן).

אין דער צווייטער פראַזע רעדט זיך שוין דער „אָן" אַרויס צוזאַמען מיט די ווײַטערדיקע ווערטער (אָן + א + היטל). דאָ איז דער „אָן" ניט קיין ווערבאַלער צוגאָב.

**35.** ניט קיין ווערבאַלער צוגאָב ציט זיך צו א ווײַטערדיק וואָרט אַפילע אין אַזא פאַל:

ער קוקט דורך און אונטער די ברילן

די ווערטער „דורך" און „אונטער" זײַנען דאָ באַטאָנט, דאָס הייסט, ניט נאָר זיי זעען אויס ווי ווערבאַלע צוגאָבן, נאָר מע באַטאָנט זיי אַפילע. אָבער דידאָזיקע צווײ ווערטער זײַנען פאָרט ניט קיין ווערבאַלע צוגאָבן, ווײַל זיי ציִען זיך ניט אַפצוריק נאָר פאָרויס:

ער קוקט דורך און אונטער די ברילן

אי „דורך", אי „אונטער" ציט זיך ניט צו „קוקט" נאָר צו „ברילן". פאַרגלײַכט די צווײ ווײַטערדיקע פראַזעס.

1. ער קוקט **דורך** דעם אַפּאַראַט

2. ער קוקט **דורך** דעם אַפּאַראַט

אין דער ערשטער פראַזע איז דאָס וואָרט „דורך" א ווערבאַלער צוגאָב:
1) ער איז באַטאָנט;
2) ער ציט זיך אַפצוריק;
3) ער קאָן ווערן אויך א פּרעפיקס. לעמאָשל: ער וועט **דורכ**קוקן דעם אַפּאַראַט.

אין דער צווייטער פראַזע איז „דורך" ניט קיין ווערבאַלער צוגאָב:
1) ער איז ניט באַטאָנט;
2) ער ציט זיך ניט אַפצוריק נאָר פאָרויס;
3) ער קאָן ניט ווערן קיין פּרעפיקס. לעמאָשל: ער וועט קוקן **דורך** דעם אַפּאַראַט.

* ניט קיין ווערבאַלן צוגאָב באַטאָנט מען אויך אַמאָל. לעמאָשל:
ער קוקט דורך און אונטער די ברילן

דעם „דורך״ פון דער ערשטער פראזע, דעם ווערבאלן צו־גאָב, דארף מען שטענדיק שרײַבן באזונדער.* מע קאָן אים ניט פאריייניקן מיטן „קוקט״ (כאָטש מע רעדט זיי ארויס צוזאמען), ווײַל מע קאָן צווישן זיי ארײַנשטעלן א נײַ וואָרט. לעמאָשל:

ער קוקט גוט דורך דעם אפאראט

ער קוקט זייער גוט דורך דעם אפאראט

דעם „דורך״ פון דער צווייטער פראזע קאָן מען שרײַבן באזונדער, און מע קאָן אים אויך פאריייניקן מיטן „דעם״. לעמאָשל:

ער קוקט דורכן אפאראט

36. לייענט נאָכאמאָל דורך אלע פריערדיקע בײַשפּילן מיט ווערבאלע צוגאָבן און מיט ווערטער, וואָס זעען נאָר אויס ווי ווערבאלע צוגאָבן, און טראכט זיך ארײַן אינעם פארשיידענעם באטײַט פון דידאָזיקע פראזעס.

די צוויי לעצטע בײַשפּילן „ער קוקט דורך דעם אפאראט״ אונטערשיידט מען אין ריידן לויטן טאָן: אויב מע באטאָנט דעם „דורך״, האָט עס איין באטײַט; אויב דער „דורך״ איז ניט באטאָנט, באטײַט עס עפּעס אנדערש. אָבער אין שרײַבן איז דאָך קיין טאָן ניטאָ, — קאָן עס טאקע ברענגען צו צווייִדײַטיקײַטן. דעריבער איז בעסער צו שרײַבן דידאָזיקע פראזע מיטן צווייטן באטײַט אזוי:

ער קוקט דורכן אפאראט

מאכט זיך קלאָר, וועלכע צוויי באטײַטן האָט די ווײַטערדיקע פראזע:

יעדער דורכגעלאָזטער טאָג שלאָגט איבער די סאָציאַליסטישע טעמפּן.

[גענויער וועגן ווערבאלע צוגאָבן און ניט קיין ווערבאלע צוגאָבן וועט אונדז נאָך אויסקומען צו ריידן ווײַטער].

קוקט זיך צו צו דער ווײַטערדיקער פראזע:

לייג איך צו צו ברוסט מײַן אויער** (כאריק)

דער ערשטער „צו״ איז א ווערבאלער צוגאָב, דער צווייטער — ניט. מע קאָן אויך אזוי זאָגן דידאָזיקע פראזע:

לייג איך צו ברוסט צו מײַן אויער

דאָ איז שוין דער צווייטער „צו״ א ווערבאלער צוגאָב, און דער ערשטער — ניט.

37. פארגלײַכט דעם „צו״ אין די ווײַטערדיקע פראזעס.

1. ער מאכט צו די טיר

2. ער מאכט צו מיר מיט דער האנט

---

* אויב ער קומט אלס א פּרעפיקס, — איז קלאָר, אז מע שרײַבט אים אינאיינעם: ער וועט דורכקוקן דעם אפאראט.

** אויער, ניט „עווער״, ווי מע זאָגט אין אייניקע ערטער.

איןביידע פאלן שרײַבט מען דעם „צו" באזונדער: סײַ אינעם ערשטן פאל, ווו דער „צו" איז א ווערבאלער צוגאָב, און סײַ אינעם צווייטן, ווו ער איז ניט קיין ווערבאלער צוגאָב.

אין ביידע פאלן קאָן מען צווישן דעם „צו" און צווישן דעם וואָרט, וואָס ציט צו זיך דעם „צו", ארײַנשטעלן נײַע ווערטער. לעמאָשל:

1. ער מאכט גוט צו די טיר
2. ער מאכט צו איר און מ י ר מיט דער האנט *

פארגלײַכט איצט דעם „צו" אין די ווײַטערדיקע פראזעס:

1. ער וועט צומאכן די טיר
2. ער האָט ליב צו מאכן שטיק

אין דער ערשטער פראזע איז דער „צו" א ווערבאלער צוגאָב (א באטאָנטער פרעפיקס): ער איז באטאָנט, ער לאָזט זיך ניט אָפטיילן; דערפאר שרײַבט מען אים איינינעם מיט „מאכן".

אין דער צווייטער פראזע איז דער „צו" ניט קיין ווערבאלער צוגאָב: ער איז ניט באטאָנט און לאָזט זיך אָפטיילן. מע קאָן די צווייטע פראזע לעמאָשל אזוי שרײַבן:

ער האָט ליב מאכן שטיק
ער האָט ליב צו נעמען מאכן שטיק

דאָס הייסט, מע קאָן אינגאנצן ארויסלאָזן דעם „צו", און דער געדאנק זאָל זיך ניט ענדערן, אָדער מע קאָן צווישן „צו" און „מאכן" ארײַנשטעלן א נײַ וואָרט **.

דעמדאָזיקן „צו", וואָס איז ענלעך אפן באטאָנטן פרעפיקס „צו-", דארף מען שרײַבן באזונדער. דערקאָנען קאָן מען זיי לויטן אקצענט: דער פרעפיקס „צו" איז באטאָנט, דאָס באזונדערע ווערטל „צו" איז ניט באטאָנט.

פארגלײַכט די ווײַטערדיקע פראזעס.

| צו—ווערבאלער צוגאָב (ב א ט. פ ר ע פ.) | צו — באזונדער ווערטל |
|---|---|
| 1. ער וועט מיך באלד צ ו פ י ר ן אהיים | 1. ער וועט באלד ברענגען צ ו פ י ר ן א וואָגן היי |
| 2. צ ו ז אָ ג ן ליב האָבן קאָסט קיין געלט ניט | 2. ער האָט שטענדיק ליב צ ו ז אָ ג ן כאָכמעס |

פונרעכטס איז דער אקצענט אפן „צו", פונלינקס—אפן וואָרט, וואָס ציט צו זיך דעם „צו". פונרעכטס איז דער „צו" איינינעם, פונלינקס איז ער באזונדער.

[וועגן „צו"—א באזונדער ווערטל וועלן מיר נאָך שמועסן אינעם לימעד א י נ- פ י נ י ט י װ].

---

* אָפטער זאָגט מען: ער מאכט צו איר און צו מיר...

** דאָס הייסט אָבער ניט, אַז מע קאָן אלעמאָל אזא „צו" ארויסלאָזן אָדער נאָך אים ארײַנשטעלן א נײַ וואָרט.

## אופגאַבע 5.

I. שטרײַכט אונהער אלע ווײַטערדיקע ווערבאַלע צוגאָבן (סײַ באַטאָנטע פּרע־פיקסן און סײַ באַזונדערע ווערטער).

1) מאַכט צו גיכער די טיר. 2) צוזאָגן ליב האָבן קאָסט קיין געלט ניט. 3) זיי ווילן אונטערצינדן די קופּעס מיסט. 4) מיר נעמען אים אַרײַן אין קאָן. 5) מיר גייען אוועק אַף דרײַ שאָ. 6) דו וועסט אַראָפּפאַלן פון בעט. 7) די זיצונג וועט פאָר־קומען מאָרגן. 8) פאַרשרײַבן זיך דאַרף מען אין ביוראָ. 9) צענעמען וועלן מיר די כורווע ביזן גרונד. 10. מיר קומען מיט אים דורך. 11) ווי קאָן מען בײַקומען אַזאַ סוינע. 12) אַנטלויפן פון אַזאַ טורמע איז שווער. 13) זיי לויפן פונדאַנען אוועק. 14) וואָס וועט דאָ פאָרקומען. 15) זיי קומען אַרײַן אַלע טאָג.

II. שטרײַכט אונטער אויך דאָ אַלע ווערבאַלע צוגאָבן.

1) די זיצונג קומט פאָר הײַנט. 2) קומט צו מיר מאָרגן. 3) זי ליגט אונטער אַ קופּע מיסט. 4) זיי לייגן אונטער בעטגעוואַנט. 5) מיר גייען נאָך די דעמאָנסטראַ־ציע. 6) מיר גייען נאָך דער דעמאָנסטראַציע. 7) ער קוקט דורך די אַרבעט. 8) ער קוקט דורך די ברילן. 9) איך וואַרט אַלץ אַף דיר. 10) איך וואַרט אוף אַף דיר.

III. שרײַבט אָן די ווײַטערדיקע פּרעפיקסן (באַטאָנטע) אײנײנעם, און ניט קיין פּרעפיקסן—באַזונדער.

1) מע דאַרף אונטער.. לייגן אַ קישן. 2) מע דאַרף עס לייגן אונטער.. אַ קישן. 3) ער איז געוואָרן אויס.. מאַכער. 4) דאָס וועט אויס.. מאַכן צו הונדערט מענטשן אַף אַ צעך. 5) מאָרגן וועלן אָנ.. קומען אַסאַך דעלעגאַטן. 6) די דעלעגאַטן וועלן קו־מען אָנ.. בעטגעוואַנט. 7) די דעמאָנסטראַציע וועט זיך צוריק.. קערן אַזייגער פינף. 8) זיי וועלן גיין צוריק.. דורך אַן אַנדער גאַס. 9) ער האָט אָנגעהויבן זיך דורך.־שרײַבן מיט זיי. 10) די בריוו שיקט ער ניט דורך.. פּאָסט.

IV. שרײַבט צוזאַמען דעם „צו“ אין די פאַלן, ווו ער איז אַ פּרעפיקס (אַ באַ־טאָנטער).

1) ער האָט זיך צו.. געהערט צו.. מײַנע רייד. 2) איר וועט האָבן צו.. זינגען און צו.. זאָגן. 3) איך האָב ליב צו.. גיין שפּאַצירן אינצווייען. 4) דעמאָלט האָב איך ליב צו.. זיצן אין קלוב און צו.. שפּילן אין שאַכמאַט. 5) בײַ מיר האָבן זיי דאָס צו גענומען אַף צו.. ווײַזן פאַרן אוילעם. 6) איז אים אײַנגעפאַלן צו.. פרעגן, וווהין שטייט אים פאָר צו.. פאָרן. 7) וואָס ביסטו צו.. געשטאַנען צו.. אים. 8) ער האָט ליב צו.. טײַנען מיט מיר, אַלעמײַ איך האָב צו.. גענומען דעם מאַנטל. 9) איך האָב נאָך זייער אַסאַך צו.. אַרבעטן הײַנט און צו.. אומלויפן. 10) ער האָט ניט געוואָלט זיך צו.. הערן צו.. דעם, וואָס מע זאָגט אים.

## 6. פּרעפיקס און אויסלייג

**38. לייענט דורך דאָס ווײַטערדיקע און טראַכט זיך אַרײַן אינעם באַטײַט פון די פּרעפיקסן „צו־“ און „צע־“.**

1. ווילט זיך צוגיין, צוגיין און אים זאָגן:<br>הערסטו, כאַווער, ס'איז אַזוי אונדז שלעכט... (כאַריק)

2. נעמט צעשנײַדט מיך, נעמט צעהאַקט מיך,—<br>וועט אַ שפּריץ טאָן פרישע זאַפט. („)

אינעם ערשטן בײַשפּיל איז דער אקצענט אפן פּרעפיקס*, ניט אפן וואָרצל;
אינעם צווייטן בײַשפּיל איז דער אקצענט ניט אפן פּרעפיקס נאָר אפן וואָרצל.

פּרובירט איבערזעצן דידאָזיקע צוויי פּרעפיקסן אף אן אנדער שפּראך, וואָס באַטײַטן זיי?

אלע אזוינע פּרעפיקסן ווי אינעם ערשטן בײַשפּיל, וואָס מע אקצענטירט זיי, און וואָס האָבן אזא באַטײַט, שרײַבט מען מיטן „ו": צונעמען (אָפּנעמען), צוזאָגן (אונטערזאָגן), צוטרײַבן (אונטערטרײַבן).

אלע אזוינע פּרעפיקסן ווי אינעם צווייטן בײַשפּיל, וואָס מע אקצענטירט זיי ניט, און וואָס זיי באַטײַטן דאָסזעלבע, וואָס דער פּרעפיקס „פאנאנדער", שרײַבט מען מיטן „ע": צענעמען (פאנאנדערנעמען), צעזאָגן (פאנאנדערזאָגן), צעטרײַבן (פאנאנדערטרײַבן).

הערט זיך צו צום אקצענט און טראַכט זיך ארײַן אינעם באַטײַט פונעם ווײַטערדיקן פּרעפיקס „צע".

1. אף צעוואָרפענע וועגן און שוועלן
שטייען היטערס מיט שווערדן צעשטעלט. (פעפער)
2. און ווינטן בייזע וועלן זיך צעשפּילן,
און ווינטן בייזע וועלן זיך צעלאכן. (האָפשטיין)
3. צעשלײַדערט און צעוואָרפן אף צעבראָכענעם פּארקעט
שלאָפן מידע מענטשן. נאכט. שפּעט. (כאריק)

דער פּרעפיקס איז דאָ אומעטום ניט אקצענטירט, און מע קאָן אים קימאט אומעטום פארבײַטן מיטן „פאנאנדער". דעריבער איז דאָ קעסיידער אן „ע".

אמאָל קאָן מען דעם פּרעפיקס „צע" ניט פארבײַטן מיטן „פאנאנדער", אָבער אן „ע" דארף מען אלציינס שרײַבן. לעמאָשל:

1) איך האָב צעשלאָגן (אָפּגעשלאָגן) דעם קאָפּ.
1) מע דארף גיין צעוואשן (אויסוואשן) די הענט.
3) איז עמעס, אז אלע איר מוזט שוין צעשטארבן? (כאריק)
4) אז קוק, וואָס דו האָסט פון מיר, מיידל, צעמאכט... (כאריק)
5) א פויערטע שלעפּט, באגאָסן מיט בלוט, איר צעהארגעטן מאן. (ש. אש)

מע דארף שרײַבן דעם פּרעפיקס מיטן „ו" אין די ווערטער: צוביסלעך, צוגאסט, צוגלײַך, צולאָכעס, צוליב, צולעצט, צומאָרגנס, צונאכטס, צוברוך, צוערשט, צופרידן, צוקאָפּנס, צושטײַער...

און אין די ווערטער, וואָס מע בילדעט אויס פון דידאָזיקע: צופרידן, צופרידנקײַט, צופרידענע, אומצופרידן...

39. קוקט זיך צו צום ווײַטערדיקן:
1. איך וועל צונעמען מײַן בוך
2. איך וועל צענעמען דאָס וועגטל

* דאָס איז א ווערבאלער צוגאָב—א באַטאָנטער פּרעפיקס. מיר רופן עס דאָ אָן „פּרעפיקס", ווײַל א באַטאָנטער פּרעפיקס איז אויך א פּרעפיקס.

דאָ האָבן מיר די צוויי פארשיידענע פּרעפיקסן, וואָס מיר האָבן וועגן זיי פריער גערעדט. לאָמיר איצט פּרובירן אָנשרײַבן דידאָזיקע פּראזעס ניט אין צוקונפט נאָר אין פארגאנגענהײַט:

1. איך האָב צוגעגנומען מײַן בוך
2. איך האָב צעגנומען דאָס ווענטל

דאָ זעען מיר, אז אין פארגאנגענהײַט קומט דער „צו", דער ווערבאַלער צוגאָב (באטאָנטער פּרעפיקס), מיטן פּרעפיקס „גע"; דער פּרעפיקס „צע" קומט אָנעם „גע". דאָס איז נאָך אַ מיטל אף צו דערקענען דעם „צו" און „צע".

אלזאָ, דער „צו" איז 1) באטאָנט, און 2) אין פארגאנגענהײַט קומט ער מיטן פּרעפיקס „גע"; דער „צע" איז 1) אומבאטאָנט, 2) ער באטײַט מערסטנטיילס „פאַנאנדער", און 3) אין פארגאנגענהײַט קומט ער אָנעם „גע".

[פארגאנגענהײַט מיינען מיר דאָ, ווען זיי קומען מיט די ווערטער האָב, האָסט, האָט, האָבן; בין, ביסט, איז, זײַנען, זײַט. אז דער פּרעפיקס „צו" קומט אין פארגאנגענהײַט מיט די ווערטער פלעג, פלעגסט, פלעגט, פלעגן — איז ער אָנעם „גע". לעמאָשל:

איך האָב צוגעגנומען — איך פלעג צונעמען
איך בין צוגעשטאנען — איך פלעג צושטיין].

**40.** בא אַ צווייענדיקן פּרעפיקס שרײַבט מען שטענדיק „צו", מיט אַן „ו":

| | | |
|---|---|---|
| אָפּצוריײַסן | אָנצונעמען | אונטערצורײַסן |
| בײַצושטיין | ארויסצושטופּן | אריבערצושיקן |
| אויסצוהאלטן | ארײַנצושלעפּן | אוועקצוטרײַבן |

בא אַ צווייענדיקן פּרעפיקס שרײַבט מען „צו" אויך דאַן, ווען עס קומט מיט „פאנאנדער". לעמאָשל:

| | |
|---|---|
| פאנאנדערצושיקן | פאנאנדערצונעמען |
| פאנאנדערצוווארפן | פאנאנדערצוטרײַבן |

אין דידאָזיקע פאלן איז דער „צו" ניט קיין באטאָנטער. מע שרײַבט אים איינעם, ווען ער קומט צווישן דעם ווערבאלן צוגאָב (באטאָנטן פּרעפיקס) און וואָרצל. אויב דער „צו" קומט פארן פּרעפיקס און איז אָן אַן אקצענט, שרײַבט מען אים באַזונדער. לעמאָשל:

אָפּצורײַסן — צו אָפּרײַסן
בײַצושטיין — צו בײַשטיין
אויסצוהאלטן — צו אויסהאלטן
פאנאנדערצושיקן — צו פאנאנדערשיקן...

[וועגן „צו" — ווערבאלער צוגאָב און „צו" — באזונדער ווערטל האָבן מיר גענוי גערעדט אינעם פאָריקן לימעד].

אלזאָ, מע דארף אונטערשיידן פאָלגנדיקע פיר פאלן:

1. ער וועט פון אים צעמאכן אַ טעל
2. ער וועט באלד צומאכן די טיר

3. ער האָט ליב צו מאכן שטיק
4. ער נעמט זיך איבערצומאכן די ארבעט

לייענט דורך נאָכאמאָל דעמדאָזיקן און פאַריכט לימעד און ווײַזט אָן די סימאָנים פֿון דידאָזיקע פיר פאלן*.

**41.** קוקט זיך צו צום אויסלייג פון אלע ווײַטערדיקע פרעפיקסן.

1. אנט — אנטלײַען, אנטלויפן, אנטוויקלונג, אנטוויקלטע...
2. אָפּ — אָפּגיין, אָפּקומען, אָפּגאנג, אָפּגייענדיקע...
3. באַ — באגעגענען, באגײַסטערונג, באקומען, באשריבענע **...
4. גע — גענומען, געדונגען, געשריי, געקליבענע, געפיל...
5. פאר — פארנעמען, פארנומען, פארנאכט, פארטאָג, פארפוצטע...
6. אונטער — אונטעריאָגן, אונטערגאנג, אונטערשלאק, אונטערכאסמענען...
7. ארָאפּ — אראָפּגיין, אראָפּגאנג, אראָפּקומען, אראָפּפאלן...
8. אויף — אופשטיין, אופשטאנד, אופגאנג, אופגייענדיקע...
9. ארויף — ארופגיין, ארופשיקן, ארופנעמען, ארופגייענדיקע...
10. אויס — אויסגיין, אויסשיסן, אויסזאָגן, אויסגאנג...
11. נאָך — נאָכיאָגן, נאָכגיין, נאָכשיקן, נאָכלויפן, נאָכריידן...
12. דורך — דורכגיין, דורכגאנג, דורכקומען, דורכטרײַבן...
13. אום — אומגיין, אומגליק, אומכיין, אומקומען, אומטראָגן...
14. ארום — ארומלויפן, ארומיאָגן, ארומדרייען, ארומנעמען...
15. צוריק — צוריקגיין, צוריקגעבן, צוריקיאָגן, צוריקטרײַבן...
16. צונויף — צונויפנעמען, צונויפקלײַבן, צונויפגען, צונויפלייגן...
17. צוזאמען — צוזאמענקלײַבן, צוזאמענשיקן, צוזאמענלייגן, צוזאמענטרעפן...

מיר גיבן דאָ נאָר די פרעפיקסן, וואָס מע איז זיך מיט זייער אויסלייג טויע אין זייער פיל קאנטן. קעדיי אויסצומײַדן אסאך און אָפטע טאָעסן דארף מען דעריבער עטלעכע מאָל זיך גוט אײַנקוקן אינעם אויסלייג פון דידאָזיקע פרעפיקסן, עטלעכע מאָל ארָאפּשרײַבן זיי צו זיך אין העפט און צוקלײַבן נאָך ווערטער מיט אזוינע פרעפיקסן.

דאָס איז אָבער נאָר דער אויסלייג פונעם פרעפיקס. אויב אַ וואָרצל הייבט זיך אָן מיט ענלעכע קלאנגען ווי בא דידאָזיקע פרעפיקסן, קאָן ער האָבן פארשיידענע אויסלייגן. לעמאָשל:

1. ענטל (קאטשקע). ענטוזיאזם; אנטיקל, אַנטווערפּען...
2. אָבליגאציע, אָבסטרוקציע; אָפּאָזיציע, אָפּאָרטוניזם...

* פאר אייניקע קאנטן דארף מען נאָך דערמאָנען דעם כילעק פון „צו“ און „צי“:
איך גיי צו דער ארבעט.
איך ווייס ניט, צי איך וועל קומען.

** א פרעפיקס „בע“ איז פאראן נאָר אין אייניקע „העברעיִשע“ ווערטער. לעמאָשל: בעעמעס, בעשאָלעם, בעקיצער, בעהאדראָגע, בעקויעך...
מאכט זיך קלאָר דעם באטײַט-אונטערשייד פון די פרעפיקסן „בא“ און „בע“.

3. בעטלער, בעקער, בעקערײַ; באַגאַזש, באַלעבאָס...
4. גיכער, גיבער, גיגאַנט; געצל, גענעם...
5. פערטל, פערדל; פאַרטיק, פאַרטעך,
6. אינטערעס, אינטערנאַציאָנאַל; אונטער (מײַנע פּיס)...

דאָ זעען מיר אין יעדער שורע פאַרשיידענע אויסלייגן פון די ערשטע ווערטער-קלאַנגען, ווײַל דאָס זײַנען אַלץ ניט קיין פּרעפיקסן (אין יידיש); אָבער פּרעפיקסן האָבן שטענדיק דעם אויסלייג, וואָס מיר האָבן פריער, אין די 17 פאַלן, געבראַכט.

## אויפגאַבע 6

I. שטעלט ריכטיק דעם פּרעפיקס אין די ווײַטערדיקע פאַלן. אָנשטאָט די פּינטעלעך דאַרף מען שטעלן „ע" אָדער „ו".

1) אַלע דרײַ צ. לאַכן זיך פון מײַן בעריעשאַפט. 2) דער אויוון זאָל ניט צ..פאַלן ווערן אויף שטיקלעך. 3) עס וועט צ..קומען זייער אַסאַך וואַסער. 4) צום ברעג מײַך האָט מען זיי צ..געשלעפּט. 5) נאָך אַ מענטש איז צ..געקומען אין שטוב. 6) פון די בריוולעך, וואָס זי שרײַבט מיר, קאָן מען צ..גיין. 7) דער אוילעם איז באַלד צ..קראָכן געוואָרן. 8) מע דאַרף עסיק צ..פירן מיט וואַסער. 9) איך וועל אײַך צ..פירן צום ברודער. 10) די לאָמפּן צ..ברענען זיך, און ס'ווערט ליכטיק.

II. שטעלט אין די ווײַטערדיקע פראַזעס אָנשטאָט די פּינטעלעך דאָס נייטיקע אָס. די פּרעפיקסן „צו" און „צע" זאָלט איר שרײַבן אינאיינעם מיטן וואָרצל; די ווערטער „צו" און „צי" זאָלט איר שרײַבן באַזונדער.

1) ער איז געקומען צ..גאַסט, צ.. אויף שטענדיק? 2) וואָס האָט אַזאַ באָכערל ווי דו צ..טאָן אין יעהופּעץ? 3) איך ווייס ניט, צ.. איר וועט מיר גלייבן. 4) צ.. טראַגע-נערהייט איז ער צ..געגאַנגען צ.. מיר און האָט אָנגעהויבן צ.. שרײַען. 5) ער איז צ..פרידן, וואָס דער אוילעם האָט צ..געשטימט. 6) ער הייבט דערפון גאָר ניט אָן צ.. ווייסן. 7) זע נאָר, טעוויע, זאָג איך צ.. מיר אַליין, צ.. מע פירט דיך ניט אין באָד אַרײַן? 8) ער האָט זיך אַלץ צ.. דעם נישט צ..געהערט. 9) איך ווייס ניט, ווו נעמט זיך צ.. מיר אַזויפיל קויעך אויף צ.. לויפן. 10) ער האָט זיך געלאָזט לויפן צ.. זײַן שוועסטער צ.. נעמען לעשן די סרייפע.

III. בילדעט אוים פראַזעס מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

1) צובראָטן, צוגעברענט, צומעסטן, צושטיין, צונעמען, צוקלעפּן, צוזוכן, צוהערן זיך, צוקומען, צולייגן זיך.

2) צעהענגען, צעלאָזן, צעברענען זיך, צעוויגן זיך, צעזינגען זיך, צעשפּילן זיך, צעלאַכן זיך, צענעמען, צערײַסן, צעגיין.

לעמאָשל: 1) דאָס פלייש דאַרף מען נאָך אַביסל צובראָטן; 2) מע דאַרף צעהענגען לופטערן די קאָלדרעס.

IV. ווײַזט אָן דעם „פאַר" און „באַ", וואָס זײַנען דאָ פּרעפיקסן.

1) פאַרשמירן, פאַרבײַטן, פאַרפאַל, פאַרלויפן, פאַרטרײַבן, פאַרטעך, פאַרריין, פאַרטאָג, פאַרפלייצן.

2) באַשמירן, באַלעגופ, באַטלען, באַפוצער, באַלעבאָס, באַווײַזן, באַנדעס, באַנע-מען, באַנדיט, באַשרײַבן.

V. שטעלט צו אַן „אַ" בײַ די ווײַטערדיקע פּרעפיקסן „פאַר" און „אַנט", און אַן „ע" — בײַ ניט קיין פּרעפיקסן.

1) פ..ריאָגן, פ..רציק, פ..רקריכן, פ..רגיין, פ..רנעם, פ..רשטיין.
2) ..נטלויפן, ..נטוויינען, ..נטלעך (קאַטשקעס), ..נטרעקן, ..נטוזיאַזם.

VI. שטעלט צו אן „א“ אָדער „ע“ בא די וויַטערדיקע פּרעפיקסן.
ב.. נעמען, ב.. קיצער, ב.. שריַבן, ב.. גריסער, ב. עמעס, ב.. וויַז, ב..פּוץ ב..שאָלעם ב..סאָד, ב..קוקן, ב..שטעל, ב..קלערן, ב..הייצן, ב..וויינען, ב..דעקן

VII. שריַבט אָן צו פינף ווערטער מיט יעדן פון די 17 פּרעפיקסן, וואָס מיר. האָבן אָנגעוויזן זייער אויסלייג אינעם לימעד. די ווערטער זאָלן אָבער זיַן ניט די, וואָס מיר האָבן זיי שוין געבראכט.

## 7. סופיקס און אויסלייג

**42.** קוקט זיך צו צום אויסלייג פון אלע וויַטערדיקע סופיקסן.

1. -עלע — ייִנגעלע, מיידעלע, טישעלע, בענקעלע, ווענטעלע...
2. -עלעך — ייִנגעלעך, מיידעלעך, טישעלעך, בענקעלעך, ווענטעלעך..
3. -לעך — ייִנגלעך, מיידלעך ; גריַנלעך, שווארצלעך, בלוילעך... *
4. -לעכע — גריַנלעכע, שווארצלעכע, בלוילעכע, גרוילעכע, גרינג-לעכע...
5. -לעכער — גריַנלעכער, שווארצלעכער, בלוילעכער, גרוילעכער, גרינגלעכער... **
6. -וואַרג — רויוואַרג, קליינוואַרג, שטיינוואַרג, פוטערוואַרג, יונגוואַרג..
7. -וויַז — שורעסוויַז, מאכנעסוויַז, ציַיטנוויַז, ראַיאָנענוויַז, טייל-וויַז... ***
8. -יק — ליכטיק, זאמדיק, שנייִיק ; באשעפטיק, רייניק...
9. -דיק — וואסערדיק, קליַיענדיק, צוקערדיק, מוירעדיק, קיַילעכדיק...
10. -ונג — מיינונג, ווענדונג, גרינדונג, שטימונג, האלטונג...
11. -ונגען — מיינונגען, ווענדונגען, גרינדונגען, שטימונגען...
12. -ים — גאַנאָווים, יאָנטויווים, פּויערים, נעגידים, דאָקטוירים...
13. -יש — רוסיש, ייִדיש, טערקיש, ענגליש, נאריש, פּארטייִש...
14. -ניש — מאטערניש, פינצטערניש, ציטערניש, קלאפעניש, קלע-מעניש... ****

---

*) מיט „עך“ ענדיקן זיך אויך זייער פיל ניט קיין סופיקסן. לעמאָשל:
רעך, רייעך, קויעך, נויעך, מויעך, לועך, שאָליִעך, מאָשיִעך...
מע דארף שריַבן: רויך, הויפּטזאַך, אויבערפלאַך...

** און אויך בא ניט קיין סופיקס: איטלעך, איטלעכע, איטלעכער, עטלעכע...

*** אויסערן „וויַז“ זיַנען דאָ בא אייניקע ווערטער פאראן נאָך סופיקסן.
(שורע) ס + וויַז ; (ציַיט) נ + וויַז ; (ראַיאָנ) ען + וויַז.
מע דארף שריַבן: א שנייוויַס פעלד ; טייל — שווארץ, טייל — וויַס.

**** בא די לעצטע צוויי ווערטער איז צווישן דעם וואָרצל און סופיקס — „ניש“ פאראן אן „ע“ אזא „ע“ קומט אמאָל אין נאָך ווערטער, און ניט דאפקע פאר „ניש“. לעמאָשל.
אָרדענונג האָפענונג
באם רעכטן וואָרט איז דער „ע“ אריַנגעקומען אפילע אינעם וואָרצל גופע.

15. -אציע — אגיטאציע, אָפּעראציע, קאָאָפּעראציע, אינפאָרמאציע...
16. -יזם — סאָציאליזם, קאָמוניזם, קאפּיטאליזם, נאציאָנאליזם...

מיר גיבן דאָ נאָר די סופיקסן, וואָס מע מאכט מיט זיי טאָעסן. קוקט זיך גוט איַין אינעם אויסלייג פון דידאַקטיש סופיקסן, שרייַבט זיי אראָפּ צו זיך אין העפט און קלייַבט צו נאָך ווערטער מיט אזוינע סופיקסן.

43. אויב צו א וואָרט מיט איינעם פון דידאָקטיש סופיקסן קומט צו נאָך אן אנ-דער סופיקס, דארף מען אלציינס אזוי שרייַבן די אָנגעוויזענע סופיקסן. לעמאָשל:

ליכטיק  וואסערדיק  ייִדיש

ליכטיקע  וואסערדיקע  ייִדישע

ליכטיקער  וואסערדיקער  ייִדישער

מיט דער ענדונג „יק" שרייַבט מען אויך ניט קיין סופיקסן. לעמאָשל:

זונטיק  צוואנציק  עסיק

מאָנטיק  דרייַסיק  האָניק

דינסטיק  פערציק  פרישטיק**

ניט קיין סופיקסן שרייַבט מען אויך מיט „עק" צום סאָף וואָרט. לעמאָשל: די-בעק, כילעק, כיילעק...

אויב אינעם וואָרצל פונעם וואָרט איז דאָ א „ג" און ניט קיין „ק" דארף מען נאטירלעך, שרייַבן אזוינע ווערטער מיט א „ג", ווען זיי ענדיקן זיך מיטן וואָרצל.

לעמאָשל: איך פאַרוויג — וויג, וויגעלע...

איך צעקריג (זיך) — קריג, קריגערייַען...

44. מיטן „—ים" שרייַבט מען נאָר אין די פאלן, ווען ער איז א סימען פון מערצאָל, אין אלע אנדערע פאלן שרייַבט מען —„עם": סיי ווען דאָס איז א סופיקס און סיי א וואָרצל. לעמאָשל:

| —ים | —עם | |
|---|---|---|
| מערצאָל-סופיקס | וואָרצל | סופיקס |
| כאכאָמים | כאָכעם | איינעם |
| יעסוימים | יאָסעם | קיינעם |

* מע דארף שרייַבן:

אפּאטיע  דעמאָקראטיע

סימפּאטיע  ביוראָקראטיע

אנטיפּאטיע  אריסטאָקראטיע

דאָ איז דער סופיקס ניט „אציע" נאָר „יע".

מע דארף שרייַבן: אָפּעראציע  קאָאָפּעראציע

אָפּעראטיווע  קאָאָפּעראטיווע

** מע דארף שרייַבן: קעניג, קיניג (קייסער), קעניגרייך

וואקלדיק איז דערוויַיל דער אויסלייג פון די ווערטער דאנציג און לייַפּציג (נעמען פון צוויי שטעט). מע שרייַבט זיי אי מיט א „ג", אי מיט א „ק".

מע דארף שרײַבן: „—עם" אויך אין אזוינע פאלן:

| | | |
|---|---|---|
| וואָרעם | פאָנעם | פאָדעם |
| ווערעם | פענעמער | פעדעם (פעדעמער) |

אין אײנצאָל און אין מערצאָל — אלצײנס.

אין אלע פאלן, ווען דאָס וואָרט ענדיקט מיט „עם", ווערט דער „ע" פאר-בלײַבן אויך אין אלע נײַע אויסגעבילדעטע ווערטער. לעמאָשל:

1) אָרעם, אָרעמאַן, אָרעמער, אָרעמקײַט, אָרעמשאפט, אָרעמינקער...
2) ווארעם, ווארעמער, ווארעמע, ווארעמען, ווארעמקײַט, ווארעמענדיק...

דאָס זײַנען אלץ געווען פאלן מיט אן אומאקצענטירטן טײל וואָרט, וואָס די קלאנגען „ע" און „י" זײַנען דאָרטן ניט גענוג קלאָר. נאָר אויב דער אקצענט פאלט אפן טײל וואָרט, ווו דער קלאנג „י" איז גענוג בולעט, דארף מען שרײַבן מיטן „י". לעמאָשל:

איך באַרים זיך
איך פארשווים ווײַט
איך באשטים צו ארבעטן.

דאָ איז קײן צווייפל ניט, אז מע דארף שרײַבן מיטן „י", ווײַל דער אקצענט מאכט עס קלאָר. מיטן „י" דארף מען אויך שרײַבן אלע ווערטער, וואָס מע ביל-דעט אויס פון דידאַזיקע. לעמאָשל:

בארים, בארימסט, בארימענדיק, א בארימער, א בארימטהײַט...

מע דארף שרײַבן מיט א יוד, ניט מיט קײן אײַען אזוינע ווערטער ווי פאָלגנדיקע:

האָמאָנים—א וואָרט מיט פארשיידענע באטײַטן: זי וועט זײַן זײַן ווײַב
סינאָנים—ווערטער מיט ענלעכע באטײַטן: עסן—קײַען—אכלען.
אנאָנים—אָן א כסימע, אָן א נאָמען.
פסעוודאָנים—א צוגעקלערטער נאָמען: שאָלעם-אלײכעם, לענין...

**45.** מיט „—יש" שרײַבט מען נאָר סופיקסן. ניט קײן סופיקסן שרײַבט מען מיט „עש". לעמאָשל:

1. פאר אים איז דאָס זײער טיפיש.
2. ער איז זײער א גרויסער טיפעש.

אין דער ערשטער פראזע האָבן מיר אן אויסגעטײלט וואָרט, וואָס האָט זיך געבילדעט פונעם וואָרצל „טיפ" און פונעם סופיקס „—יש".

אין דער צווײטער פראזע איז דאָס גאנצע אויסגעטײלטע וואָרט אײן וואָרצל קײן סופיקסן איז דאָרטן ניטאָ. דערפאר שרײַבן מיר עס מיט „עש" און ניט מיט „יש".

דעם סופיקס „—יש" רעדט מען ארויס אין פיל קאנטן גאָר ניט אזוי, ווי מע שרײַבט אים. אויב איר זײַט פון אזא קאנט, זאָלט איר זען לײגן באזונדער אכט אף דער אויסשפּראך, אין אפן אויסלײג.

ברענגט וועדטער מיטן דאָזיקן סופיקס און מיט נאָך סופיקסן און כאָזערט זיי איין. לעמאָשל:

יִדיש יִדישע יִדישער יִדישקײט
נאריש נארישע נארישער נארישקײט

**מע דארף שרײַבן:**

טראגיש (טראגעדיע) קאָמיש (קאָמעדיע)

## אופגאבע 7

I. שרײַבט אָן מיט מעגלעכע סופיקסן די ווײַטערדיקע ווערטער.

1. באנק (בענקל), הויז, בעט, ביין (ביינדל), פיש, פוס (פיסל), קאָפּ, נאָז. הונט (הינטל), שטוב (שטיבל).
2. רויט, קרום, בלוי, גרוי, קליין, ברייט, גרויס, דיק, הארט, ווייך, קאלט, הייס, שוואך, שטארק, גוט.
3. זומפּ, טעמפּ, בלוט, שניי, אומעט, מילך, פלייש, ציטער, קויט.
4. שרײַב, קריך, פאל, פאָר, האלט, העלף, הייז, הוסט, פלי, לייען, רו, בוי, קלינג, סקריפּ, טרינק.
5. ווענד, מעלד, גרינד, פעלש, האנדל, אנטפּלעק, באמערק, באדינג, פארקירץ, באגלייט, באפוץ, שטעל.

II. שרײַבט אָן מיט א יוד אָדער מיט אן אײַען אלע ווײַטערדיקע ווערטער.

מאלבוש..ם, פויער..ם, קוינ..ם, סאָכר..ם, דאָקטויר..ם, באָכער..ם, סאָנ..ם, באַ-טלאָנ..ם פריצ..ם, ריינ..ם, שטור..ם, פאָנ..ם טאלמיד..ם, בעז..ם נאראָנ..ם, אָט..ם, וואר..מען, באשט..מען, מעלאמד..ם, פארשוו..מען, שטור..מדיק, אָר..משאפט פענ..מער קוינ..ם, ברונ..ם, (ברונעו).

III. שרײַבט אָן מיט א יוד אָדער מיט אן אײַען אלע ווײַטערדיקע ווערטער.

טערק..ש, כויד..ש, מענער..ש, העלד..ש, פאקט..ש, בעפייר..ש, קינסטלר..ש, פאָליט..ש, מאלב..ש, כאל..ש, באלעבאט..ש, עקאָנאָמ..ש, כיד..ש. בעסמעדר..ש, הענד-לער..ש, פראָלעטאר..ש קאמיוג..ש נעפּ..ש.

IV. שרײַבט אָן מיט מעגלעכע סופיקסן די ווײַטערדיקע ווערטער.

1. ליקווידירן, רעגיסטרירן, קאָאָפּערירן, אינפאָרמירן, עקספּלואטירן, אגיטירן.
2. אָרגאניזירן, ראציאָנאליזירן, אינדוסטריאליזירן, סאָציאליזירן. ספּעציאליזירן

V. בילדעט אויס נאָך ווערטער פון די ווײַטערדיקע וואָרצלען, צוגעבנדיק צו זיי פּרעפיקסן און סופיקסן.

ווײַז, נעם, טרײַב, גיי, טרינק, לאך, טראכט, שטעל, זינג, כאפּ, צייל, טו, רײַס, קום, בעט.

די נײַ-געבילדעטע ווערטער זאָלן באשטיין פון:

1) פּרעפיקס + וואָרצל: אָנווײַז, דערווײַז...
2) וואָרצל + סופיקס: ווײַזער, ווײַזנדיק.
3) פּרעפיקס + וואָרצל + סופיקס: אָנווײַזנדיק ארויסווײַזנדיק...

## 8. צונויפזאץ

**46.** **ריידנדיק פריִער, אינעם 3-טן לימעד וועגן אזוינע ווערטער ווי „ווײַנ-גאָרטן", „ווײַנקעלער"... האָבן מיר באמערקט, אז זיי באשטייען פון צוויי וואָרצ-**

לען. ווערטער, וואָס אנטהאלטן צוויי וואָרצלען, זײַנען אין ייִדיש דאָ זייער אסאך. לעמאָשל:

דער בוכהאלטער זיצט בא א שרײַבטיש

בוך + האלטער — שרייב + טיש

„בוכהאלטער", זעען מיר, איז צונויפגעזעצט פון צוויי ווערטער, און „שרײַבטיש" — — פון צוויי.

**א וואָרט, וואָס אנטהאלט מער ווי איין וואָרצל,**
**הייסט צונויפזאץ**

ס'זײַנען פאראן פיל ווערטער, וואָס איצט פילן מיר שוין ניט קיין צוויי וואָרצלען אין זיי. לעמאָשל:

בוימל (בוים + אייל) — טישטעך (טיש + טוך)
קימפעט (קינד + בעט) — האנטעך (האנט + טוך)
אוירינגל (אויער + רינגל) — טריוואקס (טריף + וואקס)

אין אונדזער שפראך זײַנען דאָ די אלע איינציקע ווערטער (בוים, אייל, קינד, בעט, אויער...), נאָר אין „בוימל", אין „קימפעט" און אין די איבעריקע פילן מיר שוין ניט דעם צווייענדיקן וואָרצל-באשטאנד.

עס זײַנען פאראן אזוינע אמאָליקע צונויפזאצן, וואָס איצט באנוצן מיר אפילע ניט איינציקע זייערע וואָרצלען זעלבשטענדיק. לעמאָשל:

גינגאָלד — מאָלצײַט — גרימצאָרן
שלימאזל — שטיפקינד — טענענבוים

דאָ האָבן זיך צונויפגעזעצט די וואָרצלען

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| גין | שלים | מאָל | שטיף | גרים | טענען (טאנע) |
| גאָלד | מאזל | צײַט | קינד | צאָרן | בוים |

די אונטערשטע זעקס וואָרצלען זײַנען אויך איצט פאראן אין אונדזער לעבעדיקער שפראך אין דעם באטײַט זייערן. די אויבערשטע זעקס וואָרצלען לעבן מער ניט אין ייִדיש אין זייער אמאָליקן באטײַט זעלבשטענדיק. זיי זײַנען פאראן, זיקע זעקס, נאָר אין די צונויפזאצן.*

**47.** ס'זײַנען פאראן פיל ווערטער, וואָס אין אנדערע שפראכן זײַנען זיי צונויפזאצן, אין ייִדיש — ניט. לעמאָשל:

באלעבאָס — סאכאקל
סאמאָוואר — פאָרציגאר

* אָדער אייניקע פון זיי זײַנען פאראן אָבער מיט גאָר אנדערע באטײַטן. לעמאָשל:
1) איך האָב געערדט צוויי מאָל; 2) דער אקטיאָר האָט אראָפּגענומען דעם גרים.

אין יִדיש איז „באַלעבאָס“ איין וואָרט, און עס באַשטייט ניט פון צוויי ווערטער; אָבער אין דער שפּראַך, פונוואַנען דאָס דאָזיקע וואָרט איז גענומען, אין העברעיִש, דאָרטן איז עס פון צוויי ווערטער. אַזוי איז עס אויך מיט „סאַמאָוואַר“ (само+вар), „סאַכאַקל“ און „פּאַרציגאַר“.

דערפאַר דאַרף מען אין יִדיש שרײַבן צוזאַמען אַזוינע ווערטער ווי פאָלגנדיקע:

קלעזמער סאָפקאָלסאָף כעוורעקאַדישע
באַלמעלאָכע לעכאָלאַפּאָכעס יִרעסאַקאָוועד

פאַרגלײַכט די ווײַטערדיקע צונויפזאַצן

איינאַרטיק אַלוועלטלעכע
אייגנאַרטיק אַלטוועלטלעכע

מאַכט זיך קלאָר דעם אונטערשייד פון דעם באַשטאַנד און פונעם באַטײַט בא דידאָזיקע צונויפזאַצן.

48. אָפטמאָל קומט צווישן די צונויפגעזעצטע טיילן א „ס“. לעמאָשל:

שיפסקאַרטע פּאָלקסליד וואָרטסמאַן
שלאַקסרעגן פּאָלקסצײַטונג געבורטסטאָג

אייניקע צונויפזאַצן קומען מ י ט און אָ ן דעם „ס“: אַרבעטסלוין, אַרבעטלוין מע דאַרף אָבער פאַר קיין פאַל ניט האָבן דעם „ס“ אין אַזוינע צונויפזאַצן, ווו עס איז אים שווער אַרויסצורײדן. לעמאָשל:

אַרבעטסדיסציפּלין פּרוכטסגאָרטן

בעסער צו שרײַבן אַזוינע צונויפזאַצן אָנעם „ס“: אַרבעטדיסציפּלין, פּרוכטגאָרטן.

צווישן די טיילן אין א צונויפזאַץ שטעלט מען אָפט אַרײַן א „נ“:

קאַלבנפלייש גענדזנשמאַלץ

באַם צונויפזעצן זיך קומען אייניקע טיילן ווערטער ניט אין איינצאָל נאָר אין מערצאָל. לעמאָשל:

קינדער + היים = קינדערהיים.

דער ערשטער טייל וואָרט איז אין מ ע ר צ אָ ל, דער צווייטער — אין איינצאָל: אַסאַך קינדער, איין היים.

49. אויב א צונויפזאַץ איז זייער גרויס, שרײַבט מען אים ניט אינאיינעם נאָר מיט א בינדצייכן (-). לעמאָשל:

טעקסטיל-פאַבריק ראַטן-אַנשטאַלט פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר
רעפּערטואַר-קריזיס פּאַריין-מיטגלידער ווירונג-באַדינגונגען

שרײַבן צוזאַמען אַזוינע צונויפזאַצן ווי די פריערדיקע — איז ניט באַקוועם, ווײַל לאַנגע ווערטער איז שווערער צו לייענען.

דעם בינדצייכן דאַרף מען אויך שטעלן בא א צווייענדיקן נאָמען:

שיינע-שיינדל לייזער-וואָלף פאַלק-קאַץ
מענאַכעם-מענדל שאָלעם-אַלייכעם קאַמענעץ-פּאָדאָלסק

צווישן א נאָמען און פאמיליע דארף מען ניט קיין בינדצייכן:

שאָלעם ראבינאָוויטש

שאָלעם-יאנקעוו אבראמאָוויטש

דעם בינדצייכן דארף מען ניט צונויפמישן מיטן שטריך — א צייכן, וואָס מע שטעלט בא א געשפרעך און נאָך אין אייניקע פאלן (זעט זײַטן 8—11). דער בינדצייכן (-) איז אסאך קירצער פונעם שטריך (—).

**50.** פארגלײַכט די צוויי ווײַטערדיקע פראזעס.

ווו האָט זיך דער יידישער ארבע-טער אקטיוו באטייליקט אין דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע?

ווו האָט זיך דער יידישער אר-בעטער-אקטיוו באטייליקט אין דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע?

דאָ האָבן מיר צוויי גלײַכע פראזעס מיט איין און דעמזעלבן טעקסט. אָבער דער באטײַט פון די צוויי פראזעס איז גאָר א פארשיידענער, ווײַל פונלינקס איז דאָ א בינדצייכן צווישן „ארבעטער" און „אקטיוו".

אין דער רעכטער פראזע ציט זיך דאָס וואָרט „אקטיוו" צו „באטייליקט". די פראזע פרעגט, ווו האָט דער יידישער ארבעטער זיך אקטיוו באטייליקט אין דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע.

אין דער לינקער פראזע ציט זיך דאָס וואָרט „אקטיוו" צו „ארבעטער". די פראזע פרעגט, ווו האָט דער יידישער ארבעטער-אקטיוו זיך באטייליקט אין דער אָקטיאבער-רעוואָליוציע.

דאָס באווײַזט, וואָס פאר א באטײַט דער בינדצייכן קאָן אמאָל צוגעבן א פראזע, און ווי וויכטיק עס איז צו וויסן, ווען צו שטעלן א בינדצייכן און ווען ניט. דערי-בער וועלן מיר זיך ווײַטער פארנעמען מיט באקענען זיך מיט צונויפזאצן און קלאָר מאכן, ווען מע דארף שטעלן א בינדצייכן.

**51.** א צונויפזאץ קאָן מען דערקענען לויט פאָלגנדע סימאָנים:

I. בא א צונויפזאץ ענדערט זיך אין מערצאָל נאָר דער צווייטער טייל וואָרט.

צונויפזאצן

| איינצאָל | | מערצאָל |
|---|---|---|
| פארטיי-קאָמיטעט | — | פארטיי-קאָמיטעטן |
| זייגער-פאבריק | — | זייגער-פאבריקן |
| פיאָנער-צײַטונג | — | פיאָנער-צײַטונגען |

מיר זעען דאָ, אז עס האָבן זיך אין מערצאָל געענדערט די ווערטער „קאָמיטעט", „פאבריק" און „צײַטונג" — דער צווייטער טייל וואָרט פון די צונויפזאַצן.

דער ע ר ש ט ע ר טייל פון דידאַזיקע צונויפֿזאַצן — „פּאַרטיי“, „זייגער“ און „פּיאַ-נער“ — האָט זיך דאָ אין מערצאָל ניט געענדערט, האגאַם ביכלאל ענדערן זיך אין מערצאָל דידאָזיקע ווערטער (פּאַרטיי — פּאַרטייען, זייגער — זייגערס, פּיאָנער — פּיאָ-נערן).

| |
|---|
| II. צווישן די ט י י ל ן פֿונעם צונויפֿזאַץ קאָן מען ניט אַרײַנשטעלן קיין נײַ וואָרט. |

מ ע ז אָ ג ט :

1) אַן ענערגישער פּאַרטיי-קאָמיטעט,

2) אַ נײַע זייגער-פֿאַבריק,

3) אַ רוסישע פּיאָנער-צײַטונג.

צ י ק אָ ן מ ע ן ז אָ ג ן :

1) אַ פּאַרטיי ענערגישער קאָמיטעט,

2) אַ זייגער נײַע פֿאַבריק,

3) אַ פּיאָנער רוסישע צײַטונג?

אַזוי רעדט מען ניט, אַזוי קאָן מען ניט זאָגן, ווײַל „פּאַרטיי-קאָמיטעט“, זייגער-פֿאַבריק“ און „פּיאָנער-צײַטונג“ זײַנען צונויפֿזאַצן און זיי לאָזן זיך ניט שפּאַלטן.

52. אויסער די צוויי צונויפֿזאַץ-סימאָנים, וואָס מיר האָבן פֿריִער אָנגעוויזן, איז דאָ נאָך איינער. לאָמיר פֿאַרגלײַכן צוויי פֿראַזעס.

1. מע האָט געקויפֿט אַ נײַעם פֿ אַ ב ר י ק - ז י י ג ע ר.

2. מע האָט באַשטעלט אַ גאַנצע פֿ אַ ב ר י ק ז י י ג ע ר ס.

אויב מיר זאָלן אָנווענדן די סימאָנים, וואָס מיר ווייסן שוין, איז קלאָר, אַז אין דער ערשטער פֿראַזע איז „פֿאַבריק-זייגער“ אַ צונויפֿזאַץ; אין דער צווייטער פֿראַזע זײַנען די ווערטער „פֿאַבריק זייגערס“ ניט קיין צונויפֿזאַץ.

לאָמיר זיך איצט צוהערן צו אונדזער אַקצענט; ווו שטעלן מיר דעם טראָפּ, דעם אַקצענט, אין דער ערשטער פֿראַזע, און ווו — אין דער צווייטער.

וויאַזוי רעדט איר אַרויס דאָס וואָרט „פֿאַבריק“?

## פֿאַבריק צי פֿאַבריק?

איר אַקצענטירט דעם ערשטן טייל („פֿאַב“) צי דעם צווייטן טייל („ריק“)? נאַטיר-לעך, אַז **פֿאַבריק** זאָגט מען ניט (מיר ריידן נאָר וועגן ייִדיש-ריידעד), אַלע זאָגן **פֿאַבריק**. מע באַטאָנט דאָ דעם צווייטן טייל וואָרט.

מיטן וואָרט „זייגער“ איז שוין פֿאַרקערט. מע באַטאָנט דעם „זיי“ און ניט דעם „גער“.

הייסט עס, אַז אין די צוויי ווערטער האָבן מיר צ וו י י אַקצענטן — אין „פֿאַב-ריק“ — אויפֿן צווייטן טייל וואָרט, אין „זייגער“ — אויפֿן ערשטן טייל.

אין דער פֿריִערדיקער צ וו י י ט ע ר פֿראַזע האָבן מיר עס טאַקע אַזוי: מיר ריידן אַרויס די ווערטער „פֿאַבריק זייגערס“ מיט צ וו י י אַקצענטן: איין אַקצענט — אויף „פֿאַב-ריק“, און איינער — אויף „זייגערס“.

אנדערש איז מיטן אקצענט אין דער ערשטער פראזע. דאָרטן ריידן מיר ארויס „פאבריק-זייגער" מיט איין אקצענט, ווײַל דאָס איז א צונויפזאץ, און א צונויפזאץ ווי איין וואָרט האָט איין אקצענט.

**53.** פאַרגלײַכט די ווײַטערדיקע רעכטע פראזעס מיט די לינקע.

| צונויפזאצן | ניט קיין צונויפזאצן |
|---|---|
| 1. זי האָט געקויפט א פאָר פאבריק-זאָקן | 1. מע האָט אָנגעארבעט א גאנצע פאבריק זאָקן |
| 2. עס וועט פאָרקומען א קאָנפערענץ פון קלוב-ארבעטערס* | 2. עס האָט זיך צונויפגעקליבן, א פולער קלוב ארבעטערס |

פאַרגלײַכנדיק די רעכטע מיט די לינקע, זעען מיר, אז די רעכטע זײַנען צונויפזאצן, און די לינקע — ניט:

I. אין מערצאָל זײַנען די פראזעס אזוי:

| | |
|---|---|
| 1. זי האָט געקויפט א פאָר פאבריק-זאָקן. | 1. מע האָט אָנגעארבעט גאנצע פאבריקן זאָקן. |
| 2. עס וועט פאָרקומען א קאָנפערענץ פון קלוב-ארבעטערס. | 2. עס האָבן זיך צונויפגעקליבן פולע קלובן ארבעטערס. |

פונרעכטס האָט זיך ניט געענדערט, ווײַל די צונויפזאצן זײַנען לעכאטכילע געווען אין מערצאָל. פונלינקס האָבן זיך אין מערצאָל געענדערט ניט די צווייטע ווערטער, ניט „זאָקן" און „ארבעטערס" (זיי זײַנען אויך געווען לעכאטכילע אין מערצאָל), נאָר עס האָבן זיך געענדערט די פריערדיקע ווערטער „פאבריק" און „קלוב", וואָס פונרעכטס (ווי צונויפזאץ-טיילן) זײַנען זיי געבליבן ניט געענדערט.

II. באם ארײַנשטעלן נײַע ווערטער וועלן די פראזעס ווערן אזוי:

| | |
|---|---|
| 1. זי האָט געקויפט א פאָר זײַדענע פאבריק-זאָקן. | 1. מע האָט אָנגעארבעט א גאנצע פאבריק זײַדענע זאָקן. |
| 2. עס וועט פאָרקומען א קאָנפערענץ פון יידישע קלוב-ארבעטערס. | 2. עס האָט זיך צונויפגעקליבן א פולער קלוב יידישע ארבעטערס. |

פונרעכטס קומען די נײַע ווערטער פאַרן צונויפזאץ, ניט אין אים. פונלינקס קומען די נײַע ווערטער צווישן „פאבריק" און „זאָקן", צווישן „קלוב" און „ארבעטער".

III. פונרעכטס האָבן די דאָזיקע ווערטער צו איין אקצענט, פונלינקס האָבן זיי צו צוויי.

* דאָס וואָרט ארבעטער האָט אין מערצאָל צוויי וואריאנטן: ארבעטער און ארבעטערס. דאָסזעלבע איז מיט אזוינע ווערטער ווי שוסטער, לערער, שטעפער... זיי קומען אין מערצאָל מיט א „ס" און אויך אָן א „ס".

## אויפגאַבע 8.

I. שטעלט אוועק א פאַנאַנדערטייל-צייכן ( I ) צווישן די וואָרצלען (ווערטער) בא יעדן פון די ווײַטערדיקע צונויפזאַצן.

האַקמעסער, צוקערלעקער, רעדלפירער, שטאָטזייגער, קורצזיכטיק, קאָכלעפל, שניט-צײַט, הענגלאָמפּ, שניטקראָם, פּאַפּיראָספּאַפּיר, רעגנבויגן, גוואַלדריס, ראַטנמאַכט, בליצלאָמפּ, בעטגעוואַנט, האָלצהעקער, גוואַלדטאַט, בוזעמקעשענע, גלאָזפּאַפּיר, האַרצקלאַפּעניש.

II. שאַפט צונויפזאַצן פון די ווײַטערדיקע ווערטער.

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| וואַנט | וואַנט | קינדער | זויג | פערד | בריוו |
| צײַטונג | זייגער | גאָרטן | קינד | שטאָל | פּאַרקער |

באַם צונויפזעצן זאָלט איר ניט מאַכן קיין פעלערן· מע דאַרף שרײַבן וואַנטצײַטונג. און ווי רעדט איר ארויס דאָסדאָזיקע וואָרט?

III. שאַפט צונויפזאַצן פון די ווײַטערדיקע ווערטער.

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| ראַט | פרוי | זון | מענטש | גאַס |
| מאַכט | פיגור | שטראַל | פליש | קינד |

IV. שטעלט דעם בינדצייכן דאָרטן, וווּ ס'איז א צונויפזאַץ אָדער א צווייענ-דיקער נאָמען.

1) הײַנט וועט זײַן א פאַרטיי פאַרזאַמלונג. 2) עסטער ראָכל קומט הײַנט צו פאָרן. 3) עסטער ראָכלס איז נאָך ניט געקומען. 4) מע האָט אויסגעבויט א נײַעם אַרבעטער קלוב. 5) איך האָב געלייענט „מענאַכעם מענדל" שאָלעם אליכעמס. 6) מע דאַרף דאָס טאָן איינינעם מיטן אַרבעטער אַקטיוו. 7) דער יִדישער טעאַטער לײַדט פון רעפּערטואַר קריזיס. 8) מע האָט געעפנט א נײַע קינדער שול און אָוונט קורסן פאַר אַרבעטער 9) דער אַרבעטער-קלאַס מוז אין זײַן פּראָלעטאַריש לאַנד העכערן די אַרבעט פּראָדוקטיווקײַט. 10) אין קאַמענעץ פּאָדאָלסקער קרײַז האָבן זיך געבילדעט ערד-געזעל-שאַפטן.

V. שטעלט דעם בינדצייכן דאָרטן, וווּ ס'איז א צונויפזאַץ אָדער א צווייענדי-קער נאָמען.

1) מאָרגן וועט פאָרקומען א ראַיאָן מיטינג. 2) מאָרגן וועט פאָרקומען א ראַיאָנער מיטינג. 3) לייזער וואָלף דער קאַצעוו שאַדכנט זיך צו איר. 4) לייזער וואָלפס ווײַל זי נעמען פאַר א ווײַב. 5) אפן הימל ווײַזן זיך שטיקלעך וואָלקן. 6) זיי האָבן אליין געזען יאַם מענטשן בא קאָמעדיאַנטן. 7) אונדזערע לייבן פיטערן זיך דאָרטן באַם ברעג וואַלד. 8) די לעצטע יאָרן איז ער געוועזן מער באַוווּסט אין די שרײַבער קרײַזן. 9) איינמאָל האָב איך פאַרבלאָנדזשעט מיטן קרוג וואַסער צו אונדזער שכײנע פעסיע. 10) דאָס פאַרטיי קאָמערל רופט צונויף אן אָפענע פאַרטיי פאַרזאַמלונג.

VI. דערקלערט, פאַרוואָס זײַנען די ווערטער די גרויס-בורזשואַזיע, די קליין-בורזשואַזיע — צונויפזאַצן, און די גרויסע בורזשואַזיע, די קליינע בורזשואַזיע — ניט קיין צונויפזאַצן.

VII. בילדעט צונויפזאַצן פון די ווײַטערדיקע ווערטער.

| | | | |
|---|---|---|---|
| פאַרטייִשער | **ראַיאָנע** | שטאָטישער | אָנפירנדיקע |
| קאָמיטעט | **פאַרזאַמלונג** | גאָרטן | אָרגאַניזאַציעס |

## 9. צונויפֿזאַץ. באַטײַט און אויסלייג.

54. פֿאַרגלײַכט די ווײַטערדיקע צונויפֿזאַצן.

1. מע קלײַבט זיך בויען אַ ז ײ ג ע ר - פֿ אַ ב ר י ק.
2. עס האָט שוין געקלונגען דער פֿ אַ ב ר י ק - ז ײ ג ע ר.

ביידע צונויפֿזאַצן באַשטייען פֿון צוויי אַלציינע טיילן נאָר אין אַ פֿאַרקערטן סײ-דער. דער באַטײַט אָבער איז גאָר אַ פֿאַרשיידענער בײַ דידאָזיקע צוויי צונויפֿזאַצן. אין דער ערשטער פֿראַזע רעדט זיך וועגן אַ געוויסן טיפּ פֿון אַ פֿ אַ ב ר י ק, און אין דער צווייטער — וועגן אַ געוויסן טיפּ ז ײ ג ע ר.

| |
|---|
| דער וויכטיקסטער באַטײַט-טייל אין אַ צונויפֿזאַץ איז דער צווייטער. |

קוקט זיך צו צום באַטײַט פֿון אַלע ווײַטערדיקע צונויפֿזאַצן.

| ז ײ ג ע ר ס: | מ י ל ן: | ל אָ מ פּ ן: |
|---|---|---|
| וועקזייגער | פֿערדמיל | טישלאָמפּ |
| טאַשנזייגער | ווינטמיל | גאַסלאָמפּ |
| שטאָטזייגער | שטאָטמיל | גאַזלאָמפּ |
| וואַנטזייער | דאַמפּמיל | בליצלאָמפּ |
| האַנטזייגער | נאַפּטמיל | נאַכטלאָמפּ |
| פֿאַבריקזייגער | וואַסערמיל | הענגלאָמפּ |

אַ רעוואָלוציע-מוזיי — אַ מוזיי פֿון דער רעוואָלוציע
אַ מוזיי-רעוואָלוציע — אַ רעוואָלוציע אין מוזיי-אַרבעט
אַ רעוואָלוציע-טעאַטער — אַ טעאַטער פֿון דער רעוואָלוציע
אַ טעאַטער-רעוואָלוציע — אַ רעוואָלוציע אין טעאַטער-אַרבעט
אַ צײַטונג-אַרבעטער — אַן אַרבעטער פֿון (אין) אַ צײַטונג
אַן אַרבעטער-צײַטונג — אַ צײַטונג פֿאַר אַרבעטער (אַרבעטער-אינטערעסן)

דאָ זעען מיר אומעטום, אַז דער צ ו ו י י ט ע ר טייל (וואָרצל, וואָרט) פֿונעם צו-נויפֿזאַץ איז דער וויכטיקסטער פֿאַרן באַטײַט*.

מאַכט זיך קלאָר, וואָס פֿאַר אַ ראָליע שפּילט דאָ אומעטום דער ערשטער טייל פֿונעם צונויפֿזאַץ.

וואָס איז דער אונטערשייד פֿון אַ ו ו ײַ ס ב ל ו י ע ר פֿאָן ביז אַ ב ל ו י ו ו ײַ ס ע ר? פֿון אַ ה ע ל ג ר י נ ע ם מאַנטל ביז אַ ג ר י נ ה ע ל ן?

ווען ענדערט זיך מער דער באַטײַט פֿונעם צונויפֿזאַץ בײַם איבערשטעלן זײַנע טיילן:

בײַ אַזוינע ווערטער ווי ווײַסבלויע, גרינהעלער, סאָציאַל-עקאָנאָמישע...

צי בײַ אַזוינע ווי פֿאַבריקזייגער, אַרבעטערקלאַס, פּאַרטיי-גאַס..?

* אין אייניקע קאַנטן זאָגט מען צ ו ק ע ר ק אַ נ ד ל. און אין אייניקע — קאַנדלצוקער.

55. אָפּט באַנוצט מען זיך מיט צווייענדיקע צונויפזאַצן. לעמאָשל:
1) לײַ-און שפּאָר-קאַסעס.
2) פּויערים-און אַרבעטער-דעפּוטאַטן.

קוקט זיך צו, ווי עס שטייט דער בינדצייכן אין אַזוינע צונויפזאַצן. אַזוינע צונויפזאַצן ווי די פריערדיקע—פאַרשפּאָרן איבעריקע ווערטער. פאַרגלײַכט לעמאָשל די צוויי צונויפזאַצן:
1. אַן אינסטיטוט פאַר געשיכטע-און שפּראַך-פאָרשונג.
2. אַן אינסטיטוט פאַר געשיכטע-פאָרשונג און שפּראַך-פאָרשונג.

דער ערשטער צונויפזאַץ איז נאַטירלעך בעסער פונעם צווייטן: ער איז אי קירצער (שפּאָרעוודיקער), אי קלינגעוודיקער (ניט איינטאָניק).

עס טרעפן אַמאָל אויך דרײַענדיקע צונויפזאַצן. לעמאָשל:
„צעריסן פון די נײַע קלאַסן-סטירעס, האָט די יידישע בורזשואַזיע און קליינ-בורזשואַזיע זיך פאַרפּלאָנטערט אין אָפּגאַנג-איבערגאַנג-און אופגאַנג-שטימונגען.“ (כּאַשין)

56. פאַרגלײַכט דאָס ווײַטערדיקע.
1. פּויערים-און אַרבעטער-דעפּוטאַטן.
2. פּויערישע און אַרבעטער-דעפּוטאַטן.

אין דער ערשטער שורע האָבן מיר אַ צווייענדיקן צונויפזאַץ:
פּויערים-און אַרבעטער-דעפּוטאַטן



דאָס וואָרט „דעפּוטאַטן“ איז צונויפגעזעצט אי מיט „פּויערים“, אי מיט „אַרבעטער“. אויב מע וואָלט ניט געשפּאָרט, וואָלט מען געזאָגט:
פּויערים-דעפּוטאַטן און אַרבעטער-דעפּוטאַטן.

אין דער צווייטער נומערירטער שורע האָבן מיר בלויז איין איינציקן צונויפזאַץ, ווײַל דאָס וואָרט „דעפּוטאַטן“ געהערט דאָרטן נאָר צו „אַרבעטער“. צו „פּויערישע“ קאָן עס ניט געהערן, ווײַל:
1. צווישן „פּויערישע“ און „דעפּוטאַטן“ קאָן מען אַרײַנשטעלן נאָך אַ וואָרט:
פּויערישע יונגע דעפּוטאַטן.
2. אין מערצאָל ענדערט זיך ניט נאָר „דעפּוטאַט“ נאָר אויך „פּויערישער“:
פּויערישער דעפּוטאַט — פּויערישע דעפּוטאַטן.
3. דער אַקצענט איז אי אויף „פּויערישע“, אי אויף „דעפּוטאַטן“.

דאָס הייסט, עס זײַנען ניטאָ די אַלע סימאָנים, וואָס אַ צונויפזאַץ האָט. דעריבער איז עס דאָ אַן איינציקער צונויפזאַץ. אויב מע מיינט אַ צווייענדיקן, דאַרף מען שרײַבן ניט פּויערישע און אַרבעטער-דעפּוטאַטן נאָר פּויערים-און אַרבעטער-דעפּוטאַטן.*

* אָדער: פּויערישע און אַרבעטערשע דעפּוטאַטן — ניט קיין צונויפזאַץ.

פאַרגלײַכט די װײַטערדיקע צונויפֿזאַצן

1. אַ קרײַזישער און ראַיאָן-צוזאַמענפֿאָר
2. אַ קרײַזישער ראַטן-צוזאַמענפֿאָר.

אינעם 1-טן פֿאַל האָבן מיר דאָסזעלבע, װאָס מיר האָבן ערשט פֿאַנאַנדערגע-קליבן, און װאָס מיר האָבן אָנגעװיזן, אַז אַזױ דאַרף מען ניט שרײַבן. מע דאַרף עס שרײַבן װי אַ צװײיענדיקן צונויפֿזאַץ:

א ק ר ײַ ז - א ו ן ר א י אָ ן - צ ו ז א מ ע נ פ אָ ר,

אָדער װי גאָר ניט קײן צונויפֿזאַץ. לעמאָשל:

א ק ר ײַ ז י ש ע ר א ו ן ר א י אָ נ ע ר צ ו ז א מ ע נ פ אָ ר

אינעם 2-טן פֿאַל איז אָנגעשריבן ריכטיק. דאָרטן איז דאָ אַ צונויפֿזאַץ „ראַטן-צוזאַמענפֿאָר", װאָס ציט צו זיך דאָס װאָרט „קרײַזישער". דאָסדאָזיקע װאָרט כאַ-ראַקטעריזירט דאָס גאַנצע װאָרט (צונויפֿזאַץ) „ראַטן-צוזאַמענפֿאָר".

פֿאַרגלײַכט די װײַטערדיקע צונויפֿזאַצן.

1. אַרבעטער-און פּויערים-דעלעגאַטן.
2. אַן אַרבעטער-פּויערשע דעלעגאַציע.

װעגן ע ר ש ט ן פֿאַל האָבן מיר שױן גענוג גערעדט; מיר װײסן שױן, אַז ס'איז אַ צװײיענדיקער צונויפֿזאַץ. אינעם צ װ ײ ט ן פֿאַל איז אַן אײנציקער צונויפֿזאַץ — „אַרבעטער-פּויערשע". דעריבער דאַרף זײַן אַ בינדצײכן נאָר צװישן „אַרבעטער" און „פּויערשע".

[קאָנטראָלירט, פֿאַרװאָס איז „אַרבעטער-פּויערשע" אַ צונויפֿזאַץ.]

**57.** מע דאַרף אױסמײַדן צו באַנוצן אַזױנע קאָמפּליצירטע צונויפֿזאַצן װי פֿאָלגנ-דיקע:

1. אָקטיאַבער-רעװאָלוציע-אינטערעסן.
2. פֿרױען-דעלעגאַטקעס-קאָנפֿערענץ.

זײ זײַנען זײער לאַנג, דידאָזיקע צונויפֿזאַצן, ס'איז זײ שװערלעך אַרױסצורײדן. בע-סער צו זאָגן און שרײַבן אַזױ:

1. די אינטערעסן פֿון דער אָקטיאַבער-רעװאָלוציע.
2. אַ קאָנפֿערענץ פֿון פֿרױען-דעלעגאַטקעס.

מע קאָן אָבער צונױפֿזעצן אַזױנס:

פֿישפֿאַנג-אַרטעל　　　　בוכהאַלטער-קורסן

דאָ האָבן מיר אײגנטלעך א ו י ך צו דרײַ װאָרצלען. נאָר די װערטער זײַנען ניט קײן גרױסע, דעריבער זײַנען זײ ניט שװער פֿאַר אַרױסצורײדן.

**58.** ס'זײַנען דאָ אױך אַזױנע טיפּן צונױפֿזאַצן (קירצונגען):

1. געזערד, קאָמערד, רעװטריבונאַל, קאָמיוגנט...
2. געזקולט, גובקאָם, אַרבפּאַק, אַרבקאָר...
3. צעקאַ, מעשקאַ, צעבע, טעענבע...
4. צעקאַ-באַשלוס, נעפּמאַן, אַרבקאָרן-צײַטונג, געזערד-צוזאַמענפֿאָר...

אין דער ערשטער שורע איז צונויפגעזעצט א האלב וואָרט „געז" (עלשאפּט) מיט א גאנצעס: געז (עלשאפּט) + ערד.

אין דער צווייטער שורע זײַנען צונויפגעזעצט צוויי האלבע ווערטער: „געז" (עלשאפּט) + „קולט" (ור).

אין דער דריטער שורע זײַנען פאראייניקט בלויז די ערשטע אויסיעס (קלאנגען) פון די ווערטער: „צע" (נטראל,-נטראלער) „קאָ" (מיטעט).*

אין דער פערטער האָבן מיר א געמישטן טיפּ: א וואָרט, וואָס איז אויסגע-בילדעט לויט איינעם פון די דרײַ טיפּן, פאראייניקט זיך מיט א גאנץ וואָרט, און עס שאפט זיך א נײַער צונויפזאץ.

פון דידאָזיקע טיפּן צונויפזאצן זײַנען פאראן אזוינע, וואָס האָבן אן אָרטיקן באטײַט, דאָס הייסט, אזוינע, וואָס נאָר אין א געוויס אָרט פארשטייט מען זיי. דע-ריבער דארף מען באזונדערס אין שרײַבן זײַן זייער פּאָרזיכטיק מיט ברענגען אזוינע צונויפזאצן (און פארקירצונגען בּיכלאל), וואָס זײַנען ניט גענוג אלעמען באוווסט**

פון די אלע צונויפזאצן און אויך גון די פאָריקע קאָן מען שאפן ווידער נײַע ווערטער מיט דער הילף פון פּרעפיקסן און סופיקסן. לעמאָשל:

געזערדישע, צעקיסט, צעקיסטישע, נעפּמאנישע, נעפּמאנשאפט.

**59.** מע דארף נאָך אויסטיילן אזא טיפּ צונויפזאץ ווי פאָלגנדיקער:

| | |
|---|---|
| טאטע-מאמע | גאָפּל-מעסער |
| שער-און-אײַזן | האלדז-און-נאקן |

באם דאָזיקן טיפּ צונויפזאץ זײַנען ביידע טיילן גלײַכבאטײַטיק. אויב מע זאָל דאָ איבערשטעלן און זאָגן מאמע-טאטע אָדער מעסער-גאָפּל, וועט זיך דער באַ-טײַט ניט ענדערן (אונדז קלינגט עס נאָר אביסל אומגעוויינטלעך). אָבער ווי גרויס דער כילעק איז אינעם באטײַט פון זייגער-פאבריק און פאבריק-זייגער, — האָבן מיר געזען.

דעם בינדצייכן שטעלט מען בא אזוינע צונויפזאצן סײַ דאן, ווען זיי זײַנען אָנעם „און", אזוי אויך, ווען דער „און" איז דאָ.

הערט זיך צו צו אײַער אקצענט באם ארויסריידן דידאָזיקע צונויפזאצן און פאר-גלײַכט אים מיטן אקצענט בא אלע פריערדיקע צונויפזאצן.

---

* מע זאָגט „צעקא", ניט „צעקאָ". ווײַל מע ברענגט ניט די ערשטע קלאנגען נאָר די ערשטע אויסיעס, און מע רופט זיי אָן אזוי, ווי זיי הייסן, דידאָזיקע אויסיעס, אין דער מעריכײַט אייראָפּעישע שפּראכן.

מע שרײַבט אי „צעקא", אי „צ. ק."

מע דארף ניט צונויפמישן דידאָזיקע טיפּן צונויפזאצן מיט קירצן ווערטער אין שרײַבן. לעמאָשל:

ד. ה. — דאָס הייסט

א. א. וו. — און אזוי ווײַטער.

דידאָזיקע קירצונג קומט פאָר נאָר אין שרײַבן; אין ריידן איז זי ניטאָ: קיינער זאָגט ניט „דעהע". אָבער „צעקא", „טשעקא" זײַנען אָנגענומענע ווערטער אויך אין דער רייד.

** דשיקער האָט עס א שײַכעס צום 3-טן טיפּ צונויפזאצן.

60. האנטעך
אָרעמאַן

דאָס זײַנען צונויפֿזאַצן, וואָס איצט פֿילן מיר שוין ניט, אַז זיי זײַנען צונויפֿגעזעצט פֿון צוויי ווערטער. מיר האָבן דאָס שוין פֿאַרגעסן. מיר שרײַבן „האַנטעך" מיט איין „ט" און „אָרעמאַן" מיט איין „מ".

אַנדערש איז אָבער מיט נײַע צונויפֿזאַצן, ווו מיר פֿילן נאָך ביידע וואָרצלען אינעם וואָרט. אין אַזאַ צונויפֿזאַץ, ווען עס באַגעגענען זיך אַ ל צ ײ נ ע אויסיעס, דאַרף מען שטעלן ביידע. לעמאָשל:

| | | |
|---|---|---|
| הויפּטטייל | אַרבעטערראַט | גאַזזאַוואָד |
| יאַממענטש | באַנקקוועטשער | טאַנצצימער |

בעסער איז צו שרײַבן אַזוינע צונויפֿזאַצן מיט אַ בינדצייכן:

| | |
|---|---|
| הויפּט-טייל | אַרבעטער-ראַט |
| יאַם-מענטש | באַנק-קוועטשער |

מיט איין „ט" שרײַבט מען אַזוינע צונויפֿזאַצן ווי „זעלבסטעטיקײַט", „זעלבסטעטיקע"... (זעלבסט + טעטיקײַט).

אין אַזוינע צונויפֿזאַצן ווי די ווײַטערדיקע דאַרף מען געדענקען צו שרײַבן אויך די אויסיעס, וואָס אין ריידן הערט מען זיי ניט.

| | | | |
|---|---|---|---|
| פּרוּװפֿעלד | בינדצייכן | פֿעסטשטעלן | שטאַנדפּונקט |
| געזונטצושטאַנד | ליידיקגייער | הײַנטצײַטיק | בלוטדאָרשטיק * |

מע מעג שרײַבן „זעלבשטענדיק" (זעלבסט + שטענדיק).

61. אין אַזוינע צונויפֿזאַצן ווי די ווײַטערדיקע דאַרף מען אָפּהיטן דעם שטומען א:

| | |
|---|---|
| אויבעראיטאַליע | שלאָגאָופּגאַבע |
| אַנטיאימפּעריאַליסטיש | לײַבאייגנטימער |

אַזוינע ווי די צוויי ווערטער פֿונלינקס איז בעסער צו שרײַבן מיט אַ בינדצייכן.

| | |
|---|---|
| שלאָג-אָפּגאַבע | האַלב-אינדזל |
| לײַב-אייגנטימער | קליין-אינדוסטריע |

מע דאַרף אויך שרײַבן אינײנעם (מיט אַ שטומען א) אָדער מיט אַ בינדצייכן אַזוינע ווערטער ווי פֿאָלגנדע:

| | |
|---|---|
| גאַסאוילעם | גאַס-אוילעם |
| קלובאוילעם | קלוב-אוילעם** |

אָבער „בעסוילעם" איז אָן אַ שטומען א: אין יידיש איז עס ניט קיין צונויפֿזאַץ. פֿאַרגלײַכט דעם אַקצענט אין די ווערטער „גאַס-אוילעם" און „קלוב-אוילעם" מיטן אַקצענט אין „בעסוילעם".

---

* אָבער מע דאַרף שרײַבן ווײַמפּערלעך. דאָס איז אַן אַלטער צונויפֿזאַץ פֿון „ווײַן" + „פּערלעך" (פּערל).

** מיטן בינדצייכן איז, דוכט זיך, אײַנגענעמער פֿאַרן אויג.

62.

| שרײַבט בעסער: | אָנשטאָט: |
|---|---|
| אופּבלי-פּעריִאָד | אופּבליִונג-פּעריִאָד |
| צוגרייט-קורס | צוגרייטונגס-קורס |
| רעווידיר-קאָמיסיע | רעוויזיִאָנס-קאָמיסיע |
| אויספאָרש-אַנשטאַלט | אויספאָרשונג-אַנשטאַלט |
| אינדוסטריִאַליזיר-פּראָצעס | אינדוסטריִאַליזירונג-פּראָצעס |

קלײַבט צו נאָך צונויפזאַצן, ווו מע קאָן אָפּשאַפן באַם ערשטן אָדער באַם צווייטן טייל וואָרט דעם סופיקס — „ונג" אָדער אַנדערע סופיקסן, און דער באַטײַט פונעם צונויפזאַץ זאָל זײַן דערזעלבער. לעמאָשל:

צוגרייטונג-אַרבעט — צוגרייט-אַרבעט
באַשטײַערונג-קאָמיסיע — באַשטײַער-קאָמיסיע

וואָסער צונויפזאַץ איז שפּאָרעוודיקער און באַקוועמער:

רעגיסטראַציִאָנס-טיש צי רעגיסטריר-טיש?

ווי מיינט איר, מע קאָן אָנשטאָט פאַרזאַמלונג-באַשלוס זאָגן פאַרזאַמל-באַשלוס?

## אופגאַבע 9

I. קלײַבט צו פּאַסנדע פּראַזעס צו די ווײַטערדיקע צונויפזאַצן.

שול-קינדער, א קינדער-שול, פאַבריק-שיך, א שוך-פאַבריק, עפּל-קוואַס (צו טרינקען), קוואַס-עפּל (צו עסן).

לעמאָשל: שול-קינדער קעמפן מיט זייערע פרומע טאַטעס.

II. שאַפט צונויפזאַצן פון די ווײַטערדיקע ווערטער.

פאַבריק. זאָקן. געשעפט. ביכער. אַלמער. שפּיצן. ביימער. טיש. גאַס. פּאַרטיי. וואַלד. שטוב. הענדלער. שיך. שול. אַרבעטער. לאָמפּ. קרײַז. טיר. אָנפירער.

לעמאָשל: פאַבריק-זאָקן, זאָקן-געשעפט, פאַבריק-געשעפט, פאַבריק-ביכער...

III. שאַפט צונויפזאַצן אָנשטאָט דעם ווײַטערדיקן.

1) אַן אייגנטום, וואָס געהערט פּריוואַטע פּערזאָנען. 2). אַן אַפּאַראַט, וואָס פאַרנעמט זיך מיט קאָלאָניזירן. 3) א צימער, ווו מע רעגיסטרירט. 4) א באַראַטונג, וואָס טראַכט וועגן דער פּראָדוקציע. 5) א קאָמיסיע, וואָס פאַרנעמט זיך מיט אויספאָרשן.

לעמאָשל: 1) פּריוואַט-אייגנטום.

IV. בעסערט אויס אַלע ווײַטערדיקע צונויפזאַצן.

1) פּאַרטיי-אַקטיוו-פאַרזאַמלונג. 2) אַרבעטער-דעלעגאַטן-קאָנפערענץ. 3) טראַנספּאָרט-אווטאָמאָבילן-זאַוואָד.

1) פּאַרטייִשע און פאַריין-קאָמיטעטן. 2) שטאָטישע און קרײַז-קאָנפערענצן. 3) היסטאָרישער און געאָגראַפיע-קאַבינעטן.

V. שטעלט דעם בינדצייכן בא די ווײַטערדיקע צונויפזאַצן אָדער שרײַבט זיי אָן צוזאַמען, אויב זיי זײַנען ניט קיין גרויסע.

1. דער פּרעזידיום פונעם צעקא פון מעטאַליסטן פאַריין האָט אויסגעהערט פאָרטראַגן וועגן דער איבערוואַל קאַמפּאַניע אין אוראַל, אוקראַינע, לענינגראַד, טולע,

מאָסקווע און א ריי אנדערע ראַיאָנען. די באריכט און וואל פארזאמלונגען האָט מען אומעטום זייער גוט באזוכט. די מעטאַליסטן האָבן היינטיקס יאָר צום ערשטן מאָל געשיקט ארבעטער בריגאדעס אין דאָרף פאר דער איבערוואל קאמפאניע.

דער הויפט פעלער פון דער איבערוואל קאמפאניע איז באשטאנען דערין, וואָס אין איר האָבן זיך שוואך באטייליקט די ארבעטערנס און די נאצמינדערהייטן. גאָר אקטיוו האָבן זיך באטייליקט אין איבערוויילן די ראטן די בארג ארבעטער.

2. די פארזאמלונג פון די מיטגלידער פונעם מעטאַליסטן פאריין, וואָס ארבעטן אפן טורבינען זאוואָד פון דער אלגעמיינער עלעקטריע קאָמפאניע אין בערלין, האָט איינשטימיק אָנגענומען א רעזאָליוציע וועגן צוגרייטן א שטרייק אף די אונטערנעמונגען פון דער בערלינער מעטאל אינדוסטריע. די רעזאָליוציע לייגט פאָר אויסצוקלייבן שטרייק קאָמיטעטן אף אלע בערלינער אונטערנעמונגען פון דער מעטאל אינדוסטריע. מע רופט אויך אלע ארבעטער צו באטייליקן זיך אין דער דעמאָנסטראציע פונעם 1-טן מיי. אזא רעזאָליוציע האָט אויך אָנגענומען דער מיטינג, וואָס די קאָמפארטיי, קאָמיוג און רויטער פראָנטאָוויקעס פאריין האָבן צונויפגערופן.

## 10. פערזאָניקער ווערב

63. פאַרגלײַכט די ווײַטערדיקע רעכטע פראזעס מיט די לינקע.

1. איך גיי הײַנט אין קלוב.
2. הײַנט גיי איך אין קלוב.
3. גיי איך הײַנט אין קלוב.
4. אין קלוב גיי איך הײַנט.
5. איך גיי אין קלוב הײַנט.

1. איך גיי אין הײַנט קלוב.
2. הײַנט איך קלוב אין גיי.
3. גיי איך קלוב הײַנט אין.
4. אין קלוב איך הײַנט גיי.
5. אין גיי הײַנט איך קלוב.

פונדערכטס האָבן מיר פינף אויפאַנים פון ארויסשטעלן דיזעלבע ווערטער אין אַ פאַרשיידענעם סיידער. יעדער אויפן פון דידאָזיקע פינף איז ריכטיק. עס ווענדט זיך נאָר אָן דעם געדאַנק, אָן דעם אַקצענט און אָן די באַדינגונגען: וועןאָר וואָס מע וויל באַטאָנען, אַזאַ סיידער וועט מען אויסקלײַבן.

אויף פונלינקס האָבן מיר פינף אויפאַנים פון אויסשטעלן דיזעלבע ווערטער אין אַ פאַרשיידענעם סיידער. אָבער יעדער אויפן פון דידאָזיקע פינף איז ניט ריכטיק: אַזוי רעדט מען ניט אַף ייִדיש.

דאָס באַווײַזט, אַז דער סיידער פון ווערטער אין אַ פראַזע איז ניט צופעליק, איז אַף אַ געוויסן אויפן אָרגאַניזירט.

אויסער סיידער פון די ווערטער זײַנען פאַראַן נאָך פיל דערשײַנונגען, וואָס ווײַזן, אַז ווערטער קומען אין אַ פראַזע אָרגאַניזירטערהייט. לעמאָשל:

1. איך גיי הײַנט אין קלוב.
2. מיר גייען הײַנט אין קלוב.

מיר האָבן געענדערט אַ וואָרט פון דער ערשטער פראַזע: אָנשטאָט „איך" האָבן מיר אין דער צווייטער פראַזע אָנגעשריבן „מיר", איז שוין אויך פון „גיי" געוואָר-„גייען". די איבעריקע דרײַ ווערטער זײַנען איןביידע פראַזעס אַלצייינס. דאָס באַ-ווײַזט:

1) ס'זײַנען דאָ ווערטער אין אַ פראַזע, וואָס הענגען אָפּ איינע פון די אַנדערע (איך גיי — מיר גייען).

2) ס'זײַנען דאָ ווערטער, וואָס הענגען ניט אָפּ איינע פון די אַנדערע (הײַנט אין קלוב).

**64.** ווערטער-אָפּהענגיקייטן זײַנען דאָ פאַרשיידענע. לעמאָשל:

1. א מאַן ליגט און שלאָפט



2. מענער ליגן און שלאָפן



אויב א מאַן (אין איינצאָל), איז ליגט און שלאָפט.
אויב מענער (אין מערצאָל), איז ליגן און שלאָפן.
דאָ האָבן מיר געהאַט אַן אָפּהענגיקייט לויט דער צאָל.
און ס'זײַנען דאָ ווערטער, וואָס הענגען אָפּ פון דער צאָל און פון דעם מין (אַן „ער" צי א „זי"). לעמאָשל:

צאָל
אַן אַלטער מאַן

אַלטע מענער

מין
אַן אַלטער מאַן

אַן אַלטע פרוי

אויב א מאַן (איינצאָל), איז אַן אַלטער; אויב מענער (מערצאָל), איז אַלטע. דאָס איז אַן אָפּהענגיקייט לויט דער צאָל.
אויב א מאַן (ער), איז אַן אַלטער; אויב א פרוי (זי), איז אַן אַלטע. דאָס איז אַן אָפּהענגיקייט לויטן מין.

**65.** קוקט זיך צו צו דער ווײַטערדיקער ווערטער-אָפּהענגיקייט.

| | |
|---|---|
| 1. איך | שרײַב |
| 2. דו | שרײַב — סט |
| 3. ער | שרײַב — ט * |
| 4. מיר | שרײַב — ן |
| 5. איר | שרײַב — ט |
| 6. זיי | שרײַב — ן |

צי קאָן מען אַנדערש זאָגן? צי קאָן מען זאָגן „איך שרײַבסט", „דו שרײַבט", „ער שרײַבן"? ס'פאַרשטייט זיך, אַז אַזוי קאָן מען ניט זאָגן, ווײַל אַזוי רעדט מען ניט אָף ייִדיש. דאָס באַווײַזט, אַז די זעקס פריִערדיקע ווערטער פונ-לינקס הענגען אָפּ פון די זעקס ווערטער פונרעכטס.

די זעקס ווערטער פונלינקס אונטערשיידן זיך איינס פונעם אַנדערן מיט זייערע סופיקסן. לויטן סופיקס קאָן מען אַמאָל וויסן, וואָס פאַר א פערזאָן דאָס וואָרט באַצייכנט. לעמאָשל:

1. שטייסט ווידער איצט שלאַנק, ווי א ייִנגל (כאַריק)
2. דו שטייסט ווידער איצט שלאַנק ווי א ייִנגל

* אַזאַ פאָרמע ווי שרײַבט, לערנט, לויפט... קומט אויך בא די ווערטער זי, עס, מע.

די פּריִערדיקע זעקס פאָרמעס הייסן פּערזאָנפאָרמעס, ווײַל די פאָרמעס הענגען אָפּ פֿון פּערזאָנען *. די פּערזאָנפאָרמעס באַצייכנט מען אַף אזא אויפן:

| | איינצאָל | | מערצאָל | |
|---|---|---|---|---|
| | פּערזאָן | פּערזאָנפאָרמע | פּערזאָן | פּערזאָנפאָרמע |
| I-טע . . . . . | איך | שרײַב ** | מיר | שרײַב — ן |
| II-טע . . . . . | דו | שרײַב — סט | איר | שרײַב — ט |
| III-טע . . . . | ער | שרײַב — ט | זיי | שרײַב — ן |

דאָ זעען מיר דרײַ פּערזאָנפאָרמעס פון איינצאָל און דרײַ פֿון מערצאָל — צוזאַמען זעקס פּערזאָנפאָרמעס.

66. קוקט זיך צו צו אלע אויסגעטיילטע ווערטער. דאָס זײַנען אלץ ווערטער, וואָס האָבן פּערזאָנפאָרמעס.

שאט, מיר פאָרן קיין אמעריקע! ווו איז אמעריקע? — ווייס איך ניט, איך ווייס נאָר, אז ס׳איז ווײַט, שרעקלעך ווײַט. מע דארף אהין פאָרן אזוי לאנג, ביז מע קומט. און אז מע קומט, איז פאראן א „קעסטל-גארטל”. דאָרט אין „קעסטל-גארטל” טוט מען אײַך אויס נאקעט, און מע קוקט אײַך אין די אויגן. האָט איר געזונטע אויגן, איז גוט — עלע ניט, פאָרט, זײַט מויכל, צוריק! דאכט זיך, איך האָב געזונטע אויגן. זעט איר, מיט מײַן מאמען איז ניט פריילעך, אזוי זאָגט מײַן ברודער עליע. ווער איז שולדיק, אז טאָג ווי נאכט וויינט זי. זינט דער טאטע איז געשטאָרבן, האָט זי נאָך גאָרניט אופגעהערט צו וויינען.

— אום גאָטעס ווילן! דו האָסט קיין ראכמאָנעס ניט אף אונדז! איבער דיר ווועלן מיר כאָלילע אלע דארפן פאָרן צוריק!

אזוי טײַנעט מיט איר מײַן ברודער עליע, און זי ענטפערט אים:

— נאריש קינד וואָס דו ביסט! איך וויין דען? עס וויינט זיך אליין, אָן מיר!.. (שאָלעם-אליי‍כעם)

**א וואָרט, וואָס האָט פּערזאָנפאָרמעס,**
**הייסט פּערזאָניקער ווערב. *****

* דאָס הייסט אָבער ניט, אז ווערטער מיט אזעלכע פאָרמעס קומען נאָר בא פּערזאָנען, בא מענטשן. זיי קאָנען קומען אויך ניט בא מענטשן. לעמאָשל: מוישע שטייט, א הונט שטייט, א טיש שטייט...

** דידאָזיקע פאָרמע האָט ניט קיין פּערזאָנפאָרמעדיקן סופיקס, דערפאר הייסט זי נול-פאָרמע.

*** אין דער ערשטער אויסגאבע פון אונדזער גראמאטיק האָבן מיר עס אָנגערופן פּערזאָנוואָרט. די דערפארונג ווײַזט, אז ס׳איז גיט קיין געלונגענער טערמין געווען: מע פלאָנטערט א פּערזאָנוואָרט

67. א פערזאָניקער ווערב קאָן האָבן אויסער די סופיקסן פון זײַנע פאָר-מעס נאָך סופיקסן. לעמאָשל:

איך רײַניק
איך בלעטער
איך רעמאָנטיר
איך נאַציאָנאַליזיר.

אָבער דאָס זײַנען ניט קיין סופיקסן פון פערזאָנפאָרמעס. און אויב מיר האַלטן די דאָזיקע פיר אויסגעטײלטע ווערטער פאַר פערזאָניקע ווערבן, איז עס דערפאַר, וואָס מע קאָן זיי אַלע ברענגען אין די זעקס פאָרמעס פונעם פערזאָניקן ווערב. מע קאָן זאָגן:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| איך | רײַניק | בלעטער | רעמאָנטיר | נאַציאָנאַליזיר |
| דו | רײַניקסט | בלעטערסט | רעמאָנטירסט | נאַציאָנאַליזירסט |
| ער | רײַניקט | בלעטערט | רעמאָנטירט | נאַציאָנאַליזירט א. א. וו. |

דעריבער, ווען מיר ווען זאָגן, אַז רײַניק; בלעטער, רעמאָנטיר, נאַציאָנאַליזיר — האָבן אַ נול-פאָרמע, הייסט עס ניט, אַז זיי האָבן קיין סופיקס ניט. עס הייסט נאָר, אַז זיי האָבן ניט קיין פערזאָנפאָרמעדיקן סופיקס.

68. די גרעסטע מערהײַט פערזאָניקע ווערבן האָט די זעקס פערזאָנפאָרמעס ווי באַם ווערב „שרײַבן".

בײַ אײניקע פערזאָניקע ווערבן האָט די דריטע פערזאָנפאָרמע אויך אַ נול-פאָרמע, אַזוי ווי די ערשטע פערזאָנפאָרמע. לעמאָשל:

| | |
|---|---|
| איך | דאַרף |
| דו | דאַרפסט |
| ער | דאַרף |

לויט דעמדאָזיקן מוסטער בייגט מען פאָלגנדיקע ווערבן:

וועלן (וויל...) זאָלן, נאָרן, טויגן, מוזן, מעגן, מאָגן, קענען, קאָנען, קערן (גע-הערן).

אײניקע פערזאָניקע ווערבן בייגט מען לויטן מוסטער „שרײַבן" און אויך לויט „דאַרפן". לעמאָשל:

| | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| ער | פלעג | ער | ווייס | ער | געהער | ער | ברויך |
| ער | פלעגט | ער | ווייסט | ער | געהערט | ער | ברויכט |

ווערבן, וואָס ענדיקן זיך אין דער נול-פאָרמע מיט אַ „ז", שרײַבט מען אין דער צווייטער פאָרמע נאָכן „ז" בלויז אַ „ט", קיין „ס" — ניט. לעמאָשל:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| איך | בלאָז | ווײַז | גרײַז | לייז |
| דו | בלאָזט | ווײַזט | גרײַזט | לייזט |

מיט אַ פערזאָן (איך, דו, ער...) און מיט אַ פערזאָן-נאָמען (מוישע, שלוימע, עסטער...). דער טערמין פערזאָניקער ווערב ווערט, דאַכט זיך, אויסמײַדן אַזאַ פּלאָנטער.

בא אלע אנדערע ווערבן איז דער סופיקס פון דער צווייטער פערזאָנפאָרמע — „סט״. לעמאָשל:

דו פוצסט כאלעשסט טײַטשסט היטסט *

ווערבן, וואָס ענדיקן זיך אין דער נול-פאָרמע מיט א „ד״, שרײַבט מען אין דער דריטער פאָרמע צום סאָף וואָרט „דט״. לעמאָשל:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| איך | בינד | שנײַד | צינד | שמיד |
| ער | בינדט | שנײַדט | צינדט | שמידט ** |

ווערבן, וואָס זייער נול-פאָרמע ענדיקט זיך מיט א „ס״ אָדער „סט״ — שרײַבט מען אזוי (ווי מע רעדט ארויס):

| | | |
|---|---|---|
| איך | רײַס | מעסט |
| דו | רײַסט | מעסט |
| ער | רײַסט | מעסט |
| מיר | רײַסן | מעסטן |
| איר | רײַסט | מעסט |
| זיי | רײַסן | מעסטן*** |

**69.** פיל ווערבן האָבן בא דער 4-טער (מיר) און 6-טער (זיי) פערזאָנפאָרמע א סופיקס „ען״. לעמאָשל:

רוען, פליִען, שרײַען, בויען, גייען, זעען, קומען, מאָנען, זינגען, זינקען, טומלען...

אייניקע ווערבן האָבן בא דער 4-טער און 6-טער פערזאָנפאָרמע א סופיקס „נען״, „ענען״. לעמאָשל: גאנוועגען, גאזלענען...

מע דארף זאָגן און שרײַבן זעען, גייען, שטייען, ווען דאָס זײַנען פערזאָניקע ווערבן, ווען זיי האָבן פערזאָנפאָרמעס. אין אנדערע פאלן דארף מען שרײַבן און זאָגן זען, גיין, שטיין. לעמאָשל:

| פערזאָניקע ווערבן | ניט קיין פערזאָניקע ווערבן |
|---|---|
| 1. מיר, זיי זעען | 1. מיר, זיי וועלן זען |
| 2. „ „ גייען | 2. „ „ וועלן גיין |
| 3. „ „ שטייען | 3. „ „ וועלן שטיין. |

* אייניקע ווערבן, וואָס אין דער נול-פאָרמע ענדיקן זיי זיך מיט א „ט״, פארלירן פארן סופיקס „סט״ זייער „ט״. לעמאָשל:

| | | | |
|---|---|---|---|
| איך | טראכט | איך | וואָלט |
| דו | טראכסט | דו | וואָלסט |

מע שרײַבט: דו בעסט און דו בעטסט

** מע זאָגט און מע שרײַבט:

גרינדעט

ווענדעט (ווענדט)

*** די נול-פאָרמע פון „הוסטן״ וועט זײַן — (איך) הוסט — מיט א „ט״, און ניט אזוי ווי מע רעדט ארויס אין אייניקע קאנטן (הוס).

מע דארף שרײַבן: שמועס, שמועסט, שמועסן — מיט אן „ע״.

אויך: געשמועסט, שמועסנדיק.

פונרעכטס זײַנען דאָס פערזאָניקע ווערבן, ווײַל מיט „איר“ לעמאָשל וועט ווערן אזוי: איר זעט, גייט, שטייט (הענגען אָפּ און ענדערן זיך).

פונלינקס אויב מע וועט ענדערן אף „איר“, ווען די אונטערגעשטראָכענע ווער־טער זיך ניט ענדערן. לעמאָשל: 1) איר וועט זען, 2) איר וועט גיין, 3) איר וועט שטיין. אלזאָ, דאָ זײַנען זיי ניט קיין פערזאָניקע ווערבן, און מע דארף זיי שרײַבן אנדערש.

**70.** קוקט זיך צו, וויאַזוי מע דארף שרײַבן די ווײַטערדיקע פערזאָניקע ווערבן.

| | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| איך | בין | | גיב | האָב | וועל | רייד | (רעד) |
| דו | ביסט | | גיסט | האָסט | וועסט | רעדסט | |
| ער | איז | | גיט | האָט | וועט | רעדט | |
| מיר | זײַנען | (זענען) | גיבן | האָבן | וועלן | ריידן | (רעדן) |
| איר | זײַט | (זענט) | גיט | האָט | וועט | רעדט | |
| זיי | זײַנען | (זענען) | גיבן | האָבן | וועלן | ריידן | (רעדן) |

„גיבן“ שרײַבט מען נאָר דאַן, ווען דאָס איז א פערזאָניקער ווערב. אין אנדערע פאַלן דארף מען שרײַבן „געבן“. לעמאָשל:

איך גיב — מיר גיבן; איך וועל געבן — איר וועט געבן. דאָסזעלבע איז, ווען דידאָזיקע ווערטער קומען מיט פרעפיקסן. לעמאָשל:

מיר פארגיבן, צעגיבן, דערגיבן — זײַנען פערזאָניקע ווערבן, שרײַבט מען זיי מיטן „י“. מיר וועלן פארגעבן, צעגעבן, דערגעבן — זײַנען ניט קיין פערזאָניקע ווערבן, שרײַבט מען זיי מיטן „ע“.

**71.** פיל פערזאָניקע ווערבן האָבן האָמאָנימישע פאָרמעס*. לעמאָשל:

1) דו גיסט (פון „געבן“) מיר א מאטאָנע.

2) דו גיסט (פון „גיסן“) ארײַן אין פלעשל.

פאר גראמאטישע האָמאָנימען דארף מען רעכענען אויך פאָלגנדיקעס:

| | | |
|---|---|---|
| (ער) שרײַבט | (מיר) שרײַבן | (איך) דארף |
| (איר) שרײַבט | (זיי) שרײַבן | (ער) דארף |

(דו) רײַסט — (ער) רײַסט — (איר) רײַסט

(איך) מעסט — (דו) מעסט — (ער) מעסט — (איר) מעסט.

איינקע פערזאָניקע ווערבן האָבן פאַקטיש בלויז איין פערזאָנפאָרמע. לעמאָשל עס שנייט עס רעגנט.

מיר נעמען אוף אזוינע ווערטער פאר פערזאָניקע ווערבן, ווײַל אי „שנייט“, אי „רעגנט“ (און ענלעכע) האָבן א באשטימטע פאָרם פונעם פערזאָניקן ווערב — די דריטע פערזאָנפאָרמע, און זיי אסאָציִירן זיך ביכלאל מיט פערזאָניקע ווערבן לויט דער טײַטונג, וואָס זיי באטײַטן.

---

* האָמאָנים — א וואָרט מיט עטלעכע באטײַטן. לעמאָשל:

באקן ברויט — רויטע באקן.

שטיין אף די קני — ווארפן א שטיין אין וואסער.

## אופגאבע 10

I. ענדערט די צאָל בא אלע ווײַטערדיקע אויסגעטיילטע ווערטער. מאכט פון זיי מערצאָל. ענדערט אויך די אלע ווערטער, וואָס הענגען אָפּ פון דידאָזיקע אויסגע־טיילטע.

| | |
|---|---|
| א ווינט קומט און פארגייט | ווינטן קומען און פארגייען |
| א ייִד שטייט און גענעצט | ייִדן שטייען און . . . . |
| א הונט ליגט און בילט | הינט . . . . . |
| איך לייען און שרײַב | מיר . . . |
| דער ברודער פאָרט הײַנט אוועק | . . . . . . |
| די מאמע פארשליסט דאָס ברויט | די מאמעס פארשליסן דאָס ברויט |
| מוישעס זעקל פאלט אף דער ערד | מוישעס זעקלעך . . . . . . . . . |
| ער זוכט מיך און געפינט ניט | זיי זוכן מיך . . . . . . . . . |
| איך ליג אפן דאך און קוק | . . . . . . . . . |
| ער איז געזעסן אף א באנק | . . . . . . . . . |

II. ענדערט דעם מין בא אלע ווײַטערדיקע אויסגעטיילטע ווערטער. מאכט פון אן „ער" א „זי", און פון א „זי" — אן „ער". ענדערט אויך די אלע ווערטער, וואָס הענגען אָפּ פון דידאָזיקע אויסגעטיילטע.

| | | | |
|---|---|---|---|
| א גוטער שניידער | א גוטע שנײַדערקע | אן אלטע טאָכטער | אן אלטער זון |
| א דיקער מענטש | . . פרוי | א גוטע לערערקע | . . . . . |
| א יונגער קאָמוניסט | . . קאָמוניסטקע | א ווילע כאווערטע | . . . . . |
| א היציקער טוער | . . . . . . . . | א שטעטלדיקע ייִדענע | . . . . . |
| א שלעכטער פעטער | . . . . . . . . | א בייזע שוועגערן | . . . . . |

| | | |
|---|---|---|
| אן אלטער שניידער זיצט און נייט | אן . . . שנײַדערקע | . . . און . |
| דער יונגער בעקער ארבעט שלעכט | די . . . בעקערן | . . . |
| א דײַטשישער דעלעגאט האָט באגריסט | . . . . . . . | . . . |
| א באקאנטער מענטש איז געשטאָרבן | . . . . . . . | . . . |
| דער נײַער פאָרזיצער וואָרט אף דיר | . . . . . . . | . . . |

III. שרײַבט אָן די ווײַטערדיקע ווערטער אין אלע זעקס פערזאָנפאָרמעס.

1. גראָבן, גלייבן *, זאָגן, בייגן *, הייבן **, העכערן.

2. וויינען (מיט טרערן), וווינען (אין א דירע), זיפּן (מעל), זו[illegible], דריקן (קוועטשן), דרוקן (ביכער), זען (מיט די אויגן), זייען (קאָרן).

3. זיפצן, וואשן, דרעשן, ווינטשן, קוועטשן, ארבעטן, זידן, בלענדן, בלאָזן, רײַזן, ברויזן.

4. זינגען, זינקען, ברענגען, שענקען, שפּרינגען, הינקען, ווינקען, צווינגען, הענגען, שווענקען.

---

* „גלייבן", „בייגן" שרײַבט מען מיט צוויי יודן אין אלע פאלן. אָבער א גלויבן (רעליגיע), א בויגן (פאפיר, בלעך), דארף מען שרײַבן מיטן „וי".

** מיט צוויי יודן. אָבער אָנגעהויבן — מיט „וי".

## 11. סוביעקט

**72.** פאַרגלײַכט די װײַטערדיקע אויסגעטײלטע װערטער.

1. איך פ י ל א שטאַרקן װײטיק.
2. זײער פ י ל מענטשן זײַנען געװען.

אין דער ערשטער פראַזע איז „פיל" א פערזאָניקער װערב, װײַל מע קאָן זאָגן: איך פיל, דו פילסט, ער פילט...

אין דער צװײטער שורע איז שוין „פיל" ניט קײן פערזאָניקער װערב: מע קאָן עס ניט זאָגן מיט פערזאָנפאָרמעס.

דאָסזעלבע װעט אויך זײַן מיט אַזעלכע בײַשפּילן:

3. איך פ י ל א שטאַרקע ליבע צו איר.
4. א ג ע פ י ל פון ליבע האָב איך צו איר.

אין דער דריטער פראַזע איז „פיל" א פערזאָניקער װערב, װײַל עס האָט פערזאָנפאָרמעס.

דאָס װאָרט „געפיל" פון דער פערטער פראַזע איז ניט קײן פערזאָניקער װערב, װײַל מע קאָן ניט זאָגן: איך ג ע פ י ל, דו ג ע פ י ל ס ט...

פ ו נ ד א נ ע ן א י ז ג ע ד ר ו נ ג ע ן:

1) ס'זײַנען דאָ װערטער, װאָס זעען אויס װי פערזאָניקע װערבן, אָבער זײ זײַנען עס ניט („פיל" פון דער צװײטער פראַזע).

2) ס'זײַנען דאָ װערטער, װאָס זײַנען לויט זײער באַטײַט נאָענט צו פערזאָניקע װערב, אָבער זײ זײַנען עס ניט („געפיל" פון דער פערטער פראַזע).

**73.** קוקט זיך צו צום װײַטערדיקן פערזאָניקן װערב.

איבער אים פאָרן מיר אַלע צוריק.

אין דער דאָזיקער פראַזע איז דאָס װאָרט „פאָרן" א פערזאָניקער װערב: אויב מיר װעלן אָנשטאָט „מיר" זאָגן „איר", װעט די פראַזע װערן אַזױ:

איבער אים פאָרט איר אַלע צוריק.

דאָס הײסט, דאָס װאָרט „פאָרן" הענגט אָפּ פון „מיר"; אויב אָנשטאָט „מיר" שרײַבן מיר „איר", װערט פון „פאָרן" — „פאָרט". און װיבאַלד עס ענדערט זיך לויט פערזאָנען, עס האָט פערזאָנפאָרמעס, איז עס א פערזאָניקער װערב.

אָבער דאָס װאָרט „פאָרן" קאָן זײַן אויך ניט קײן פערזאָניקער װערב. לעמאָשל:

1. איבער אים דאַרפן מיר אַלע פ א ָ ר ן צוריק.
2. איבער אים דאַרפט איר אַלע פ א ָ ר ן צוריק.

דאָ, זעען מיר, האָט זיך „פאָרן" ניט געענדערט. איז א סימן, אַז עס איז ניט קײן פערזאָניקער װערב אין ד י ד א ָ ז י ק ע צ װ ײ פ א ל ן. דאָ זײַנען די פערזאָניקע װערבן „דאַרפן", „דאַרפט".

לאָמיר נעמען נאָך א בײַשפּיל.

3. איבער אים וועלן מיר אלע דארפן פאָרן צוריק.



4. איבער אים וועט איר אלע דארפן פאָרן צוריק.



אין דידאַקטישע צוויי פראזעס זײַנען די ווערטער „דארפן" און „פאָרן" ניט קיין פערזאָניקע ווערבן: זיי האָבן דאָ ניט קיין פערזאָנפאָרמעס. די פערזאָניקע ווערבן פון דער 3-טער און 4-טער פראזעס זײַנען די ווערטער „וועלן" און „וועט".

פונדאנען איז געדרונגען:

איין און דאָסזעלבע וואָרט קאָן אין איין פאל זײַן א פערזאָניקער ווערב, און אין א צווייטן פאל—ניט (פאָרן, דארפן...).

**74.** קוקט זיך צו צום ווײַטערדיקן:

1. מיר זייען קאָרן.



2. מיר פאָרן זייען קאָרן.



3. מיר קאָנען פאָרן זייען קאָרן.



דאָס וואָרט זייען איז א פערזאָניקער ווערב נאָר אין דער ערשטער פראזע, אין דער צווייטער און דריטער — שוין ניט.

דאָס וואָרט פאָרן איז א פערזאָניקער ווערב נאָר אין דער צווייטער פראזע, אין דער דריטער — שוין ניט.

און אין דער דריטער פראזע איז שוין א פערזאָניקער ווערב דאָס וואָרט קאָנען, וואָס אין אנדערע פאלן קאָן עס ווערן אויס פערזאָניקער ווערב (מיר וועלן קאָנען פאָרן).



דעריבער דארף מען אונטערשיידן:

I. ווערטער, וואָס זײַנען קיינמאָל ניט און קאָנען ניט זײַן קיין פערזאָניקע ווערבן: טיש לאָמפּ, בוך... מע קאָן ניט זאָגן: איך טיש, דו טישסט; איך לאָמפּ, דו לאָמפּסט...

II. ווערטער, וואָס קאָנען זײַן פערזאָניקע ווערבן: זייען, פאָרן קאָנען... מע קאָן זאָגן: איך זיי, דו זייסט; איך פאָר, דו פאָרסט...

צווישן ווערטער פון דער II-טער גרופּע דארף מען ווידער אונטערשיידן:

1) ווערטער, וואָס זײַנען פערזאָניקע ווערבן אין דער געגעבענער פראזע: „זייען"—אין דער ערשטער, „פאָרן"—אין דער צווייטער, און „קאָנען" — אין דער דריטער פון די פריערדיקע דרײַ נומערירטע פראזעס.

2) ווערטער, וואָס אין דער געגעבענער פראזע זײַנען זיי ניט קיין פּערזאָניקע ווערבן: „זייען" — אין דער צווייטער און דריטער פראזעס; „פֿאָרן" — אין דער דריטער פראזע.*

**75.** קוקט זיך צו צום ווײַטערדיקן

1. מוישע שרײַבט אין וואנטצײַטונג

2. מוישע און בערל שרײַבן אין וואנטצײַטונג

אין דער ערשטער פראזע הענגט אָפּ דער פּערזאָניקער ווערב פון איין מענטשן, דעריבער איז ער אין איינצאָל. אין דער צווייטער פראזע הענגט שוין דער פּערזאָניקער ווערב אָפּ פון צוויי מענטשן, איז ער אין מערצאָל.

דאָסזעלבע וועלן מיר זען אויך פונעם ווײַטערדיקן

1. א הויז ברענט

2. הײַזער ברענען

אויב „הויז", איז „ברענט", אויב „הײַזער", איז „ברענען".

| |
|---|
| דאָס וואָרט, וואָס פון דעם הענגט אָפּ דער פּערזאָניקער ווערב, הייסט סוביעקט. |

**76.** קוקט זיך צו צו די ווײַטערדיקע סוביעקטן

1. מוישע שרײַבט אין וואנטצײַטונג

2. די וואנטצײַטונג הענגט אין ביבליאָטעק

3. די ביבליאָטעק פאַרמאָגט אסאך לייענער(ס).

אלע דרײַ פּערזאָניקע ווערבן זײַנען דאָ אין איינצאָל, ווײַל די סוביעקטן, וואָס ציען צו זיך די דאָזיקע פּערזאָניקע ווערבן, זײַנען אין איינצאָל. אויב מיר וועלן ענדערן די צאָל פון די סוביעקטן, וועט זיך אויך ענדערן די צאָל פון די פּערזאָניקע ווערבן. לעמאָשל:

1. ארבעטער(ס) שרײַבן אין וואנטצײַטונג.

---

* ס'זײַנען דאָ ווערטער, וואָס זײַנען שטענדיק פּערזאָניקע ווערבן. לעמאָשל:
מיר פֿליגן זייען. מיר וואָלטן געזייט.
די ווערטער פֿליגן און וואָלטן זײַנען אלעמאָל פּערזאָניקע ווערבן.
א פּערזאָניקער ווערב איז אלעמאָל אויך אזא וואָרט ווי דאָס ווײַטערדיקע אונטערגעשטראָכענע מיר וועלן פאָרן, מיר וועלן וועלן (זע זײַט 98).

2. די וואַנטצײַטונגען הענגען אין ביבליאָטעק.



3. די ביבליאָטעקן פאַרמאָגן אסאך לייענער (ס).



אין דידאָזיקע דרײַ פּראַזעס זײַנען שוין די סוביעקטן אין מערצאָל, זײַנען אין מערצאָל אויך געוואָרן די פּערזאָניקע ווערבן.

צוליב העפלעכקײַט (קאָוועד) קומט אמאָל דער פּערזאָניקער ווערב אין מערצאָל בא א סוביעקט אין איינצאָל. לעמאָשל:

1. די מאַדאַם זײַנען געװעזט (שאָל.-אַל.).

2. רעב גדאַליע זײַנען איצט אין אויסלאַנד (בערגעלסאָן).

דידאָזיקע דערשײַנונג האַלט אין אָפּשטאַרבן, און מע דאַרף זי זען אויסמײַדן.

**77.** קוקט זיך צו צו דער ווײַטערדיקער ווערטער-אָפּהענגיקײַט.

1. א בייזער הונט ליגט אין גאָרטן.



2. בייזע הינט ליגן אין גאָרטן.



אויסער פּערזאָניקן ווערב („ליגט", „ליגן"), זעען מיר דאָ, זײַנען פאַראַן נאָך ווערטער, וואָס ענדערן זיך, וואָס הענגען אָפּ פון דעם וואָרט, וועלכעס איז דאָ א סוביעקט. דעריבער דאַרף מען ניט אַלע ווערטער, וואָס ציִען זיך צום וואָרט סוביעקט, — אָננעמען פאַר פּערזאָניקע ווערבן. א פּערזאָניקער ווערב איז נאָר אַזא, וואָס האָט פּערזאָנפאָרמעס.

קוקט זיך צו צו דער ווײַטערדיקער ווערטער-אָפּהענגיקײַט.

3. איך טרײַב דעם בייזן הונט פון גאָרטן.



4. איך טרײַב די בייזע הינט פון גאָרטן.



דער פּערזאָניקער ווערב אין ביידע פראַזעס איז דאָס וואָרט „טרײַב" (איך טרײַב, דו טרײַבסט...). דער סוביעקט אין ביידע פראַזעס איז „איך". דער פּערזאָניקער ווערב „טרײַב" הענגט דאָ אַלזאָ אָפּ פון עם סוביעקט „איך". אויסער דערזאָזיקער אָפּהענגיקײַט זעען מיר דאָ נאָך אַן אָפּהענגיקײַט. מיר זעען, אַז די ווערטער „בייזער" (1-טע פראַזע), „בייזע" (2-טע און 4-טע פראַזעס) און „בייזן" (3-טע פראַזע) הענגען אָפּ פון די ווערטער „הונט" און „הינט", אומאָפּהענגיק פון דעם, צי „הונט" און „הינט" זײַנען סוביעקטן (1-טע און 2-טע פראַזעס), צי זיי זײַנען ניט קיין סוביעקטן (3-טע און 4-טע פראַזעס).

אָבער דערווײַל אינטערעסירט אונדז בלויז איין אָפּהענגיקײַט: פּערזאָניקער ווערב — סוביעקט. מיט אַנדערע טיפּן אָפּהענגיקײַטן וועלן מיר זיך פאַרנעמען ערשט אינעם צווייטן טייל פון דער גראַמאַטיק.

**78.** קוקט זיך צו צו דער ווײַטערדיקער אָפּהענגיקײַט.

1. די שוויגער רופט די טאָכטער.



2. די טאָכטער רופט די שוויגער.



אין דער ערשטער פּראַזע הענגט דער פּערזאָניקער ווערב אָפּ פונעם וואָרט „שוויגער". הייסט עס, אז „שוויגער" איז דער סוביעקט.

אין דער צווייטער פּראַזע הענגט שוין דער פּערזאָניקער ווערב אָפּ פונעם וואָרט „טאָכטער". הייסט עס, אז „טאָכטער" איז דער סוביעקט.

דאָס באַווײַזט, אז אויסשטעלן ווערטער אין אַזאַ אָדער אין אן אנדער סיידער— קאָן אמאָל צוגעבן דער פּראַזע אַזאַ אָדער אן אנדער אינהאלט.

דאָס הייסט אָבער ניט, אז דער סוביעקט איז נאָר יענץ וואָרט, וואָס שטייט פאַרן פּערזאָניקן ווערב. אין די פּאַריקע צוויי בײַשפּילן נעמען מיר טאַקע אויף פאַרן סוביעקט דאָס וואָרט, וואָס שטייט פאַרן פּערזאָניקן ווערב. עס זײַנען אָבער פאַראַן זייער פיל פאַלן, ווען דער סיידער פון די ווערטער שפּילט ניט קיין ראָליע באַם דערקענען דעם סוביעקט. לעמאָשל:

3. דער ארבעטער־קלאַס בויט א סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט.



4. א סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט בויט דער ארבעטער־קלאַס.



אומאָפּהענגיק פון דעם, ווו דער צונויפזאַץ ארבעטער־קלאַס געפינט זיך, איז ער דער סוביעקט אין דידאָזיקע ביידע פּראַזעס.

פונדאַנען איז געדרונגען:

1) ס'זײַנען דאָ פאַלן, ווען מיר נעמען אויף דעם סוביעקט לויטן סיידער פון די ווערטער (1־טע און 2־טע פּראַזעס). אין אַזוינע פאַלן דאַרף מען זײַן זייער פּאָר־זיכטיק מיטן דאָזיקן סיידער, ווײַל דאָס באַשטימט אין א געוויסער מאָס דעם אינהאלט פון דער פּראַזע.

2) ס'זײַנען דאָ פאַלן, ווען מיר דערקענען דעם סוביעקט, אומאָפּהענגיק פון דעם, ווו ער שטייט (3־טע און 4־טע פּראַזע). דאַן ווירקט שוין ניט דער סיידער פון די ווערטער אין אַזאַ שטאַרקער מאָס.

**דער קלאַל, אז א סוביעקט איז דאָס וואָרט, וואָס ציט צו זיך דעם פּערזאָניקן ווערב,—איז גילטיק פאַר אַלע פאַלן.**

**79.** דער טערמין סוביעקט האָט דאָ אין גיכל שטענדיק א גראַמאַטישן באַטײַט (דאָס וואָרט, וואָס ציט צו זיך א פּערזאָניקן ווערב). דער גראַמאַטישער סוביעקט פאַלט ניט שטענדיק צונויף מיטן „סוביעקט" (מענטשן) אין לעבן. לעמאָשל:

דעם טאַטנס הויז ברענט.



דאָ איז דער סוביעקט — „הויז”, ווײַל דער פּערזאָניקער ווערב „ברענט” הענגט אָפּ פון „הויז”. ווען מע וועט נעמען דעם סוביעקט „הויז” אין מערצאָל, וועט אין זערצאָל קומען אויך דער פּערזאָניקער ווערב. לעמאָשל:

1. דעם טאטנס הויז ברענט.



2. דעם טאטנס הײַזער ברענען.



הייסט עס, אז דער סוביעקט איז דאָ „הויז” (1-טע פראזע) און „הײַזער” (2-טע פראזע), אָבער דאָס וואָרט „טאטנס” איז דאָ ניט קיין סוביעקט.

## אופגאבע 11.

I. שטרײַכט אונטער אלע ווײַטערדיקע פּערזאָניקע ווערבן.

1) דער זומער הייבט זיך אָן. 2) די ביימער בליִען. 3) איך נעם איבער א זאך זייער גיך. 4) מײַן ברודער האָט דאָס פּײַנט. 5) איך ליב זי נישט. 6) איך קוק אַף איר. 7) אַף דער גאס באווײַזט זיך דאָס יונגוואַרג. 8) אפּן וואָגן אין דער לענג ליגט מײַן רעב אלטער מיטן פּאָנעם אראָפּ. 9) איינס נאָך דאָס אנדערע טרעטן שפּיל-פּיי-געלעך ארויס. 10) ביניאָמינס זעקל פאלט אַף דער ערד. 11) דער מאמעס טרערן רירן מיך. 12) מענדל דעם שויכעטס דירע איז דאָרטן. 13) דעם כאווערס בוך געפעלט מיר. 14) רעב געדאליע הורוויצעס געשעפטן פּלאָנטערן זיך. 15) מאָטלס ארבעט געפעלט מיר ניט.

II. שרײַבט אָן אלע ווײַטערדיקע פּערזאָניקע ווערבן אין אנדערע פאָרמעס. קוקט זיך גוט צו צו די ווערטער, וואָס ענדערן זיך (פּערזאָניקע ווערבן), און צו די, וואָס ענדערן זיך דאָ ניט (ניט קיין פּערזאָניקע ווערבן).

| | |
|---|---|
| איך דאַרף שרײַבן א בריוו. | דו דאַרפסט שרײַבן א בריוו. |
| איך פלעג אמאָל אסאך לייענען. | דו פלעגסט . . . . . . . . . |
| זי וויל ניט קומען צו דיר. | זיי . . . . . . . . . . . . |
| דו מוזט הײַנט בא מיר זײַן. | ער . . . . . . . . . . . . |
| מיר גייען שפּאצירן פארן שלאָף. | איך . . . . . . . . . . . . |
| איר הייבט מאָרגן אָן ארבעטן | דו . . . . . . . . . . . . |
| ער טאָר ניט הייבן קיין מאסע. | מיר . . . . . . . . . . . . |
| זיי וועלן מוזן אָנקומען צו אײַך | איך . . . . . . . . . . . . |

III. שטרײַכט אונטער די סוביעקטן אין די ווײַטערדיקע פראזעס.

1) איך פּאַק דאָס מעסערל. 2) זי שלינגט ביכלעך. 3) די מאמע פארשליסט דאָס ברויט. 4) ער כאפּט פּעטש. 5) א פערשקע פאלט אַף דער ערד. 6) די פאבריק ארבעט אויס טעקסטיל. 7) א בייזער הונט ליגט אין גארטן. 8) דער ברודער פירט די ארבעט. 9) בלײַבט א פײַנער סימען אַף דער באק. 10) זײַן פּאָנעם גיסט זיך אָן מיט רויטן קויעך.

IV. ענדערט די צאָל בא אלע פריִערדיקע סוביעקטן. בעמיילע וועלן זיך אויך ענ-דערן די פּערזאָניקע ווערבן. לעמאָשל:

| | |
|---|---|
| איך פּאַק דאָס מעסערל | מיר פּאַקן דאָס מעסערל |

אויסער די פערזאָניקע ווערבן ווען אין איינציקע פאלן זיך ענדערן אויך אנדערע ווערטער. לעמאָשל:

| | |
|---|---|
| א בייזער הונט ליגט אין גאָרטן | בייזע הינט ליגן אין גאָרטן. |

V. שטרײַכט אונטער דעם סוביעקט אין די ערשטע 15 פראזעס פון דערדאָזיקער אופגאבע (דער זומער הייבט זיך אָן).

## 12. פראזע און באהעפט

**80.** מיר האָבן שוין געזען, אז ווערטער קומען אין א באשטימטן סיידער, און אז אָפט הענגען זיי אָפּ איינע פון די אנדערע. ס'איז אָבער דאָ נאָך זייער א וויכטיקער מאָמענט, וואס ווײַזט, אז ווערטער אין א פראזע זײַנען אף א געוויסן אויפן אָרגאניזירט. לעמאָשל:

1. מיר האָבן זייער אסאך טינט.

דאָס וואָרט „האָבן" הענגט אָפּ פון „מיר". די איבעריקע ווערטער הענגען ניט אָפּ ניט פון „מיר" און ניט פון „האָבן". דאָך נעמען מיר אוף דידאָזיקע ווערטער ווי איין גאנצעס, ווײַל זיי באהעפטן זיך איינע מיט די אנדערע.

מע קאָן עס סכעמאטיש אזוי פאָרשטעלן:

| | |
|---|---|
| מיר——האָבן | מיר האָבן |
| \| | האָבן טינט |
| זייער — אסאך — טינט | אסאך טינט |
| | זייער אסאך |

דאָס הייסט: „מיר" ציט צו זיך „האָבן"; „האָבן" באהעפט זיך מיט „טינט", „טינט" — מיט „אסאך", „אסאך" — מיט „זייער".

אז די באהעפטונג איז אזא און ניט קיין אנדערע, קאָן מען דערווײַזן אף אזא אויפן: פּרובירן באהעפטן אנדערש. לעמאָשל:

| | |
|---|---|
| מיר טינט | מיר זייער |
| טינט זייער | זייער טינט |
| זייער האָבן | טינט אסאך |
| אסאך האָבן | אסאך האָבן |

אזוי באהעפטן דידאָזיקע ווערטער קאָן מען ניט: עס באקומט זיך אן אומזין.*

אָדער נאָך א בײַשפּיל.

2. נאָך צוויי יאָדן שטייען און וואַרטן, איך זאָל זיי שוין אָנגיסן.

* מיר ריידן דאָ וועגן באהעפטן ווערטער מיט אזוינע באטײַטן ווי דאָ. זייער (очень) טינט — קאָן ניט זײַן, אָבער זייער (ניט אונדזער) טינט — אזא באהעפט קאָן זײַן.
עס קאָן אויך זײַן: האָבן אסאך.

סכעמאַטיש פאָרשטעלנדיק דידאַקטיק פראַזע, וועלן מיר באַקומען אַזוינס:

| | |
|---|---|
| נאָך צוויי | איך זאָל |
| צוויי ייִדן | זאָל אָנגיסן |
| ייִדן שטייען | שוין אָנגיסן |
| שטייען און וואַרטן | אָנגיסן זיי |

דאָס הייסט: מיר האָבן דאָ צוויי ווערטער-קייטלונגען, צוויי גרופּעס ווערטער-באַהעפטן. אַז מיר האָבן דאָ צוויי באַהעפטן אונטערשיידן איינעם, קאָן מען דערווײַזן מיט דעם, וואָס קיין איין וואָרט פון דער ערשטער גרופּע באַהעפט זיך ניט מיט קיין איין וואָרט פון דער צווייטער, נאָר עס באַהעפטן זיך די גרופּעס גאַנצערהייט איינע מיט דער אַנדערער: די גרופּע ווערטער „נאָך צוויי ייִדן שטייען און וואַרטן" באַהעפט זיך מיט דער גרופּע „איך זאָל זיי שוין אָנגיסן".*

ווען דידאַקטיקע גרופּעס וואָלטן זיך ניט באַהעפטן, וואָלט מען קאָנען שטעלן צווישן זיי אַ פּינטל, דאָס הייסט, מאַכן באַזונדערע פראַזעס. לעמאָשל:

3. נאָך צוויי ייִדן שטייען און וואַרטן.
איך גיס זיי אָן צו גלעזלעך קוואַס.

> אַזוינע גרופּעס ווערטער ווי דידאַקטיקע וועלן מיר אָנרופן מיטן טערמין באַהעפט.

אין דעם 1-טן בײַשפּיל איז איין באַהעפט, אינעם צווייטן — צוויי באַהעפטן, און אינעם דריטן — צו איין באַהעפט אין יעדער פראַזע.

**81.** גאָר פון אָנהייב ביכל, ריידנדיק וועגן פראַזע, האָבן מיר אָנגעוויזן, אַז עס זײַנען דאָ דרײַערליי טיפּן פראַזעס: 1) דערציילערישע, 2) פרעגיקע, 3) אויסרופיקע. לעמאָשל:

1. מע רופט דיך.
2. ווער רופט מיך?
3. אַנטלויף פונדאַנען!

דידאַקטיקע דרײַ פראַזעס אונטערשיידן זיך ניט נאָר מיט זייערע ווערטער נאָר אויך מיט זייער אינטאָנאַציע. די ערשטע פראַזע רעדט מען אַרויס מיט אַ טאָן פון דערציילן, די צווייטע — מיט אַ טאָן פון פרעגן, און די דריטע — מיט אַן אויסרוף.

לאָמיר איצט פאַרגלײַכן צוויי פראַזעס, וואָס מע רעדט זיי אַרויס מיט דערזעלבער אינטאָנאַציע:

1. דער אַרבעטער-קלאַס.
2. דער אַרבעטער-קלאַס קעמפט.

---

* דאָס וואָרט „וואַרטן" פונעם ערשטן באַהעפט איז לויטן אינהאַלט פון דער פראַזע מער געבונדן מיטן צווייטן באַהעפט ווי די איבעריקע ווערטער פונעם ערשטן באַהעפט. נאָר ס'איז דאָך קלאָר, אַז „וואַרטן" איז מער געבונדן מיט די פריערדיקע ווערטער „נאָך צוויי ייִדן שטייען און" איידער מיט די ווײַטערדיקע ווערטער. דאָס באַווײַזט, אַז „וואַרטן" געהערט ניט צום צווייטן באַהעפט נאָר צום ערשטן. דאָס באַווײַזט אויך, אַז דאָס לעצטע וואָרט פונעם ערשטן באַהעפט איז „וואַרטן".

ביידע פּראַזעס רעדט מען אַרויס מיט אַ דערציילערישן טאָן; לויט דער אינטאָנאַציע זײַנען דידאָזיקע צוויי פּראַזעס ענלעך. אָבער ס'איז דאָ אַזוינס, וואָס טיילט שטאַרק פאַנאַנדער דידאָזיקע צוויי פּראַזעס: אין דער ערשטער פּראַזע ווייסן מיר ניט, וואָס איז מיטן אַרבעטער-קלאַס; מע רופט אים נאָר אָן. אין דער צווייטער פּראַזע דערציילט מען אונדז, וואָס דער אַרבעטער-קלאַס טוט.

באַקומען באַקומט זיך דער אונטערשייד בײַ די צוויי פּראַזעס ניט נאָר צוליב דעם, וואָס די 2-טע פּראַזע האָט מער מיט אַ וואָרט. מע קאָן אויך די ערשטע פּראַזע מאַכן גרעסער מיט ווערטער, און דאָך זאָל דערדאָזיקער אונטערשייד פאַרבלײַבן. לעמאָשל:

3. דער אַלוועלטלעכער אַרבעטער-קלאַס.
4. דער אַרבעטער-קלאַס קעמפט.

אויך דאָ איז פאַרבליבן אַן אונטערשייד צווישן דידאָזיקע פּראַזעס: אין דער ערשטער פּראַזע רופט מען נאָר עפּעס אָן; אין דער צווייטער פּראַזע דערציילט מען, וואָס דער אַרבעטער-קלאַס טוט.

אַלזאָ, די צווייטע (און 4-טע) פּראַזע אונטערשיידט זיך פון דער 1-טער און פון דער 3-טער ניט מיט דעם, וואָס זי האָט סטאַם נאָך אַ וואָרט, נאָר וואָס דאָסדאָזיקע וואָרט איז אַ פּערזאָניקער ווערב, און פּערזאָניקע ווערבן באַצייכענען מערסטנטייל אַ געוויסע טוונג, אַ געוויסע אַרבעט. דעריבער איז די צווייטע פּראַזע, מיטן פּערזאָניקן ווערב „קעמפט", באַשטימטער און פאַרענדיקטער — אין פאַרגלײַך מיט דער 1-טער און 3-טער, וואָס זײַנען אָן פּערזאָניקע ווערבן.

| |
|---|
| 1. אַ באַהעפט מיט אַ פּערזאָניקן ווערב הייסט געשלאָסענער. |
| 2. אַ באַהעפט אָן אַ פּערזאָניקן ווערב הייסט אָפּענער. |

קוקט זיך צו צו די ווײַטערדיקע פּראַזעס.

לויפט אַ צוג. וואַגאָנען נאָך וואַגאָנען.
נאָכן צוג לויפט נאָך אַ מידע נאַכט.
שרײַען יאַטן. זינגען יאַטן. ווייען פאָנען.
קאָמיוגיסטן פאָרן אפן שלאַכט. (פעפער)

דאָ האָבן מיר זיבן פּראַזעס, וואָס זײַנען ענלעך לויט דער אינטאָנאַציע: אַלע זײַנען זיי דערציילעריש (מיט פּינטלעך). אָבער אַלס באַהעפטן זײַנען זיי פאַרשיידן: זעקס באַהעפטן זײַנען דאָ געשלאָסענע, און איינער — אַן אָפּענער (וואַגאָנען נאָך וואַגאָנען).

**82.** אזוי ווי א פערזאָניקער ווערב דריקט מערסטנטיילס אויס א באשטימטע טווּנג*, איז אין א געשלאָסענעם באהעפט געוויינטלעך אויך פאראַן א טוער פון דער טווּנג — דער סוביעקט, וואָס פון אים הענגט אָפּ דער פערזאָניקער ווערב. לעמאָשל: אין די פּאָריקע זעקס געשלאָסענע באַהעפטן פּעפערס זיינען די סוביעקטן — די טוערס — פּאָלגנדיקע: 1) צוג, 2) נאכט, 3) יאַטן, 4) יאַטן, 5) פּאָנען, 6) קאָמיוניסטן.

א געשלאָסענער באהעפט קאָן אמאָל קומען אויך אָן א סוביעקט. לעמאָשל:

1. א ווינט בלאָזט אין די פּיס.

2. עס בלאָזט אין די פּיס.

ביידע באהעפטן זיינען געשלאָסענע, ווייל אין ביידע איז דאָ א פּערזאָניקער ווערב. נאָר אינעם ערשטן באהעפט איז פאראַן א סוביעקט — א טוער פונעם ווערב, און אינעם צווייטן איז קיין סוביעקט ניטאָ; ווער אָדער וואָס „בלאָזט”, — איז ניט אָנגעוויזן.

קוקט זיך צו צו אלע ווייטערדיקע סוביעקטלאָזע באהעפטן.

1. באָרעכן איז שוין ווידער שלעכט. (דאָניעל)
2. אונטער דער ברוסט איז פון רעגע צו רעגע געוואָרן אלץ לייכטער און לייכטער. (בערגעלסאָן)

אין דידאָזיקע געשלאָסענע באהעפטן איז קיין טוער, קיין סוביעקט ניטאָ.

אמאָל קאָן זיין שווער צו זאָגן זיכער, צי דאָס אָדער יענץ וואָרט איז א סוביעקט צי ניין. לעמאָשל:

עס האָט זיך אים שטארק פארוואָלט עסן. (בערגעלסאָן)

דאָ קאָן דאָס וואָרט „עסן” אמאָל אופגענומען ווערן אלס א סוביעקט, כאָטש גיכער איז עס עפשער ניט קיין סוביעקט.

**83.** פארגלייכט די צוויי ווייטערדיקע באהעפטן:

1. יידישע ארבעטער טרעטן אריין אין פארטיי.
2. דאָס אריינטרעטן פון יידישע ארבעטער אין פארטיי.

דער ערשטער באהעפט איז א געשלאָסענער, ווייל עס איז דאָ א פּערזאָניקער ווערב (טרעטן אריין**). דער צווייטער באהעפט איז אן אָפענער: קיין פערזאָניקער ווערב איז דאָ ניטאָ.

---

* א טווּנג דריקן אויס די גרעסטע צאָל פערזאָניקע ווערבן. לעמאָשל: רייסן, האקן, ברעכן, זעגן... א גרויסע צאָל פערזאָניקע ווערבן באטייטן א צושטאנד. לעמאָשל: שלאָפן, זיצן, ליגן, שטיין... ניט קיין טווּנג באטייטן אויך אזוינע ווערבן ווי האלטן, ליגן, ווילן...

נאָר ווען מע רעדט אין גראמאטיק וועגן א טווּנג, מיינט מען אויך די פערזאָניקע ווערבן (און ווערבן ביכלאל, זע ווייטער), וואָס דריקן אויס ניט דאפקע אן ארבעט. וואָרעם אז מיר הערן א וואָרט „שלאָפט” אָדער „ליבט”, בעמען מיר עס אוף ווי עפּעס א פּראָצעס, ווי עפּעס א טווּנג.

אלס א גראמאטישע טווּנג נעמען מיר אוף אפילע אזוינע ווערבן ווי:

ער פוילט זיך, ער רוט...

** „אריין” איז א ווערבאלער צוגאָב (אריינטרעטן — טרעטן אריין). זעט לימעד 5.

דער ערשטער באהעפט דערציילט, וואָס ווער עס טוט: „ייִדישע ארבעטער טרעטן ארײַן...". דער צווייטער באהעפט רופט נאָר אָן א טווּנג. צי זי קומט פאָר די טוּונג, — ווייסן מיר ניט (פונעם דאָזיקן באהעפט).

א געשלאָסענער באהעפט איז שטענדיק טעטיקער און קאָנקרעטער פון אן אָפענעם. דעריבער דארף מען שרײַבן, ווי עס לאָזט זיך נאָר, וואָס מער געשלאָסענע באהעפטן.

פארגלײַכט לעמאָשל די ווײַטערדיקע רעכטע באהעפטן מיט די לינקע.

| געשלאָסענע | אָפענע |
| --- | --- |
| 1. ווי באציט זיך דער ייִדישער ארבעטער צו די וואלן? | 1. די באציִונג פונעם ייִדישן ארבעטער צו די וואלן. |
| 2. ווי ווירקט אזא פּאָליטיק אפן אָפּגעשטאנענעם ארבעטער. | 2. די ווירקונג פון אזא פּאָליטיק אפן אָפּגעשטאנענעם ארבעטער. |

די באהעפטן פונרעכטס זײַנען אסאך נאטירלעכער, פארשטענדלעכער, און דעריבער זײַנען זיי סאָציִאַל-באדײַטנדער איידער די באהעפטן פונלינקס.

ס'זײַנען דאָ אָפט געדאנקען, וואָס ס'איז זיי אפילע שווער אויסצודריקן לויטן מוסטער פון די לינקע פראזעס. לעמאָשל:

די אונטערדריקונג פון דער ייִדישער בורזשואזיע די ייִדישע מאסן.

די דאָזיקע פראזע איז לעכאטכילע גאָרניט פארשטענדלעך. אז מע הייבט זי אָן „קײַען", פאנאנדערקלײַבן, — שטויסט מען זיך ערשט אָן, וואָס דער שרײַבער פון דער דאָזיקער פראזע האָט געמיינט. אָבער „קײַען" נעמט אָפּ צײַט און ענערגיע, דעריבער דארף מען אויסמײַדן אזוינע פראזעס; און אויסמײַדן אזא פראזע קען מען זייער לײַכט: ארײַנשטעלן א פערזאָניקן ווערב. לעמאָשל:

1. די ייִדישע בורזשואזיע אונטערדריקט די ייִדישע מאסן.
2. ווי די ייִדישע בורזשואזיע אונטערדריקט די ייִדישע מאסן.

אָדער לאָמיר נעמען נאָך א בײַשפּיל:

די אָפּהענגיקײַט פון דער אנטוויקלונג פון דער געזעלשאפט פון דער נאטור. וויפל דארף מען אויסברענגען צײַט און מי, אז מע זאָל צעקײַען און פארשטיין דאָסדאָזיקע קעפל. *

אָבער ווען מיר שרײַבן אָן „ווי די אנטוויקלונג פון דער געזעלשאפט הענגט אָפּ פון דער נאטור", — ווערט דערדאָזיקער געדאנק גלײַך און לײַכט אופגענומען: אדאנק דער געשלאָסנקײַט פונעם דאָזיקן באהעפט.

דאָס הייסט נאטירלעך ניט, אז קיין אָפענע באהעפטן טאָר מען ניט ניצן. ס'וואָלט געווען לעכערלעך, ווען אף א שילד זאָל מען אָנשטאָט „קלוב" אָנשרײַבן „דאָ געפינט זיך א קלוב".

---

* דערדאָזיקער בײַשפּיל און דער פאָריקער זײַנען גענומען פון סטודענטישע ארבעטן. די קוועלן, וואָס איבער זיי האָבן די סטודענטן געארבעט, זײַנען געווען רוסישע; דאָס און דאָס שוואכע קענען ייִדיש האָבן געבראכט צו אזוינע פאר ייִדיש אומגעלומפּערטע קאָנסטרוקציעס.

אין זייער פיל פאלן, ווען מיר דארפן עפעס אָנרופן, און ווען ארבעטן, וועגן טאָן ווילן מיר ניט ריידן, — דאן זײַנען אָפּענע באהעפטן ערשט גוט. דע־ריבער זײַנען שילדן, נעמען פון ביכער, פון אנשטאלטן, פון פאָרטראגן און נאָך פי־לעס — אָן פערזאָניקע ווערבן. לעמאָשל:

1. מאָטל דער גרויסער און מאָטל דער קליינער.
2. מײַן ברודער עליעס געטראנק.
3. די וואסערשטוב.

[דאָס זײַנען קעפּלעך פון קאפּיטלען אין שאָלעם-אלייכעמס בוך „מאָטל פייסי דעם כאזנס”].

אמאָל קומען אויך קעפּלעך ניט אין א פאָרם פון אָפּענע באהעפטן נאָר אין א פאָרם פון געשלאָסענע. לעמאָשל:

1. לעניגראדער פארטיי-אקטיוו באגריסט די באשלוסן פונעם נאָיאבער־פּלענום („דער עמעס”)
2. ווער דער ביניאָמין איז, פונוואנען ער איז, און ווי די נעסיע האָט פלוצלעם צו אים זיך גענומען. (מענדעלע)

אינעם ערשטן פאל האָבן מיר א קעפּל צו א רעזאָליוציע; אינעם צווייטן פאל א קעפּל צום ערשטן קאפּיטל פון מענדעלעס „מאסאָעס ביניאָמין האשלישי”. איןביידע פאלן זײַנען די באהעפטן געשלאָסענע.

אין וואָסערע פאלן עס קומען אזוינע קעפּלעך, געשלאָסענע באהעפטן,—וועלן מיר קלאָר מאכן אינעם III טייל גראמאטיק.

84. מיר האָבן אינעם דאָזיקן לימעד ארײַנגעפירט נײַע טערמינען: געשלאָסענער באהעפט און אָפּענער באהעפט. פארוואָס זאָלן מיר ניט אויסקומען אָנעם טערמין באהעפט? פארוואָס זאָלן מיר ניט אָנרופן א פראזע מיט א פערזאָניקן ווערב — געשלאָסענע פראזע, און א פראזע אָן א פערזאָניקן ווערב — אָפּענע פראזע?

מיר טוען עס דערפאר, וואָס פראזעס אונטערשיידן זיך ניט נאָר לויט דער אינ־טאָנאציע (דערציילערישע, פרעגיקע און אויסרופיקע) און ניט נאָר לויט דעם, צי זיי זײַנען מיט פערזאָניקע ווערבן צי אָן זיי.

פארגלײַכט לעמאָשל די צוויי ווײַטערדיקע פראזעס.

1. מיר האָבן זייער אסאך טינט



2. וויפל טינט מיר האָבן, קאָן איך אײַך ניט זאָגן.



ביידע פראזעס זײַנען געשלאָסענע, ווײַל אין ביידע זײַנען דאָ פערזאָניקע ווערבן. אָבער אין דער ערשטער פראזע באהעפטן זיך, קייטלען זיך, אלע ווערטער איינע מיט די אנדערע, און אין דער צווייטער פראזע האָבן מיר צוויי קייטלונגען: איין קייטלונג—„וויפל טינט מיר האָבן”, די צווייטע — „קאָן איך אײַך ניט זאָגן”.

דאָס גיט א גרונד צו אײַנטיילן פראזעס אף אייַנפאכע, מיט איין קייטלונג פון ווערטער, מיט איין באהעפט, און אף צונויפגעזעצטע, מיט עט־

לעכע באהעפטן. און אזוי ווי אי אין איינפאכע פראזעס, אי אין צונויפגעזעצטע קאָנען זײַן באהעפטן מיט פערזאָניקע ווערבן און אָן זיי, — דארפן מיר האָבן דעם טערמין באהעפט קעדיי צו אונטערשיידן געשלאָסענע און אָפענע ווערטער-קייט-לונגען. לעמאָשל:

און דער צוג — ער וואַיעט (מארקיש)



דאָ האָבן מיר א צונויפגעזעצטע פראזע; זי באשטייט פון צוויי ווערטער-גרו-פעס: 1) און דער צוג, 2) ער וואַיעט.

די ערשטע ווערטער-גרופע רופט נאָך עפעס אָן — אן אָפענער באהעפט. די צווייטע ווערטער-גרופע דערציילט וועגן עמעצנס א טוונג; זי איז מיט א פערזאָניקן ווערב „וואַיעט", וואָס ציט זיך צום סוביעקט „ער". זי איז, דידאַזיקע גרופע, א געשלאָסענער באהעפט. האָבן מיר אף אזא אויפן אין איין פראזע אי אן אָפענעם באהעפט, אי א געשלאָסענעם. הײַנט ווי זאָלן מיר אזא פראזע אָנרופן אָפענע (ס'איז דאָך דאָ א גרופע מיט א פערזאָניקן ווערב) אָדער געשלאָסענע (ס'איז דאָך דאָ א גרופע אָן א פערזאָניקן ווערב)?

אָבער ווען מיר האָבן דעם טערמין באהעפט, וועלן מיר מארקישעס פראזע אזוי כאראקטעריזירן:

1) דאָס איז א דערציילערישע פראזע — לויט דער אינטאָנאציע.

2) דאָס איז א צונויפגעזעצטע פראזע לויט דער צאָל באהעפטן (צוויי קייטלונגען פון ווערטער).

3) די פראזע באשטייט פון איין אָפענעם באהעפט און פון איין געשלאָסענעם.

די פריערדיקע צוויי מוסטער-פראזעס וועלן מיר כאראקטעריזירן אזוי:

1) לויט דער אינטאָנאציע — ביידע דערציילערישע.

2) לויט דער צאָל באהעפטן: די ערשטע איז אן איינפאכע (מיר האָבן זייער אסאך טינט), די צווייטע איז א צונויפגעזעצטע (צוויי באהעפטן).

3) לויט די טיפן באהעפטן — אלע דרײַ זײַנען געשלאָסענע (מיט פערזאָני-קע ווערבן).

[די, וואָס דערדאַזיקער פארגלײַך פון פראזע און באהעפט וועט זיך פאר זיי ארויס-ווײַזן אביסל שווערלעך צו באנעמען, זאָלן זיך צו דעם אומבאדינגט אומקערן, ווען זיי וועלן ענדיקן דאָס ביכל.]

## אויפגאבע 12.

I. מאכט פון אלע ווײַטערדיקע אָפענע באהעפטן געשלאָסענע, צוקלײַבנדיק פאסנדיקע פערזאָניקע ווערבן (און נאָך אנדערע ווערטער).

1) דער אלטער שנײַדער. 2) עפעס א מאָדנע ליכטיקע רויקײַט. 3) די באשלוסן פון דער פראָלעטארישער מעלוכע. 4) דער פראָלעטאריאט פון דער גאנצער וועלט. 5) די פירער פון די סאָציאליסטישע פארטייען אין אויסלאנד. 6) די דורכויסיקע קאָלעקטיוויזאציע. 7) פראָלעטאריער פון אלע לענדער און אונטערגעדריקטע פון אלע פעלקער. 8) די ארעסטן פון די קאָמוניסטישע פירער אין פוילן. 9) די גאלאָכים, ראבא-נים און קסיאָנדזן פון דער גאנצער וועלט. 10) דער ארבעטער-קלאס פון מאָסקווע.

II. שטרײַכט אונטער אַלע ווײַטערדיקע געשלאָסענע באַהעפטן.

1) טיפֿע און קלײנע אויגן. 2) איך האַלט דעם קאָפּ אַראָפּ. 3) די גנײוועס רופֿט אַרויס באַם אוילעם אַ גרויסע אופרעגונג. 4) אַ מײַסע מיט רעב גדאַליע הורוויצעס אַ לאַנגאָנעדיקן סוינע פֿון קרײַז-שטאָט. 5) פֿון אײנער אַ שטוב זעצט דורך קוימען אַ רויך. 6) דער עלטסטער און מעכובעדסטער פֿון אַלע אײַנוווינער. 7) קי, אָקסן, שעפּסן, גענדז און הינער. 8) ווערט אַ גערודער אין שטוב. 9) אַ מענטש מיט לאַנגע אויערן. 10) ער קומט אָפּט אַרײַן צו מיר אין שטוב.

## 13. פֿאַרשײדענע סוביעקטן

**85.** מיר האָבן פֿריִער געזאָגט, אַז אין אַ געשלאָסענעם באַהעפֿט איז געווײנט-לעך פֿאַראַן אַ *טוער*, און אַז דער טוער איז דער סוביעקט. נאָר אָפּטמאָל זײַנען דאָ אַזוינע סוביעקטן, וואָס ס׳איז שווער צו דערזען אין זײ דעם טוער פֿון דער טוּונג. לעמאָשל:

די *טיר* פֿאַרמאַכט זיך.

דער סוביעקט איז דאָ „טיר״, ווײַל דער פֿערזאָניקער ווערב „פֿאַרמאַכט״ ציט זיך צו „טיר״. אין מערצאָל וועט ווערן אַזוי:

די *טירן* פֿאַרמאַכן זיך.

דאָך איז אונדז עפּעס שווערלעך צו דערזען אין „טיר״ אַ טוער.

אָדער נאָך אַ בײַשפּיל:

די *טיר* פֿאַרמאַכט זיך דורכן ווינט.

דאָ איז נאָך שווערער צו דערזען אין „טיר״, אינעם סוביעקט, דעם טוער פֿון „פֿאַרמאַכט״. אונדז ווילט זיך גיכער זאָגן, אַז דער טוער איז דאָ דער ווינט; דאָס האָט *ער* פֿאַרמאַכט די טיר. אָבער דער סוביעקט איז דאָ פֿאָרט ניט „ווינט״ נאָר „טיר״. דער פּערזאָניקער ווערב הענגט דאָ אָפּ ניט פֿון „ווינט״ נאָר פֿון „טיר״. פֿונדאנען איז געדרונגען, אַז מיר רײדן אין גראַמאַטיק וועגן „טוער״, האָבן מיר אין זינען ניט דעם *פֿאַקטישן* טוער נאָר דעם *גראַמאַטישן* — דאָס וואָרט, וואָס ציט צו זיך דעם פּערזאָניקן ווערב.

אין דער מערהײַט באַהעפֿטן פֿאַלט צונויף דער פֿאַקטישער טוער מיטן גראַמאַטישן. אַזוינע באַהעפֿטן איז שטענדיק לײַכטער צו באַנעמען. דעריבער איז גלײַכער צו שרײַבן ניט „די טיר פֿאַרמאַכט זיך דורכן ווינט״ נאָר „דער ווינט פֿאַרמאַכט די טיר״.

ס׳זײַנען אָבער פֿאַראַן פֿאַלן, ווען ס׳איז גראָד בעסער צו שרײַבן „די טיר פֿאַרמאַכט זיך דורכן ווינט״, — ווו ס׳איז דאָ אַ ריס צווישן *פֿאַקטישן* טוער און *גראַמאַטישן*. וועגן אַזוינע פֿאַלן וועלן מיר רײדן גענויער אין דעם II-טן טײל גראַמאַטיק.

**86.** פארגלײַכט דאָס װײַטערדיקע.

1. ער זעט פונװײַטן.



2. ער זעט זיך פונװײַטן.



אין בײדע פאלן איז דער סוביעקט „ער". אינעם ערשטן באהעפט איז „ער" א טוער פון א טוונג: ער אלײן זעט. אינעם צװײטן באהעפט איז ער ניט קײן טוער: ער טוט אָרנישט, אנדערע זעען אים. אָבער פון גראמאטישן שטאנדפונקט א זדאָ די לאגע אײן און דיזעלבע: אין בײדע באהעפטן איז דאָ א פערזאָניקער װערב „זעט", װאָס הענגט אָפּ פון א סוביעקט „ער". אין מערצאָל װעלן בײדע באהעפטן װערן אזױ:

1. זײ זעען פונװײַטן.



2. זײ זעען זיך פונװײַטן.



דעריבער דאַרף מען שטענדיק געדענקען, אז מע זאָגט סוביעקט, מײנט מען דאָס װאָרט, װאָס ציט צו זיך דעם פערזאָניקן װערב.

**87.** אלס א סוביעקט קאָן אמאָל זײַן אויך א טוונג. לעמאָשל:

1. זײַן שרײַבן געפעלט מיר.



2. איר לײענען פארמאטערט מיך.



דער סוביעקט פונעם ערשטן באהעפט איז „שרײַבן". דער סוביעקט פונעם צװײטן איז „לײענען".

דידאָזיקע צװײ װערטער, װי מיר װײסן, קאָנען אויך זײַן פערזאָניקע װערבן לעמאָשל:

3. מיר שרײַבן בריװ.



4. מיר לײענען צײַטונגען.



פונדאגען איז געװױנען, אז ס'זײַנען דאָ װערטער, װאָס קאָנען זײַן א סוביעקטן, אי פערזאָניקע װערבן: שרײַבן, לײענען.

אָבער ניט אלע װערטער, װאָס קאָנען זײַן סוביעקטן, קאָנען אויך זײַן פערזאָניקע װערבן, און ניט אלע װערטער, װאָס קאָנען זײַן פערזאָניקע װערבן, קאָנען זײַן סוביעקטן. לעמאָשל:

ער לײענט א צײַטונג און הערט דעם פאָרטראג.



די ווערטער „לייענט" און „הערט" זײַנען דאָ פּערזאָניקע ווערבן*. קיין סוביעקטן קאָנען זיי ניט זײַן. די ווערטער „ער", „צײַטונג" און „פּאָרטראַג" קאָנען זײַן סו-ביעקטן**, אָבער קיין פּערזאָניקע ווערבן קאָנען זיי ניט זײַן.

**88.** קוקט זיך צו צו די ווײַטערדיקע פּערזאָניקע ווערבן און צו זייערע סוביעקטן.

1. דער טאַטע און די מאַמע **וואַרטן** שוין לאַנג אַף דיר.
2. לעקעך און בראָנפֿן **קאָסטן** זייער טײַער.
3. לונגען און לעבער **הענגען** אין יאַטקע.

1. טאַטע-מאַמע **וואַרט** שוין לאַנג אַף דיר.
2. דער לעקעך-און-בראָנפֿן **קאָסט** זייער טײַער.
3. א לונג-און-לעבער **הענגט** אים אַף דער נאָז.

ווערטער-קאָמבינאַציעס, ווי טאַטע-מאַמע, לעקעך-און-בראָנפֿן, לונג-און-לעבער, גאָפּל-מעסער, שער-און-אײַזן, האַלדז-און-נאַקן און ענלעכע — באַטראַכט מען אַלס איין גאַנצעס (זעט זײַט 54).

אויב דער סוביעקט אין א זאַץ איז פֿון אַזוינע ווערטער-קאָמבינאַציעס, קומט דער פּערזאָניקער ווערב מערסטנטיילס אין איינצאָל. עס טרעפֿט אויך, אַז אַזוינע סו-ביעקטן ציִען צו זיך א פּערזאָניקן ווערב אין מערצאָל: „טאַטע-מאַמע... שלאָפֿן אַף זייערע געלעגערס". (ש. אש)

**89.** דער פּערזאָניקער ווערב קאָן קומען אין איינצאָל אָדער אין מערצאָל, אויב דער סוביעקט איז אַזא: כעוורע, אוילעם, אַרמײ, קאָהאָל, מאַכנע... לעמאָשל:

| איינצאָל | מערצאָל |
|---|---|
| **כעוורע** שטייט הינטער דער טיר (פּערעץ) | **כעוורע** שאַרן זיך אַרײַן צו מאָטעלען (ווײַסנבערג) |
| כאַפּט **כעוורע** א פרישע קאַן וואַסער (פּערעץ) | זײַנען **כעוורע** זיך צוזאַמענגעקומען (ש. אש). |

אין אַלע פֿיר זאַצן האָבן מיר דאָ איין און דעמזעלבן סוביעקט („כעוורע"). פֿונ-רעכטס איז דער פּערזאָניקער ווערב אין איינצאָל, און פֿונלינקס — אין מערצאָל, אומ-אָפּהענגיק פֿון דעם, צי דער סוביעקט איז פֿ א ר אָדער נ אָ ך דעם פּערזאָניקן ווערב.

עס טרעפֿט, אַז ווען דער סוביעקט איז א זאַמלוואָרט (כעוורע, אוילעם...), זאָל דער פּערזאָניקער ווערב קומען אין איינצאָל און אין מערצאָל אַפילע אין איין און דעמזעלבן באַהעפֿט, לעמאָשל:

גאַנץ **פּוילן** בענטשט זיך אין אים און ווינטשן זיך אַזוינע קינדער ווי ער. (לינעצקי)

די פּערזאָניקע ווערבן „בענטשט" און „ווינטשן" הענגען דאָ אָפּ פֿונעם סוביעקט „פּוילן". דאָך איז „בענטשט" אין איינצאָל, און „ווינטשן" — אין מערצאָל.***

* ווי מיר וועלן נאָך זען אינעם II-טן טייל, קאָנען אויך ניט קיין פּערזאָניקע ווערבן האָבן אַזא פֿאָרם ווי „לייענט" און „הערט".

** אין דעם פֿאַל איז א סוביעקט בלויז „ער".

*** בעסער אויסצומײַדן אַזא דערשײַנונג און שרײַבן:

גאַנץ פּוילן ב ע נ ט ש ט(ן) זיך אין אים און ו י נ ט ש ט(ן) זיך אַזוינע קינדער ווי ער.

אָבער ניט אַלע זאַמלווערטער — סוביעקטן ציִען צו זיך אַ פּערזאָניקן ווערב אין איינצאָל אָדער אין מערצאָל. מע קאָן לעמאָשל ניט זאָגן: דער וואַלד זײַנען זייער געדיכט. מע דאַרף זאָגן: דער וואַלד איז זייער געדיכט.

**90.** אויפן טיש שטייט אַ קרוג וואַסער.
אויפן טיש שטייט אַ טעלער קרויט.

די סוביעקטן אין די צוויי באַהעפטן זײַנען פּאָרלעך. „אַ קרוג וואַסער" — דאָס איז ניט איין וואָרט: מע קאָן עס זייער לײַכט פאַנאַנדערטיילן. מע קאָן זאָגן: אַ קרוג געקאָכטעס וואַסער. נאָר דער סוביעקט ווערט דאָ זײַן „אַ קרוג וואַסער" — איין סוביעקט.

אַזוינע סוביעקטן-פּאָרלעך זײַנען דאָ אין דער שפּראַך זייער פיל. לעמאָשל:
1) מײַן ברודער עליע האָט אַ טרוקענע האַנט מיט דאַרע פינגער.
2) דאָס קליינע שטעטל טונעיאַדעווקע איז אַ פאַרוואָרפן ווינקל.*

**91.** דער פּערזאָניקער ווערב קומט אין איינצאָל אָדער אין מערצאָל, ווען דער סוביעקט איז אַזאַ פּאָרל:

דער אוילעם באַלעבאַטים צעגייט זיך (ווײַסנבערג)

דער סוביעקט איז דאָ „אוילעם באַלעבאַטים". „אוילעם" איז אַ זאַמלוואָרט, „באַלעבאַטים" איז אין מערצאָל (אין איינצאָל — באַלעבאָס). דער פּערזאָניקער ווערב „צעגייט" איז דאָ אין איינצאָל.

עס וועט ניט זײַן קיין פעלער, ווען מע וועט דעם אייגענעם באַהעפט אויך זאָגן אַזוי:

דער אוילעם באַלעבאַטים צעגייען זיך.

אין דער ליטעראַטור באַגעגענען מיר אַזוינע פאַלן אין ביידע צאָלן. לעמאָשל:

| איינצאָל | מערצאָל |
|---|---|
| אַ גאַנצע מאַכנע הינט שפּרינגט צו צום בוים (פּערעץ) | גייען אַ שורע סאָרווערס מיט גרוי-סע טעלער פּיש (פּערעץ) |
| הינטער אים שטעלט זיך אָפּ די גאַנצע כעווריע קאַפּצאָנים (פּערעץ) | די גאַנצע גאַס הײַזער זײַנען גאָר נישט ווערט געווען (ש. אַש) |

* אַזוינע פּאָרלעך ווערטער קאָנען זײַן אויך ניט קיין סוביעקטן. לעמאָשל:
1) איך גיי צו מײַן ברודער עליע.
2) איך קום פונעם שטעטל טונעיאַדעווקע.

אַן אָריגינעלע מיטשטימונג פון פּערזאָניקע ווערבן מיט אזא פּאָרל-סוביעקט איז דאָ בא מענדעלע מוֹיכער-ספאָרים:

„באם עק פון א לאנגן דעמבענעם טיש
זיצט א כעוורע קלעזמער און סטראָיען, שטעלן אָן זייערע קיילים".

92. אויב דער סוביעקט איז א צונויפזאץ, שטימט דער פּערזאָניקער ווערב מיטן סוביעקט. לעמאָשל:

1. א פּרויען-פיגור באווייזט זיך אף דער סצענע.

2. די רעוואָליוציע-אינטערעסן שטייען העכער פון אלץ.

אינעם ערשטן באהעפט איז דער צונויפזאץ אין איינצאָל — איין פּרויען-פיגור, — ציט עס צו זיך א פּערזאָניקן ווערב אויך אין איינצאָל.

אינעם צווייטן באהעפט איז דער צונויפזאץ אין מערצאָל — די רעוואָליוציע-אינטערעסן, — איז שוין דער פּערזאָניקער ווערב אויך אין מערצאָל.

דעריבער דארף מען ניט פלאָנטערן א צונויפזאץ מיט די פּאָרלעך ווערטער, וואָס מיר האָבן פריִער וועגן זיי גערעדט. גיט נאָכאמאָל א קוק, לויט וועלכע סימאָנים דערקענט מען א צונויפזאץ.

ווייזט אָן דעם סוביעקט אין דער ווייטערדיקער פּראזע.

א פארוואונדערט יידענע-פּאָנעם קומט ארויס פונדאָרט... (בערגעלסאָן)

93. אָפט קומען באהעפטן מיט עטלעכע פּערזאָניקע ווערבן. לעמאָשל:

איך הער און טראכט.

אינעם דאָזיקן באהעפט האָבן מיר צוויי ווערבן, וואָס ביידע ציִען זיי זיך צו איין און דעמזעלבן סוביעקט. אויב מיר וועלן ענדערן דעם סוביעקט, וועלן זיך אויך ענדערן ביידע ווערבן. לעמאָשל:

מיר הערן און טראכטן.

אף אזא אויפן קאָן אמאָל א סוביעקט ציען צו זיך פיל פּערזאָניקע ווערבן, ווייל א טוער (א סוביעקט) קאָן טאָן פיל ארבעטן. לעמאָשל:

„גייט ער און קוקט ארײַן צו מיר אין קרוג ארײַן און הייסט זיך געבן פארזוכן.

גיס איך אים אָן א גלאָז מיט קוואס. דער יאָוון טוט א טרינק אָפּ און שפּײַט אויס און ווערט מאָלערעציכע". (שאָלעם אליי כעם)

אָפּט קומען באהעפטן מיט עטלעכע סוביעקטן. לעמאָשל:

פעלדער און וועלדער לויפן פאַרבײַ.



דער פערזאָניקער ווערב „לויפן“ ציט זיך אי צו „פעלדער“, אי צו „וועלדער“.

אין אזוינע פאלן, ווען עס זײַנען דאָ עטלעכע סוביעקטן, און דער ווערטער-סיידער איז אזא, אז פריִער גייט דער פערזאָניקער ווערב און נאָכדעם די סוביעקטן, — קומט אָפּט פאָר אזא מיטשטימונג:

1. עס ווערט א טומל, א ראַעש, א מעהומע (שאָל. אל.)



2. אין יעדן הײַזעלע, אין יעדער קאמער
רעדט א נײַ-מאשין, א הובל, צי א האמער. (כאריק)



און אמאָל קומט אין אזוינע פאלן דער פערזאָניקער ווערב אויך אין מערצאָל. לעמאָשל:

געזעסן זײַנען אין קיך שמועל וואָלציס, זײַן ווײַב און נאָך איינער א קויטיק-לעכער און שלעפּערדיקער יונגערמאַן. (בערגעלסאָן)

אויב אָבער יעדער פון אזוינע סוביעקטן איז אין מערצאָל, קומט דער פערזאָניקער ווערב אויך אין מערצאָל, אפילו ווען ער איז פאר די סוביעקטן. לעמאָשל:

דאָרט געפינען זיך ביכער, בריוו, כעזשבוינעס.



## אויפגאבע 13

I. שטעלט צונויף פראזעס, ווו די ווײַטערדיקע ווערטער זאָלן זײַן סוביעקטן.
דער זייגער, דער שניי, דער לאָמפּ, דער וואָלף, די וואנט, די געבײַדע, דער טיש, דער ארבעטער-קלאס, די ווירטשאפט, די ביימער.
לעמאָשל: דער זייגער גייט.



II. שטעלט צונויף פראזעס, ווו די פרויעדיקע ווערטער זאָלן זײַן ניט קיין סוביעקטן; סוביעקטן זאָלן זײַן אנדערע ווערטער.
לעמאָשל: איך קויף דעם זייגער.



III. שאפט פראזעס, ווו די ווײַטערדיקע ווערטער זאָלן זײַן פערזאָניקע ווערבן.
שרײַבן, לויפן, טומלען, לייענען, ארבעטן, שלאָפן, עסן, טרינקען.
לעמאָשל: מיר שרײַבן.



IV. שאפט פראזעס, ווו די פרויעדיקע ווערטער זאָלן זײַן סוביעקטן (זאָלן ציען צו זיך פערזאָניקע ווערבן).
לעמאָשל: זײַן שרײַבן געפעלט קיינעם ניט.



V. שאפט פראזעס, ווו די ווײַטערדיקע פֿאַרלעך זאָלן זײַן סוביעקטן.
א גלאָז טיי, א קילאָ צוקער, א קופּע היי, דער פעטער מוישע, א טאָפּ פלייש, א בויגן פּאַפּיר, די שווענערן בראָכע, דער כאוועד פּיניע, א בארג שניי, א ברעג טײַך.
לעמאָשל: א גלאָז טיי קאָסט פינף קאָפּעקעס.

VI. שאפט פראזעס, ווו די פּרעדיקאַטיווע פֿאַרלעך זאָלן זײַן ניט קיין סוביעקטן.
לעמאָשל: איך קויף א גלאָז טיי.

VII. שאפט פראזעס, ווו די ווײַטערדיקע פֿאַרלעך זאָלן זײַן סוביעקטן.
א יאַם מענטשן, א טייל אָנגעשטעלטע, א קעהילע יידן, א געזעלשאפט מאַרק-סיסטן, א גרופּע סטודענטן, א קרײַז ליטעראַטן, אַן אוילעם אַרבעטער, א גאַס מענטשן, א שיף מאַטראָסן, א וואַנט ביכער.
לעמאָשל: א יאַם מענטשן הייבט (הייבן) די הענט פאַרן קאָמוניסט.

VIII. שאפט פראזעס, ווו די פּרעדיקאַטיווע פֿאַרלעך זאָלן זײַן ניט קיין סוביעקטן.
לעמאָשל: איך זע א יאַם מענטשן.

IX. שאפט פראזעס, ווו די ווײַטערדיקע צונויפזאַצן זאָלן זײַן סוביעקטן.
א קינדערהיים, וואַנטצײַטונגען, אַן אַרבעטער-קלוב, פאַבריק-שולן, פּאַרטיי-קאָמיטעטן, א שטאָטזייגער, ראַטנמאַכט, אָוונטקורסן, פערד-סטאַנציעס, א מאַרק-סיסטן-געזעלשאפט.
לעמאָשל: א קינדערהיים עפנט זיך אין ראַיאָן (אין ראַיאָן עפנט זיך א קינדער-היים).

X. שאפט פראזעס, ווו די פּרעדיקאַטיווע צונויפזאַצן זאָלן זײַן ניט קיין סוביעקטן.
לעמאָשל: דער ראַיאָן עפנט א קינדערהיים.

XI. שטרײַכט אונטער אין די ווײַטערדיקע באַהעפטן אַלע פּערזאָנישע ווערבן.
1) גרינגע ווינטן קומען און פאַרגייען. 2) זיצט דער זיידע אויף א שטיין און גלעט א באָרד א ווײַסע. 3) לייג איך צו מײַן אויער און דערפריי זיך. 4) כאַפּט ער מיך אָן אין מיטן גאַס און זאָגט צו מיר. 5) ער זוכט מיך אין שטוב און אין הויף און געפינט מיך ניט. 6) דער אַלטער קומט אַרײַן און שטעלט זיך אָפּ. 7) אַלע ריירן, מאַכן מיט די הענט, קאָכן זיך. 8) איך ליג בײַ מענדל דעם שוסטער אויפן דאַך און קוק און קוק. 9) זיי באַצאָלן, שפּײַען אויס און גייען אַוועק. 10) איינער גייט צו, פאַרזוכט, טוט א פּליאַסקע אויס די גלאָז גלײַך מיר אין פּאָנעם אַרײַן.

XII. שטרײַכט אונטער אין די ווײַטערדיקע באַהעפטן אַלע סוביעקטן.
1) ביימער און גראָז שמייכלען עפּעס זיס. 2) די טוויגע און די ביימער שטייען שטיל. 3) באַלעבאַטים, יונגלעך, ווײַסעכעווערע לויפן אַנטקעגן. 4) עס ווערט צווישן זיי א געבילעריי, א געשלעגעריי. 5) פאַרשיידענע געדאַנקען, מאַכשאָוועסן קריכן אין קאָפּ אַרײַן. 6) אַלטע אַרבעטער און יונגע פּיאָנערן הערן אויפמערקזאַם דעם פּאָר-טראָג. 7) אַרבעטער, קוסטאַרן און פּויערים לייענען דעם „עמעס“.

## 14. סוביעקט־גרופּע

**94.** קוקט זיך צו צו די ווײַטערדיקע באַהעפטן.

1. **א האָגל פון שאַרפע באָדלען פאלט אויף זײַן קאָפּ.**
2. **אויף זײַן קאָפּ פאלט א האָגל פון שאַרפע באָדלען.**
3. **ס׳פאלט א האָגל פון שאַרפע באָדלען אויף זײַן קאָפּ.**
4. **ס׳פאלט אויף זײַן קאָפּ א האָגל פון שאַרפע באָדלען.**

דאָ זעען מיר פיר פארשיידענע קאָמבינאציעס. אין אלע פיר קאָמבינאציעס גייען די ווערטער „א האָגל פון שארפע נאָדלען" צוזאמען. לאָמיר פרובירן פאנאנדערטיילן דידאָזיקע גרופע ווערטער. לעמאָשל:

א האָגל פאלט אף זײַן קאָפּ פון שארפע נאָדלען.

דאָ באקומען מיר שוין עפעס אנדערש לויטן געדאנק. דאָ קאָן מען מיינען, אז דער קאָפּ איז פון שארפע נאָדלען. דאָס באווײַזט, אז אזוי אויסשטעלן די ווערטער אינעם פרידיקן באהעפט — דארף מען ניט.

שווערער צו באנעמען דעם באהעפט וועט אויך זײַן דאן, ווען מע וועט שרײַבן אזוי:

פון שארפע נאָדלען פאלט אף זײַן קאָפּ א האָגל.

פארגלײַכט דידאָזיקע רעדאקציע מיט די פריערדיקע פיר, וועט איר גלײַך באמערקן, אז זי איז ערגער און שווערער פון די ערשטע פיר קאָמבינאציעס. דאָס באווײַזט, אז ס'איז בעסער, ווען די ווערטער „א האָגל פון שארפע נאָדלען" גייען צוזאמען.

דער סוביעקט אין דידאָזיקע באהעפטן איז דאָ אומעטום א „האָגל". די ווערטער „פון שארפע נאָדלען" ציען זיך צו „האָגל" — צום סוביעקט. „א האָגל פון שארפע נאָדלען" איז דאָ אף אזא אופן איין גרופע.

| |
|---|
| 1. דער סוביעקט און די ווערטער, וואָס ציען זיך צו אים (אויסערן פערזאָניקן ווערב), — דאָס שאפט די סוביעקט-גרופע פון א באהעפט.<br>2. די סוביעקט-גרופע קאָן קומען פון אָנהייב באהעפט, אינמיטן, צומסאָף — אָבער שטענדיק צוזאמען. |

95. די ווערטער אין דער סוביעקט-גרופע גופע לאָזן זיך אמאָל איבערשטעלן. לעמאָשל:

1. א האָגל פון שארפע נאָדלען פאלט אף זײַן קאָפּ.
2. פון שארפע נאָדלען א האָגל פאלט אף זײַן קאָפּ.
3. א האָגל פון נאָדלען שארפע פאלט אף זײַן קאָפּ.

דאָ זעען מיר דרײַ פארשיידענע קאָמבינאציעס פון דער סוביעקט-גרופע גופע.

נאָר עס טרעפן אויך אזוינע פאלן, ווען די ווערטער פון דער סוביעקט-גרופע לאָזן זיך ניט איבערשטעלן איינע מיט די אנדערע. לעמאָשל:

ארבעטער מיט זייערע קינדער בויען דאָס קולטור-הויז.

דאָ מוז די סוביעקט-גרופע „ארבעטער מיט זייערע קינדער" קומען אין דעם סדר, ווי עס איז דאָ; איבערשטעלן לאָזן זיי זיך ניט, דידאָזיקע ווערטער.

[די גרופעס ווערטער „א האָגל פון שארפע נאָדלען" און „ארבעטער מיט זייערע קינדער" קומען צוזאמען ניט דערפאר, ווײַל זיי זײַנען סוביעקט-גרופעס. זיי

קאָנען זײַן אויך ניט קײן סוביעקט-גרופּעס, און מע זאָל זײ אויך מוזן רעכענען אינײנעם. לעמאָשל:

1. איך ווארף אף זײַן קאָפּ א האָגל פון שארפע נאָדלען.

2. מיר רופן אפן יאָנטעוו ארבעטער מיט זײערע קינדער.

אין יעדער פּראזע קאָן מען גאנץ פרײַ איבערשטעלן די ווערטער. נאָר וואָס פאר א ווערטער-סײדער עס זאָל דאָ ניט זײַן, וועלן די גרופּעס ווערטער „א האָגל פון שארפע נאָדלען" און „ארבעטער מיט זײערע קינדער" אין אלע פאלן קומען אין דידאָזיקע פּראזעס אלס גאנצע גרופּעס, כאָטש זײ זײַנען שוין איצט ניט קײן סוביעקט-גרופּעס.

[וועגן אזוינע דערשײַנונגען וועט אויסקומען גענוי צו ריידן אינעם II-טן טייל גראמאטיק].

96. אָפּט טרעפט, אז מע פארגעסט, וואָסער וואָרט איז דער סוביעקט, און מע נעמט אָן פארן סוביעקט אנדערע ווערטער פון דער סוביעקט-גרופּע. לעמאָשל:

די שלעכטע לאגע אין געוויסע פארײנען מוזן
ווירקן אף די פּאבזאוואָקאָמען.

אינעם דאָזיקן באהעפט איז דער סוביעקט די „לאגע". דער שרײַבער פונעם דאָזיקן באהעפט האָט מאשמאָעס פארגעסן וועגן דעם און האָט די „פארײנען" אָנגענומען פארן סוביעקט. דערפאר איז אינעם זאץ ניט קײן ריכטיקע מיטשטימונג פונעם פּערזאָניקן ווערב מיטן סוביעקט: דער סוביעקט איז דאָ אין אײנצאָל („די לאגע"), און דער פּערזאָניקער ווערב — אין מערצאָל („מוזן").

ריכטיק דארף מען שרײַבן דעם פריערדיקן באהעפט אזוי:

די שלעכטע לאגע אין געוויסע פארײנען מוז
ווירקן אף די פּאבזאוואָקאָמען.

דעמזעלבן פעלער פון פארגעסן דעם סוביעקט האָט אויך געמאכט דער שרײַבער פונעם ווײַטערדיקן באהעפט.

אזא צושטאנד פון די קאָמיוגישע קעמערלעך גיבן
די קלײקווידעס די מעגלעכקײַט צו פירן זײער שעדלעכע ארבעט.

דאָ איז די סוביעקט-גרופּע א גאנץ היפּשלעכע. דאָס לעצטע וואָרט פון דער סוביעקט-גרופּע איז דאָ „קעמערלעך", האָט דער שרײַבער אפּאָנעם דאָסדאָזיקע וואָרט אָנגענומען פארן סוביעקט און האָט דעריבער אָנגעשריבן דעם פּערזאָניקן ווערב אין מערצאָל („גיבן").

אָבער מיר ווייסן, אז ניט די „קעמערלעך" גיבן די קלײקווידעס די מעגלעכקײַט..., נאָר דער „צושטאנד" פון די קעמערלעך. דעריבער דארף מען דעם פריערדיקן באהעפט שרײַבן אזוי:

אזא צושטאנד פון די קאָמיוגישע קעמערלעך גיט
די קלײקווידעס די מעגלעכקײַט צו פירן זײער שעדלעכע ארבעט.

**97.** אין די פריערדיקע בײַשפּילן האָבן מיר געהאַט אַלץ אַזוינע, ווו דער פּערזאָניקער ווערב איז אין מערצאָל אָנשטאָט אײנצאָל. איצט װעלן מיר זיך פאַרנעמען מיט א פאַרקערטער דערשײַנונג, װען פאַרגעסנדיק דעם סוביעקט, שרײַבט מען דעם פּערזאָניקן ווערב אין אײנצאָל אָנשטאָט מערצאָל. לעמאָשל:

די לימודים אינעם מײַרעוו-אוניווערסיטעט
קומט פאָר אױף דער מוטער-שפּראַך.

דער סוביעקט אינעם דאָזיקן באַהעפט איז — „די לימודים". דער שרײַבער פונעם דאָזיקן באַהעפט האָט מאַשמאָעס פאַרגעסן וועגן דעם און האָט דעם „מײַרעוו-אוניווערסיטעט" אָנגענומען פאַרן סוביעקט. דערפאַר איז אינעם באַהעפט ניט קײן ריכטיקע מיטשטימונג פונעם פּערזאָניקן ווערב מיטן סוביעקט: דער סוביעקט איז דאָ אין מערצאָל („די לימודים"), און דער ווערב — אין אײנצאָל („קומט").

ריכטיק דאַרף מען דעם פריערדיקן באַהעפט אַזוי שרײַבן:

די לימודים אינעם מײַרעוו-אוניווערסיטעט
קומען פאָר אױף דער מוטער-שפּראַך.

קוקט זיך צו צו דער ווײַטערדיקער פראַזע און מאַכט זיך קלאָר, פונוואַנען עס שטאַמט דאָ די צעשטערטע מיטשטימונג.

די פּאַרטײ-אָרגאַניזאַציעס פון אוקראַיִנע הײבט אָן
די איבערוואַלן פון די פּאַרטײיִשע קאָמיטעטן און ביוראָען.

בעסערט אויס דעם פּערזאָניקן ווערב פון דער לעצטער פראַזע.

געפינט די סוביעקטן פון די ווײַטערדיקע באַהעפטן (פראַזעס) און פאַרענדיקט זײערע פּערזאָניקע ווערבן.

1. די שנעלע טעמפּן פון דער סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע פון דער פאָלקסווירטשאַפט פאָדער... קלאַסאַלע קאַדרען באַוווסטזיניקע פּראָלעטאַריער.
2. די דירעקטיוון פון דער פּאַרטײ און אָנפירנדיקע פּראָפאַרײנישע אָרגאַניזאַציעס וועגן איבערבויען די פאָרמען און מעטאָדן פון דער פּראָפאַרבעטווער... אינעם טעקסטיל-פאַריין רעאַליזירט אין זײער א לאַנגזאַמען טעמפּ.

**98.** אין אַלע פריערדיקע בײַשפּילן האָבן מיר געהאַט אױפן ערשטן אָרט אין באַהעפט דעם סוביעקט (סוביעקט-גרופּע). די מיטשטימונג פונעם פּערזאָניקן ווערב מיטן סוביעקט איז דאָרטן געוועזן ניט קײן ריכטיקע, א צעשטערטע, ווײַל מע מאַכט טאָעסן, פאַרגעסנדיק דעם סוביעקט.

נאָך מער מאַכט מען טאָעסן מיט דער מיטשטימונג, ווען דאָס ערשטע אָרט אין זאַץ פאַרנעמט דער פּערזאָניקער ווערב. לעמאָשל:

עס קומט אָן פון אַלע קאַנטן בריוו.

דער סוביעקט איז דאָ „בריוו" — אין מערצאָל. דער פּערזאָניקער ווערב איז דאָ אלפיטאָעס אין אײנצאָל. אַזאַ טאָעס נעמט זיך מינאַסטאַמ פון דעם, וואָס אָנ-

הייבנדיק ריידן אָדער שרײַבן, קלערט מען ניט וועגן סוביעקט. דעריבער האָבן מיר דאָ ניט קיין ריכטיקע מיטשטימונג. ריכטיק דארף מען די פריערדיקע פראזע שרײַבן אזוי:

עס **ק ו מ ע ן** אָן פון אלע קאנטן בריוו.

[ס'זײַנען דאָ מײנונגען, אז מע מעג דורכלאָזן אזא צעשטערטע מיטשטימונג ווי פריער. מיט מיטשטימונג וועלן מיר זיך נאָך באשעפטיקן אין די ווײַטערדיקע לימודים און אויך אינעם II-טן טייל].

**99.** געוויינטלעך איז אין א יידישן באהעפט דער סיידער פון די ווערטער אזא: אפן ערשטן אָרט גייט דער סוביעקט און די ווערטער, וואָס ער ציט צו זיך (סוביעקט-גרופע); נאָכדעם גייט דער פערזאָניקער ווערב און די איבעריקע ווערטער. לעמאָשל:

1. **איך** גיי מיט אײַך אין געוועט. (שאָל.-אל.)
2. **מײַן ברודער עליע** איז א געטרײַער ברודער. (שאָל.-אל.)
3. **אונדזער שכײנע פעסי די גראָבע** האָט זיך אין מיר פארליבט. (ש.-א.)

דער סוביעקט קומט אמאָל ניט אפן ערשטן אָרט, ווען מע וויל באטאָנען אנדערע ווערטער פונעם באהעפט. לעמאָשל:

1. **איך** גיי מיט אײַך אין געוועט.
2. **מײַן ברודער עליע** איז א געטרײַער ברודער.
3. **אונדזער שכײנע פעסי די גראָבע** האָט זיך אין מיר פארליבט

1. אין געוועט גיי **איך** מיט אײַך.
2. א געטרײַער ברודער איז **מײַן ברודער עליע.**
3. אין מיר האָט זיך פארליבט **אונדזער שכײנע פעסי די גראָבע.**

פארגלײַכט אײַער אינטאָנאציע און אקצענט בא די רעכטע און לינקע באהעפטן.

דער סוביעקט קומט ניט אפן ערשטן אָרט זייער אָפט אויך דאן, ווען דער באהעפט איז אף א געוויסן אויפן לויטן געדאנק געבונדן מיטן פריערדיקן. אין אזויגע פאלן שטעלט מען צום אָנהייב באהעפט דעם פערזאָניקן ווערב. לעמאָשל:

1) — וואָס איז דאָרטן? 2) — **הערט** זיך א הייזעריק קאָל...

1) — גאָרנישט! 2) — **ענטפערט** די מאמע און ווישט די אויגן. (שאָל.-אל.)

אין די צ ו ו י י ט ע באהעפטן איז דאָ דער פערזאָניקער ווערב פ א ר ן סוביעקט.

דאָסזעלבע וואָלטן מיר געשריבן אנדערש, ווען די פראגע און דער ענטפער זאָלן קומען שפעטער. לעמאָשל:

**א הייזעריק קאָל** הערט זיך: „וואָס איז דאָרטן"? **די מאמע** ווישט די אויגן און ענטפערט: „גאָרנישט"!

דאָ האָבן מיר שוין די סוביעקטן אין אָנהייב באהעפטן. דאָ באקומען זיך די באהעפטן מער אָפגעריסן איינע פון די אנדערע ווי אין די פריערדיקע.

באזונדערס אָפט איז דער סוביעקט ניט אפן ערשטן אָרט אין לידער, ווו עס שפילט גאָר א גרויסע ראָליע דאָס באטאָנען, די אינטאָנאציע, א באשטימטער טאקט (ריטם).

**100.** ווען דער פּערזאָניקער ווערב קומט אפן ערשטן אָרט אין באהעפט, שטעלט מען אָפּט פאר אים אן „עס״ אָדער „ס״ (מיטן אפּאָסטראָף). לעמאָשל:

1. א בייזער הונט ליגט אין גאָרטן
2. עס ליגט (ס׳ליגט) א בייזער הונט אין גאָרטן *.

קוקט זיך צו צום ווייטערדיקן

ס׳וו ־רט פון הארץ ניט אויסגעמעקט קיין זאך

ס׳ווערט קיין זאך פון הארצן ניט פארטיליקט (כאשטשעוואצקי).

באמערקט, ווו עס שטייען דאָ די סוביעקטן און די פּערזאָניקע ווערבן. פּרובירט איבערשטעלן די ווערטער, דער פּערזאָניקער ווערב זאָל שטיין ניט פון אָנהייב באהעפט. וואָס ווערט דאן מיטן „ס״?

קוקט זיך צו צום אָרט פונעם סוביעקט אין די ווייטערדיקע באהעפטן.

1. אָפּגעהאנדלט די קאנאפּע מיטן בעטל האָט כאנע די יידענע. (שאָל.-אל.).
2. אז מע פלעגט לאכן, פלעגט ער אויסשטעלן א פּאָר אויגן און אָנקוקן, פארוואָס מע לאכט. פּאַריבל האָבן דערפאַר פלעגט ער קיינמאָל נישט. (מענדעלע)

שטעלט* איבער די ווערטער פון די פּריַערדיקע באהעפטן אזוי, אז פּרייער זאָל אומעטום גיין דער סוביעקט.

**101.** קוקט זיך צו צום אָרט פונעם סוביעקט אינעם ווייטערדיקן.

**א. כאריק.**

צו אונדז אין סאָד זאָל קיינער ניט אריינגיין,
ווער עס בענקט נאָך שטילקייט און נאָך רו,
ווער עס דארף זיך אויסרוען א שווייגן!..
בא אונדז אין סאָד רוט שטורעם אף די צווייגן,
און צווייגן בייגן זיך באלאָדענע מיט פרוכט.
דאָ רוישט די לופט, און ס׳רוישן פעטע זאפטן,
און ביימער רוישן דאָ אין רויער פרייד...
יעדער בוים פארמאָגט שוין הויכע קלאפּטער,
און ווער עס קוקט, — מוז הויך דעם קאָפּ פארווארפן
און די אויגן דאָ פאנאנדערנעמען ברייט.
אין ווילדן ווּקס, אין ווונדערלעכן וואקסן
האָבן צווייגן דאָ קיין מעסער ניט פארזוכט...
דאָ שמעקט מיט פעך און פרילינגדיקע שלאקסן,
און קאָרע פלאצט מיט אויסגעשריי פון וואקסן,
און ביימער וויגן זיך אין צייטיקייט פון פרוכט...

* דאן איז שוין דער פּערזאָניקער ווערב ניט אפן ע ר ש ט ן אָרט אין באהעפט נאָר אפן צ ו ו י י ט ן. (אפן ערשטן אָרט איז דאָס וואָרט „עס״)

**102. הערט זיך צו צו איַיער אינטאָנאַציע באַם לייענען דעם וויַיטערדיקן באהעפט.**

אונדזער שכיינע פעסיע די גראָבע האָט זיך אין מיר פארליבט.

דעמדאָזיקן באהעפט ריידן מיר ניט ארויס נאָכאנאנד. נאָך דעם וואָרט „גראָבע", נאָך דער סוביעקט-גרופע, מאכן מיר א לענגערן אָפשטעל; מיר מאכן אזא פאוזע, וואס געוויינטלעך, אין אנדערע פאלן, באצייכנט מען זי מיט א קאָמע. אָבער דאָ דארף מען קיין קאָמע ניט האָבן.

> 1. אין ריידן מאכט מען א פאוזע צווישן דער סוביעקט-גרופע און דעם וויַיטערדיקן טעקסט.
> 2. אין שריַיבן דארף מען דידאָזיקע פאוזע ניט באצייכענען.

לייענט דורך ריכטיק די וויַיטערדיקע באהעפטן, מאכנדיק אלע נייטיקע אָפּ-שטעלן. קוקט זיך צו זיי צו: זיי זיַינען אלע אָן קאָמעס.

1) די סאָוועטישע ייִדישע ליטעראטור אָרגאניזירט זיך צום ערשטן מאָל מיט א פלאן צו באדינען און אָפּשפּיגלען א באשטימטן קלאס. (ליטוואקאָוו)

2) בלויז א טייל פון די ייִדישע ארבעטער האָט זיך באוווסטזיניק און אקטיוו באטייליקט אין דעם אָקטיאבער-אופשטאנד. (עסטער)

3) אין אייניקע פונקטן זיַינען אויך א טייל פון די פירער אונטערן דראנג פון די מאסן לינקער געוואָרן און זיַינען שוין אין די ערשטע אָקטיאבער-טעג נויטע געווען דורכצוקומען מיט די באָלשעוויקעס. (עסטער)

4) די ייִדישע שריַיבער אין ראטנפארבאנד האָבן טריַי און איבערגעגעבן דורכ-געמאכט מיטן גאנצן ארבעטער-פויערשן לאנד אלע צאָרעס און שוועריקייַטן פון דער רעוואָליוציע. (ליטוואקאָוו)

די קאָמע דארף מען אָבער שטעלן צווישן גליַיכארטיקע ווערטער. לע-מאָשל:

די מילכאָמע מיט אירע ייִדישע פּאָגראָמען, גיירושים, שפּיאָנאזש-בילבולים האָט נאָך פארגרעסערט דעם נאציאָנאליזם. (עסטער)

נאָך די ווערטער „פּאָגראָמען" און „גיירושים" קומען קאָמעס, וויַיל מע קאָן זאָגן „פּאָגראָמען און גיירושים און שפּיאָנאזש-בילבולים".

די אינטאָנאציע נאָך „שפּיאָנאזש-בילבולים" באצייכנט מען ניט, וויַיל קיין און קאָן דאָ ניט זיַין.

## אופגאבע 14

I. שטריַיכט אונטער די סוביעקט-גרופע אין די וויַיטערדיקע באהעפטן.

1) גרינגע ווינטן קומען און פארגייען. 2) א בייזער הונט ליגט אין גאָרטן. 3) א פיַינער סימען בליַיבט אף דער באַק. 4) דער ערשטער זומערדיקער רעגן טרינקט אָן די פעלדער. 5) זיַינע טיפע און קליינע אויגן ליַיכטן אין דער פינצטער. 6) אלטע ארבעטער און יונגע פויערן הערן אופמערקזאם דעם פּאָרטראג. 7) די טוווע אף די

פעלדער און די ביימער אין די וועלדער שטייען שטיל. 8) דער כמורער הארבסט רעגן פיקט די אויסגעדארטע פלייצעס און ווייקט די אויסגענעצטע ביינער. 9) : יונגער ארבעטער פון דער 4-טער פאבריק גיט אָפּ א באריכט וועגן דער ראציאָנא ליזאציע. 10) א נאסער, פארוויכערטער און קויטיקער פאסאזשיר-צוג גייט צו או שטעלט זיך אָפּ אויף פינף מינוט.

II. פרובירט, איבערשטעלנדיק די ווערטער, מאכן פון די פרעדיקאטן באהעפּט אלע מעגלעכע קאָמבינאציעס.

III. שרייבט אָן ריכטיק אלע ווײַטערדיקע באהעפטן. זעט, אז די פערזאָניקי ווערבן זאָלן שטימען מיט די סוביעקטן.

1) דער לימעד אין אלע גרופּעס קומ.. פאַר אויף דער מוטער-שפראך.
2) דער שמועס וועגן די פּראקטישע ארבעטן הייב.. זיך אָן הײַנט פארנאכט.
3) דער ארעסט פון די בעסטע פּארטיי-פירער פארהאלט.. אויף א געוויסער צײַט די אנטוויקלונג פון דער אָרגאניזאציע.
4) א פארצווייפלט געשריי פון אלע פארשפארטע הויפן לעכער.. דעם מויען און לאָז.. ניט אײַנשלאָפן.
5) די אמאָליקע שטימונג פון די יאָמים-נוראָים-טעג ווער.. אלץ א זעלטענע גאסט אינעם איצטיקן ייִדישן שטעטל.

1) די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע אינטערעסן פונעם קלאס אָרגאניזיר.. אים.
2) די סאָנים פונעם ייִדישן אדבעטער-קלאס הייב.. אויף זייערע קעפּ.
3) די לאָטעריי-בילעטן פון דער ערשטער אומזיסטער „עמעס"-לאָטעריי ווער.. הײַנט פאנאנדערגעשיקט אלע אבאָנענטן פון דער צײַטונג.
4) די קלאָר פאָרמולירטע דירעקטיוון פונעם 15-טן פּארטיי-צוזאמענפאָר דער-לויב.. אונדז אָנצומערקן די הויפּט-אויפגאבן פון דער ייִדישער קולטור-בויונג.

IV. שטעלט די קאָמע נאָר צווישן די ווײַטערדיקע גלײַכארטיקע ווערטער:

1) אזא לעבעדיקע זאפטיקע יאָדערדיקע פינקלדיקע ייִדישע שפראך קאָן מען זעלטן געפינען אין אונדזער ליטעראטור. (ליטוואקאָוו)
2) און ס'ציִען זיך אזוי די קורצע פינצטערע טעג און יאָגן דאָס שטעטל אלץ טיפער און טיפער אין ווינטער ארײַן. (בערגעלסאָן)
3) אָט הייבט זיך אויף דער שנאָבל דרייט זיך קלוימערשט שלעפעריק אויף א זײַט לאָזט זיך אראָפּ פּאוואָלינקע פּאוואָלינקע. (שאָלעם-אליכעם)
4) די מאמע פּײַערט און קאָכט וויינט זיך אויס ווישט אויס די אויגן און בעט זיך באלד איבער. (שאָל.-אל.)
5) איך האָב אופגעהויבן ביידע הענט ארויף אופגעעפנט דאָס מויל און ארײַנגע-צויגן אין זיך די פרישע ווארעמע לופט (שאָל.-אל.)

## 15. פּרעדיקאט

**103.** אין די פריִערדיקע לימודים האָבן מיר אסאך מאָל גערעדט, אז דער פער-זאָניקער ווערב ווײַזט, וואָס דער סוביעקט טוט. לעמאָשל:

ער שרײַבט, איך לייען, זיי זעגן, מיר שלאָפן.

לאָמיר זיך איצט צוקוקן צום ווײַטערדיקן:

ער וועט שרײַבן.

דער פּערזאָניקער ווערב „וועט" באַטײַט ניט קיין טוונג. אויב מיר וועלן זאָגן לויז „ער וועט", — וועלן מיר ניט וויסן, וואָס וועט ער טאָן; וואָרעם די טוונג איז אָ אויסגעדריקט ניט אינעם פּערזאָניקן ווערב „וועט" נאָר אינעם וואָרט „שרײַבן", וואָס דאָ איז עס ניט קיין פּערזאָניקער ווערב. אויב מיר זאָגן „ער וועט שרײַבן", הייסט עס איין טוונג; אויב מיר זאָגן „ער וועט לייענען", באַטײַט עס ז צווייטע טוונג.

פונדאַנען איז געדרונגען, אַז עס זײַנען דאָ אַזוינע פּערזאָניקע ווערבן, וואָס זיי אַליין באַטײַטן ניט קיין טוונג. אַזוינע ווערבן הייסן זילפפּערזאָניקע. לעמאָשל: ער וועט שרײַבן, ער פּלעגט שרײַבן.

**104.** אייניקע ווערבן קאָנען זײַן אי באַטײַטיקע, אי באַהילפיקע. לעמאָשל:

| האָב | בין | האָב | בין |
| --- | --- | --- | --- |
| איך האָב געאַרבעט | איך בין געפאַלן | איך האָב אַרבעט | איך בין קראַנק |
| דו האָסט „ | דו ביסט „ | דו האָסט „ | דו ביסט „ |
| ער האָט „ | ער איז „ | ער האָט „ | ער איז „ |

אין אַלע פאַלן זײַנען דאָ די ווערטער „האָב" און „בין" פּערזאָניקע ווערבן, ווײַל זיי האָבן פּערזאָנפאָרמעס. נאָר פונרעכטס זײַנען „האָב" און „בין" באַהילפיקע, און פונלינקס זײַנען זיי באַטײַטיקע.

דאָך, אַפילע דאַן ווען דידאָזיקע צוויי ווערבן „האָב" און „בין" זײַנען באַטײַטיקע (ווי דאָ פונלינקס), זײַנען זיי פאָרט ווייניקער זעלבשטענדיק, ווייניקער באַטײַטיק אין פאַרגלײַך מיטן ווערב „שרײַב" לעמאָשל.

דאָס גיט אַ גרונד צו אײַנטיילן די פּערזאָניקע ווערבן אף דרײַ טיפּן:

1) אויסשליסלעך באַטײַטיקע: שרײַב, לייען, זעג...
2) באַטײַטיקע און באַהילפיקע: נעם, האָב, בין...
3) אויסשליסלעך באַהילפיקע: וועל, פּלעג, וואָלט.

די ווערבן פונעם ערשטן טיפּ זײַנען קיינמאָל ניט באַהילפיק, זיי אַליין ווײַזן שטענדיק דעם סוביעקטס טוונג: איך שרײַב, לייען, זעג...

די ווערבן פונעם דריטן טיפּ זײַנען קיינמאָל ניט באַטײַטיק, זיי אַליין קאָנען ניט ווײַזן דעם סוביעקטס טוונג. זיי מוזן קומען מיט נאָך ווערטער, וואָס זאָלן באַצייכענען די טוונג: ער וועט שרײַבן, ער פּלעגט שרײַבן...

די ווערבן פונעם צווייטן טיפּ קאָנען זײַן באַטײַטיק: קאָנען אַליין ווײַזן אַ טוונג (איך נעם געלט), און זיי קאָנען זײַן אויך באַהילפיק: זאָלן מוזן קומען מיט נאָך אַ וואָרט, וואָס זאָל באַצייכענען די טוונג (איך נעם שרײַבן) *.

---

* אונטערשיידן „נעם" פון „האָב" און פון „בין" —

איך נעם געלט, שרײַבן

איך וועל נעמען געלט, שרײַבן

איך האָב געלט

איך וועל האָבן געלט (וועל שרײַבן)

— דאָס איז פּראַקטיש ניט נייטיק.

די ווערבן פונעם דריטן טיפּ קומען אמאָל זעלבשטענדיק, אויב אינעם באהעפט אָדער אין פראזע איז שוין געווען א וואָרט, וואָס באטײַט א טווּנג. לעמאָשל:

פלעגט ער דאָרט אָפּזײַן, וויפל ער פלעגט (ניסטער).



דאָ האָבן מיר צוויי מאָל דעם הילפּפּערזאָניקן ווערב „פלעגט", וואָס צוזאַמען מיטן וואָרט „אָפּזײַן" באטײַט עס דעם סוביעקטס („ער") טווּנג. דאָ איז נאָר איין מאָל „אָפּזײַן" קעדיי ניט איבערצוכאזורן דאָסדאָזיקע וואָרט (פלעגט ער דאָרט אָפּזײַן, וויפל ער פלעגט אָפּזײַן). אָבער „וויפל ער פלעגט" — דאָס אָנשרײַבן אליין, אָנעם פריִערדיקן באהעפט מיטן וואָרט „אָפּזײַן", — וועט זײַן ניט קלאָר, וואָס „פלעגט ער".

**105.** פאר קיין הילפּפּערזאָניקן ווערב דאַרף מען ניט אָנעמען אזא „איז" ווי פאָלגנדיקער:

**איז** פון דעם זונטיק אָן האָט בערל קאושדאן זעלטן דווירקען געזען. (יאָפּע)

דער הילפּפּערזאָניקער ווערב איז דאָ „האָט". דער „איז" האָט דאָ גאָר אן אנדער באטײַט. ער קומט דאָ דערפאר, ווײַל דערדאָזיקער באהעפט איז לויטן געדאנק פאר-בונדן מיטן פאָריקן, דרינגט ארויס פון פאָריקן.

אויב מע זאָל איבערשטעלן די ווערטער אינעם דאָזיקן באהעפט, קאָן דער „איז" ארויספאלן. לעמאָשל:

בערל קאושדאן האָט פון דעם זונטיק אָן זעלטן דווירקען געזען.

אמאָל שטעלט מען דעמדאָזיקן „איז" לאכלוטן איבעריק. לעמאָשל:

אין דאָרפישן ראט **איז** צוליב דער אומגערעטעניש פון ווייץ פעלט זריִע. („עמעס")

אסאך גלײַכער וואָלט געווען צו אויסמײַדן דאָ דעם „איז" און שרײַבן אזוי:

1) אין דאָרפישן ראט פעלט זריִע צוליב דער אומגערעטעניש פון ווייץ.
2) צוליב דער אומגערעטעניש פון ווייץ פעלט זריִע אין דאָרפישן ראט.
3) זריִע פעלט אין דאָרפישן ראט צוליב דער אומגערעטעניש פון ווייץ.
4) עס פעלט זריִע אין דאָרפישן ראט צוליב דער אומגערעטעניש פון ווייץ.

אָנעם „איז" זײַנען דידאָזיקע נאָר באהעפטן בעסער פונעם פריִערדיקן, ווו דער „איז" איז א פּאראזיט: טוט גאָרנישט.

**106.** קוקט זיך צו צו די ווײַטערדיקע פּערזאָניקע ווערבן *.

1. און אזא ליטעראטור מוזן און וועלן פאר זיי שאפן און באשאפן די דאָרטיקע שרײַבער. (ליטוואקאָוו)
2. זי האָט פּלוצלינג אויסערגעוויינטלעך בולעט באנומען, וואָס זי קאָן, וואָס זי דאַרף, וואָס זי מוז און וואָס זי וויל טאָן פאר זיך און פארן יונג. (גאָדינער)

* אין אלע פאלן, ווען מיר זאָגן א פּערזאָניקער ווערב, מיינען מיר אלערליי טיפּן: א באטײַטיקע אי באַהילפיקע.

אין ביידע פּראזעס האָבן מיר הילפספּערזאָניקע ווערבן. אין דער ערשטער פראזע נען דאָס די ווערטער „מוזן" און „ווען", וואָס זיי הענגען אָפּ פונעם סוביעקט שרייבער" (סוביעקט-גרופּע — „די דאָרטיקע שרייבער"). אין דער צווייטער פראזע ינען דאָס די ווערטער „האָט", „קאָן", „דארף", „מוז" און „וויל", וואָס יעדעס פון י הענגט אָפּ פון א סוביעקט „זי".

די ווערטער, וואָס באַצייכענען די טוּונגען פון דידאָזיקע סוביעקטן, און וואָס וזאמען מיט די הילפספּערזאָניקע ווערבן שאַפן זיי דעם באַטייט, — זיינען פאָלגנ־יקע:

אין דער ערשטער פראזע — „שאַפן" און „באַשאַפן".

אין דער צווייטער פראזע — „באַנומען", וואָס קומט אלס א באַטייטיק וואָרט צו האָט", און דאָס וואָרט „טאָן", וואָס געהערט צו די ווערטער „קאָן", „דארף", מוז" און „וויל".

סכעמאַטיש קאָן מען די פאָרמעלע אָפּהענגיקייט פון די הילפספּערזאָניקע ווערבן און יער אָנגעהעריקייט צו די באַטייטיקע ווערטער פאָרשטעלן אזוי:

1. און אזא ליטעראטור מוזן און ווען פאַר זיי שאַפן און באַשאַפן די דאָרטיקע שרייבער.



2. זי האָט פלוצלינג אויסערגעוויינטלעך בוילעט באַנומען,




פאַר זיך און פאַרן יונג.

דאָס, וואָס מיט איין באַטייטיק וואָרט קאָנען קומען עטלעכע באַהילפיקע, — גיט גרויסע וואָרט-עקאָנאָמיע. ווען ניט — וואָלטן די פאָריקע צוויי פראזעס אויסגע־ען אזוי:

1. און אזא ליטעראטור מוזן שאַפן, מוזן באַשאַפן און ווען שאַפן, ווען באַ־שאַפן פאַר זיי די דאָרטיקע טוער.

2. זי האָט פלוצלינג אויסערגעוויינטלעך בוילעט באַנומען, וואָס זי קאָן טאָן, וואָס זי דארף טאָן, וואָס זי מוז טאָן, און וואָס זי וויל טאָן פאַר זיך און פאַרן יונג.

דידאָזיקע פראזעס זיינען אי לענגער, אי ערגער געוואָרן *.

* אין ליטוואקאָוס און גאָרדינערס פראזעס זיינען פאראן נאָך פיל וואָרט-פארשפּאָרונגען, נאָר אונדז ינטערעסירט דערווייל בלויז דער הילפספּערזאָניקער ווערב און די פארשפּאָרונג, וואָס איז צו אים שייך.

**107.** פון אלע פריערדיקע פרוּוון און בײַשפּילן איז קלאָר פאָלגנדיקס:
1) א סוביעקט ציט צו זיך א פּערזאָניקן ווערב.
2) א פּערזאָניקער ווערב באצייכנט א טוּונג, אויב ער איז א באטײַטיקער. אויב ער איז א באהילפיקער, באצייכנט די פאקטישע טוּונג אינעם באהעפט אן אנדער וואָרט (ווערטער).
3) בא א באטײַטיקן פּערזאָניקן ווערב פאלן צונויף צוויי דערשײַנונגען:
א) ער הענגט אָפּ פונעם סוביעקט; ב) ער ווײַזט דעם סוביעקטס טוּונג:
ער שרײַבט



4) בא א הילפפּערזאָניקן ווערב גייען זיך פאנאנדער דידאָזיקע מאָמענטן:
ער הענגט נאָר אָפּ פונעם סוביעקט; דעם סוביעקטס טוּונג ווײַזט אן אנדער וואָרט: ער וועט שרײַבן.



לאָמיר פארגלײַכן די צוויי ווײַטערדיקע באהעפטן.
1. ער וועט שרײַבן.
2. ער פלעגט שרײַבן.
איןביידע באהעפטן האָבן מיר צוויי הילפפּערזאָניקע ווערבן, וואָס ציען זיך צו אלציינע סוביעקטן (ער), און וואָס קומען מיט איין און דעמזעלבן באטײַטיקן וואָרט.
לאָמיר איצט פארגלײַכן דעם אינהאלט פון דידאָזיקע צוויי באהעפטן. דער ערשטער באהעפט רעדט וועגן א טוּונג, וואָס וועט ערשט פּאָרקומען; דער צווייטער באהעפט — וועגן א טוּונג, וואָס איז שוין פּאָרגעקומען. דער פארשיידענער אינהאלט באקומט זיך פון דעם, וואָס דאָ זײַנען ניט דיזעלבע הילפפּערזאָניקע ווערבן.
פונדאנען איז געדרונגען, אז א הילפפּערזאָניקער ווערב האָט אויך א געוויסן אינהאלט — אן אינהאלט, וואָס ווײַזט זיך ארויס נאָר דאן, ווען דער הילפפּערזאָניקער ווערב קומט מיט נאָך א באטײַטיק וואָרט.
פונדאנען איז אויך קלאָר, אז דעם סוביעקטס טוּונג אין די פאָריקע צוויי באהעפטן דריקט אויס ניט דאָס וואָרט „שרײַבן" אליין, נאָר אויך דער הילפפּערזאָניקער ווערב: דער ערשטער סוביעקט „וועט שרײַבן", דער צווייטער סוביעקט „פלעגט שרײַבן".

**108.** דאָס אלץ ברענגט צו דעם, וואָס מיר מוזן ארײַנפירן נאָך א טערמין אף בעסער צו פארשטיין א געשלאָסענעם באהעפט.
לאָמיר נעמען פאָלגנדיקע בײַשפּילן:
1. ער שרײַבט אין צײַטונג.



2. ער פלעגט שרײַבן אין צײַטונג.



3. ער וועט אָנהייבן שרײַבן אין צײַטונג.



4. ער האָט געהאט אָנגעהויבן צו שרײַבן אין צײַטונג.



פּערזאָניקע ווערטער, וואָס זיי אַליין זאָלן וויַיזן דעם סוביעקטס טוּונג, — האָבן מיר בלויז אינעם ערשטן באַהעפט. אין די איבעריקע דריַי באַהעפטן האָבן מיר הילפּ-פּערזאָניקע ווערבן, וואָס צוזאמען מיט אנדערע באַטיַיטיקע ווערטער וויַיזן זיי, וואָס זייערע סוביעקטן טוען (האָבן געטאָן אָדער וועלן טאָן).

מיר האָבן דאָ, אין אלע פיר באַהעפטן, אויסגעטיילט די ווערטער, וואָס אלע צוזאמען וויַיזן זיי אין יעדן באַהעפט, וואָס דער סוביעקט טוט.

| |
|---|
| **א וואָרט אָדער ווערטער, וואָס וויַיזן דעם סוביעקטס טוּונג, — הייסט פּרעדיקאַט.** |

אלע פּערזאָניקע ווערבן זיַינען פּרעדיקאַטן. אלע הילפּפּערזאָניקע ווערבן זיַינען בלויז טיילן פונעם פּרעדיקאַט, וויַיל אויסער זיי זיַינען אינעם באַהעפט פאראַן נאָך ווערטער, וואָס האָבן א שיַיכעס צום סוביעקטס טוּונג.

**109.** אויב דער פּרעדיקאַט באַשטייט פון עטלעכע ווערטער, קאָנען דידאָזיקע ווערטער קומען אויך ניט נאָכאַנאַנד. לעמאָשל:

1. **ער האָט געשריבן א בריוו.**
2. **ער האָט א בריוו געשריבן.**

דער סוביעקט קאָן קומען אויך מיט עטלעכע פּרעדיקאַטן. לעמאָשל:

אָן פיאָדער **שפּרינגט** **אויף** א נאַקעטער אָן **טריַיט** מיט א **באַסקאָל** און **וויל** **אַנטלויפן** (גאָדינער).

דאָ האָבן מיר דריַי פּרעדיקאַטן: די ערשטע צוויי זיַינען פּערזאָניקע ווערבן, און דער דריטער — הילפּפּערזאָניקער „וויל" + באַטיַיטיק וואָרט „אַנטלויפן".

דער סוביעקט און פּרעדיקאַט זיַינען די וויכטיקסטע עלעמענטן פון א באַהעפט (אָבער ניט די אומבאַדינגטסטע). די מערהיַיט באַהעפטן זיַינען מיט דידאָזיקע עלעמענטן. אָט פאַרוואָס מיר פאַרנעמען זיך מיט זיי אַזויפיל און וועלן זיך נאָך פאַרנעמען א לאַנגע ציַיט.

[אויסער פּרעדיקאַט און סוביעקט (סוביעקט-גרופּע) האָבן מיר אָפט אין א באַהעפט נאָך ווערטער. וועגן אַזעלכע ווערטער וועט אויסקומען צו ריידן אינעם II-טן טייל גראַמאַטיק.

דאָרטן וועלן מיר זיך אויך פאַרנעמען מיט נאָך אייניקע טיפּן פונעם פּרעדיקאַט. לעמאָשל מיט אַזעלכע ווי:

ער איז קראַנק,
ער איז א קראַנקער,
ער איז א שניַידער...]

## אויפגאַבע 15

**I.** שטריַיכט אונטער אלע וויַיטערדיקע פּערזאָניקע ווערבן מיט איין ליניע:

**1)** עס וועט בלאָזן א קאַלטער ווינט. 2) זיי בלאָזן א גאַנצן טאָג. 3) נעכטן האָט א גאַנצן טאָג געשטורעמט דער ווינט. 4) זיי דינען זייער געטריַי. 5) ער וויל דינען דער ראַטנמאַכט. 6) זי האָט שוין פאַרדינט אַסאַך געלט. 7) דאָס לעבן געפעלט איִם

ניט. 8) ער איז מיר שטארק געפעלן געוואָרן. 9) איך פאַרגעס זייערע נעמען. 10) איך וועל דיך אויך נעמען. 11) מיר נעמען קיינעם ניט מיט. 12) מיר רויכערן מער ניט. 13) זיי האָבן שוין אויך אופגעהערט צו רויכערן. 14) איר דאַרפט אויך אופהערן רויכערן. 15) מיט דער צײַט וועלן אַלע מענטשן אופהערן צו רויכערן.

II. שטרײַכט אונטער מיט צוויי ליניעס אַלע פּרעדיקע סוביעקטן.

III. שטרײַכט אונטער מיט א קרומער ליניע אַלע פּרעדיקאַטן.

לעמאָשל: עס וועט בלאָזן א קאַלטער ווינט

## 16. אינפיניטיוו

**110.** 1. מיר שרײַבן

2. מיר וועלן שרײַבן.

דאָס וואָרט „שרײַבן" אין ביידע באַהעפטן באַצייכנט א טוּונג, איין און דיזעלבע טוּונג. דאָך, ווייסן מיר פון די פריערדיקע לימודים, אונטערשיידן זיך די דאָזיקע צוויי „שרײַבן" מיט דעם, וואָס אינעם ערשטן באַהעפט איז עס א פּערזאָניקער ווערב: האָט פּערזאָנפאָרמעס און הענגט אָפּ פונעם סוביעקט,— און אינעם צווייטן באַהעפט איז עס ניט קיין פּערזאָניקער ווערב.

אַזא וואָרט ווי „שרײַבן" אינעם צווייטן באַהעפט הייסט אינפיניטיוו.

קוקט זיך צו צום ווײַטערדיקן.

| | |
|---|---|
| 1. איך שרײַב | איך וועל שרײַבן |
| 2. דו שרײַבסט | דו וועסט שרײַבן |
| 3. ער שרײַבט | ער וועט שרײַבן |
| 4. מיר שרײַבן | מיר וועלן שרײַבן |
| 5. איר שרײַבט | איר וועט שרײַבן |
| 6. זיי שרײַבן | זיי וועלן שרײַבן |

פונרעכטס זײַנען אַלע אויסגעטיילטע ווערטער פּערזאָניקע ווערבן; פונלינקס זײַנען די אויסגעטיילטע ווערטער אינפיניטיוון.

פאַרגלײַכט די דרײַ ווײַטערדיקע אויסגעטיילטע ווערטער

1. מיר באַקן ברויט.

2. מיר וועלן באַקן ברויט.

3. זי האָט רויטע באַקן.

אינעם ערשטן באַהעפט איז „באַקן" א פּערזאָניקער ווערב, און אינעם צווייטן — אַן אינפיניטיוו; אינעם דריטן איז „באַקן" ניט קיין אינפיניטיוו, ווײַל עס באַצייכנט ניט קיין טוּונג.

א וואָרט, וואָס איז ענלעך אף דער 4-טער (און 6-טער) פערזאָנפאָרמע, וואָס באצייכנט א טוונג, נאָר וואָס האָט ניט קיין פערזאָנפאָרמעס, — הייסט **אינפיניטיוו**.

ניט ענלעך אף דער 4-טער פערזאָנפאָרמע זײַנען בלויז פאָלגנדיקע אכט אינפיניטיוון: גיין, שטיין, טאָן (טון), זען, וויסן, געבן, זײַן, וועלן.

| אינפיניטיוון | פערזאָניקע ווערבן |
| --- | --- |
| 1. מיר וועלן גיין | 1. מיר גייען |
| 2. „ „ שטיין | 2. „ שטייען |
| 3. „ „ טאָן (טון) | 3. „ טוען |
| 4. „ „ זען | 4. „ זעען |
| 5. „ „ וויסן | 5. „ ווייסן |
| 6. „ „ געבן | 6. „ גיבן |
| 7. „ „ זײַן | 7. „ זײַנען (זענען) |
| 8. „ „ וועלן (עסן) | 8. „ ווילן (עסן) |

**111.** דער סופיקס פונעם אינפיניטיוו איז „—ן“. לעמאָשל: לויפֿן, פֿאַלן, קריכן... אין די פֿאַלן, ווען בא דער 4-טער פערזאָנפאָרמע איז דער סופיקס „—ען“, איז אויך באם אינפיניטיוו דער סופיקס „—ען“. לעמאָשל: דרען, פליִען, שרײַען, בויען, זייען, קומען, מאָנען, זינגען, זינקען, טומלען.

אויסנאַמען זײַנען בלויז די ווערטער **גיין**, **שטיין**, **זען**.

אָבער ניט אלע ווערטער, וואָס האָבן אזוינע סופיקסן („ן—ען“), זײַנען אינפיניטיוון. מיט אזוינע סופיקסן, ווי מיר ווייסן, קומען אויך פערזאָניקע ווערבן אין דער 4-טער און 6-טער פערזאָנפאָרמע; און מיט אזוינע סופיקסן קאָנען קומען אויך אנדערע ווערטער (טיש — טישן, מאַנטל — מאַנטלען). דעריבער דאַרף מען דעם אינפיניטיוו דערקענען ניט דעריקער לויטן סופיקס נאָר לויט זײַנע איבעריקע סימאָנים.

בא א וואָרט, וואָס איז אן אינפיניטיוו, קאָן דער סופיקס זײַן ניט בלויז „ן“ אָדער „ען“. לעמאָשל:

רעמאָנטירן, באָלשעוויזירן, אינדוסטריאַליזירן...

נאָר די סופיקסן „יר“, „יזיר“, „אַליזיר“ זײַנען דאָ ניט קיין סופיקסן פונעם אינפיניטיוו. דידאָזיקע סופיקסן זײַנען פאַראַן בא דידאָזיקע ווערטער אויך דאַן, ווען זיי קומען אלס פערזאָניקע ווערבן (זעט זײַט 61) און אין נאָך פאַלן. אָבער דער סופיקס פונעם **אינפיניטיוו**, פון **דערדאָזיקער** פאָרם, איז „ן“ אָדער „ען“. [אמאָל אויך —נען“. לעמאָשל: גאָווענען, האַרגענען].

**112.** דער אינפיניטיוו קומט אמאָל מיטן אומאַקצענטירטן ווערטל „צו“. לעמאָשל:

1. איך קום באַלד צו גיין.
2. אין פּוילן איז שווער צו לעבן *.

* קוקט נאָכאַמאָל דורך די לימודים 5 און 6.

דעמדאָזיקן „צו" דאַרף מען ניט צונויפמישן מיטן ווערבאַלן צוגאָב „צו", וואָס קומט אַמאָל באַם אינפיניטיוו. לעמאָשל:

3. איך וועל באַלד צוגיין אַהיים.

דאָ איז „צו" אַ ווערבאַלער צוגאָב — אַזוינס, וואָס אָפּט קומט עס אַלס אַ באַטאָנטער פּרעפיקס (ווי אין דעם פאַל לעמאָשל), און אַמאָל — אַלס אַ באַזונדער ווערטל.

„צו" אַ ווערבאַלער צוגאָב איז מיטן אינפיניטיוו שטענדיק איינינעם (אַ פּרעפיקס) און באַם פּערזאָניקן ווערב שטענדיק באַזונדער. לעמאָשל:

4. איך וועל באַלד צוגיין אַהיים

5) איך גיי באַלד צו אַהיים.

„צו" ניט קיין ווערבאַלער צוגאָב איז אין אַלע פאַלן באַזונדער. לעמאָשל:

6. איך וועל קומען באַלד צו גיין

7. איך קום באַלד צו גיין.

„צו" ניט קיין ווערבאַלער צוגאָב קומט איינינעם מיטן אינפיניטיוו נאָר דאַן, ווען דער אינפיניטיוו איז מיט אַ ווערבאַלן צוגאָב, און דער „צו" קומט צווישן ווערבאַלן צוגאָב און צווישן וואָרצל. לעמאָשל:

8. זיי הייבן אָן אַרויסצוגעבן אַ צייטונג.

אויב אָבער „צו" ניט קיין ווערבאַלער צוגאָב קומט פאַרן פּרעפיקס *, שרייבט מען אים באַזונדער. לעמאָשל:

9. זיי הייבן אָן צו אַרויסגעבן אַ צייטונג.

10. זיי זיינען געקומען צו פאַרהערן די סטודענטן.

**113**. דער אינפיניטיוו קאָן זיין אי אַ סוביעקט, אי אַ פּרעדיקאַט **. לעמאָשל:

1. עסן איז באַ רעב ישׂראָעלן פריי און אָפּן געווען.

2. מיר וועלן היינט עסן אין דער נייער קאָאָפּעראַטיווער קיך.

אינעם ערשטן באַהעפט איז „עסן" אַ סוביעקט, וואָס ציט צו זיך דעם הילפּ-פּערזאָניקן ווערב „איז". אינעם צווייטן באַהעפט איז שוין „עסן" אַ פּרעדיקאַט: צוזאַמען מיטן הילפּפּערזאָניקן ווערב „וועלן" ווייזן זיי, די דאָזיקע צוויי ווערטער, וואָס דער סוביעקט „מיר" טוט (וועט טאָן).

---

* אַלציינס צי דער פּרעפיקס איז אַ באַטאָנטער (ווערבאַלער צוגאָב) צי ניט.

** אָבער ער קאָן ניט זיין קיין פּערזאָניקער ווערב. דעם כילעק פונעם פּערזאָניקן ווערב און אינפיניטיוו האָבן מיר קלאָר געמאַכט אי אין דעמדאָזיקן לימעד, אי אין אַסאַך פריערדיקע, ניט אָנרופנדיק דעם אינפיניטיוו מיט זיין נאָמען.

און אן אינפיניטיוו קאָן אויך זײַן ניט קיין סוביעקט און ניט קיין פּרעדיקאַט. לעמאָשל:

3. מיר וועלן נאָכן עסן גיין שפּאַצירן.



דער סוביעקט איז דאָ „מיר"; „וועלן גיין שפּאַצירן" — דאָס איז דער פּרעדיקאַט. די ווערטער „נאָכן עסן" געהערן אַלזאָ ניט צום סוביעקט און ניט צום פּרע-דיקאַט.

דער אינפיניטיוו, ווען ער איז אַ סוביעקט, קאָן ווי יעדער סוביעקט ציִען צו זיך נאָך ווערטער אויסערן פּערזאָניקן ווערב. לעמאָשל:

ס'האָט מיר געבערענט אין בויך דאָס גאַנצע גיין צו קינד. (מאַרקיש)



דער אינפיניטיוו „גיין" ציט צו זיך די ווערטער „דאָס גאַנצע", „צו קינד"; און עס שאַפט זיך אַ סוביעקט-גרופּע, וואָס ציט צו זיך דעם הילפּפּערזאָניקן ווערב („ס'") האָט" און דעם פּרעדיקאַט „ס'האָט געבערענט".

**114.** דער אינפיניטיוו קומט אַמאָל אין אַזאַ פאַל:

1. און שטיין שטייט די שטוב אָפן וואַסער (שאָלעם-אליכעם)



2. ווירקן אומדירעקט ווירקן זיי שוין לאַנג. (ליטוואַקאָוו)



3. לערנען לערן איך ניט, דאַווענען דאַוון איך ניט, זינגען זינג איך ניט. (שאָלעם-אל.)

דאָ האָבן מיר ניט קיין באַהילפיקע פּערזאָניקע ווערבן נאָר באַטײַטיקע. צוליב דעם פּרעדיקאַט דאַרף מען דאָ די אינפיניטיוון ניט האָבן, ווײַל די טוּונג (דעם סו-ביעקטס) ווײַזן דאָ די פּערזאָניקע ווערבן. נאָר דער אינפיניטיוו קומט אין אַזוינע פאַלן אויף איבערצוכאַזערן, אויף שטאַרקער צו מאַכן די טוּונג — דעם פּערזאָניקן ווערב.

אין אַזוינע פאַלן קומט דער אינפיניטיוו פון אָנהייב באַהעפט*.

דער אינפיניטיוו „זײַן" קאָן אין אַזוינע פאַלן אויך ווערן „איזן". לעמאָשל:

1. זײַן בין איך אַ קירזשנער. (פּערעץ)
2. און איזן איז עס סאַכאַקל אַ שמוציק און פאַרוויכערט טעפּל. (גאָדינער)

אַזאַ אינפיניטיוו קאָן קומען אויך ניט נאָר אין געגנוואַרט. לעמאָשל:

און שטיין איז געשטאַנען די שטוב אָפן וואַסער.

און שטיין וועט שטיין די שטוב אָפן וואַסער.

---

* פאַר דעמדאָזיקן אינפיניטיוו קאָן אַמאָל קומען אַזאַ וואָרט ווי און, ווײַל, דאָך, מאַכמעס, האַגאַם און אַנדערע.

מיר זאָגן „פון אָנהייב באַהעפט" און ניט „פון אָנהייב פּראַזע".

**115.** פאַרגלײַכט די צוויי ווײַטערדיקע באַהעפטן.

1. מע פּילט אויס די ברויט-פּאַרגרייטונג צום טערמין.

2. אויספּילן די ברויט-פּאַרגרייטונג צום טערמין!

אינעם ערשטן באַהעפט האָבן מיר אַ פּערזאָניקן ווערב „פּילט אויס", וואָס ציט זיך צום סוביעקט „מע". דערדאָזיקער באַהעפט איז אַ געשלאָסענער.

אינעם צווייטן באַהעפט איז קיין פּערזאָניקער ווערב ניטאָ; דאָ רעדט זיך ניט וועגן דעם, וואָס מע טוט, נאָר וואָס מע דאַרף (זאָל) טאָן. דאָ איז אויך פאַראַן אַ וואָרט, וואָס באַטײַט אַ טווּנג, נאָר אין אַ פאָרם פון אַן אינפיניטיוו.

אַזוינע באַהעפטן ווי אינעם צווייטן בײַשפּיל (מיט אינפיניטיוון)—קומען מערסטנטיילס בײַ דירעקטיוון און בײַ לאָזונגען. לעמאָשל:

1. ניט אַרויסלאָזן פון אויג דעם באַלעגוף!

2. אַרויסיאָגן אַלע שעדיקער פון דער קאָאָפּעראַציע!

אַזוינע באַהעפטן קאָנען קומען אין איין פּראַזע מיט געשלאָסענע באַהעפטן. לעמאָשל:

1. ניט אַרויסלאָזן פון אויג דעם באַלעגוף, וועלכער זוכט מיט אַלערליי מיטלען אַרויסצודרייען זיך. („עמעס")

2. אונטערציִען די ראַיאָנען און דערפער, וועלכע שטייען אָפּ אין די ברויט-פּאַרגרייטונגען. („עמעס")

יעדע פּראַזע באַשטייט דאָ פון צוויי באַהעפטן: איינער אַן אָפענער און דער צווייטער אַ געשלאָסענער.

## אויפגאַבע 16

I. שטרײַכט אונטער די ווײַטערדיקע אינפיניטיוון.

1) עס וועט בלאָזן אַ קאַלטער ווינט. 2) זיי בלאָזן אַ גאַנצן טאָג. 3) זיי דינען געטרײַ. 4) ער וויל דינען דער ראַטנמאַכט. 5) דאָס לעבן געפעלט אים ניט. 6) איך פאַרגעס זייערע נעמען. 7) איך וועל דיך אויך נעמען. 8) מיר נעמען קיינעם ניט. 9) מיר רויכערן מער ניט. 10) איר דאַרפט אויך ניט רויכערן.

II. שטרײַכט אונטער אין די ווײַטערדיקע באַהעפטן אַלע סוביעקטן.

1) איך וויל נאָך ניט שלאָפן. 2) זײַן זינגען גרילצט אין די אויערן. 3) דאָס דונערן וואַרפט אַף איר אַ שרעק. 4) אין אַלע זײַטן קוקן זיי זיך אום. 5) איר פאַלן דויערט שוין לאַנג. 6) גיין וועלן מיר מאָרגן. 7) דאָס מאַכן מיט די הענט געפעלט זיי ניט. 8) און דאָס איבערקרימען זיך איז אוואדע מוִעס. 9) צוזאָגן האָב איך ניט ליב. 10) דאָס שרײַבן קומט אים אָן זייער שווער.

III. שטרײַכט אונטער אין די פריִערדיקע באַהעפטן די סוביעקט-גרופּעס (מיט אַ קרומער ליניע).

IV. מאַכט נאָכאַמאָל דורך די אויפגאַבעס פון די לימודים 5 און 6, וואָס האָבן אַ שײַכעס צום „צו"

## 17. צײַטן. פּאַרטיציפּ

**116.** פֿאַרגלײַכט די װערטערדיקע באַהעפֿטן:

1. ער װעט שרײַבן
2. ער פֿלעגט „
3. ער נעמט „

מיר װײסן שױן, אַז פֿאַרשײדענע הילפֿפֿערזאָניקע װערבן צוזאַמען מיט אײן און דעמזעלבן באַטײַטיקן װאָרט גיבן צו דעם פּרעדיקאַט אַ פֿאַרשײדענעם אינהאַלט.

די פֿאַרשײדנקײַט פֿון די אינהאַלטן בא דידאָזיקע דרײַ באַהעפֿטן באַשטײט אין דעם, װאָס זײ באַטײַטן דרײַ פֿאַרשײדענע צײַטן:

1) צוקונפֿט — אַ טוּונג, װאָס װעט פֿאָרקומען נאָכן רײדן.
2) פֿאַרגאַנגענהײַט— „ „ „ איז פֿאָרגעקומען פֿאַרן „
3) געגנװאַרט — „ „ „ קומט פֿאָר בעשאַסן „

די געגנװאַרט קאָן מען מערסטנטײלס אױסדריקן אױך בלױז מיט אַ באַטײַטיקן פּערזאָניקן װערב. די פֿאַרגאַנגענהײַט און צוקונפֿט קאָן מען אױסדריקן נאָר מיט אַ הילפֿפּערזאָניקן װערב צוזאַמען מיט נאָך אַ באַטײַטיק װאָרט (אָדער באַטײַטיקע װערטער). לעמאָשל: מיר לאַכן, מיר האָבן געלאַכט און װעלן לאַכן ניט פֿון „צענטראַליזם“ און ניט פֿון די „פּלענער“ נאָר פֿונעם רעפֿאָרמיזם. (לענין)

פּערזאָניקע װערבן באַצײכענען קימאַט שטענדיק נאָר געגנװאַרט. לעמאָשל:

| | | |
|---|---|---|
| איך לױף | איך לײען | איך אַרבעט. |
| דו לױפֿסט | דו לײענסט | דו אַרבעטסט. |

ניט קײן געגנװאַרט באַצײכענען די פּערזאָניקע װערבן פֿלעג, װעל, װאָלט. דידאָזיקע װערבן, װי מיר האָבן שױן פֿריִער קלאָר געמאַכט, קומען ניט אַלײן. זײ קומען צוזאַמען מיט אַנדערע באַטײַטיקע װערטער. אָף צו באַצײכענען פֿאַרגאַנגענהײַט אָדער צוקונפֿט. לעמאָשל:

| | | |
|---|---|---|
| איך פֿלעג שרײַבן | איך װעל שרײַבן | איך װאָלט געשריבן |
| דו פֿלעגסט „ | דו װעסט „ | דו װאָלסט „ |

אײניקע פּערזאָניקע װערבן קאָנען קומען אי אין געגנװאַרט, אי אי פֿאַרגאַנגענהײַט. לעמאָשל:

איך האָב געלט — איך האָב געשריבן
איך בין קראַנק — איך בין געפֿאַלן.

אײניקע פּערזאָניקע װערבן קומען אין געגנװאַרט נאָר צוזאַמען מיט נאָך אַ באַטײַטיק װאָרט. לעמאָשל:

| | |
|---|---|
| איך מוז אַרבעטן | איך װער קראַנק |
| דו מוזט אַרבעטן | דו װערסט קראַנק |

**117.** פֿאַרגלײַכט די װערטערדיקע באַהעפֿטן:

1. ער פֿלעגט שרײַבן
2. ער האָט געשריבן

ביידע באהעפטן באטײַטן פאַרגאַנגענהײַט. דער אונטערשייד באַשטייט אין דעם, וואָס אינעם ערשטן באהעפט איז אָן איבערגעכאַזערטע, אַ פילמאָליקע טוונג; אינעם צווייטן באהעפט איז קיין פילמאָליקײַט פון דער טוונג ניט אָנגעוויזן.

פאָרמעל דריקט זיך אויס דערדאָזיקער אונטערשייד אין דעם, וואָס אַ פילמאָליקע טוונג קומט מיטן הילפפערזאָניקן ווערב „פלעג", און אַ געוויינטלעכע פאַרגאַנגענהײַט — מיטן ווערב „האָב".

אָבער דאָ איז פאַראַן נאָך זייער אַ וויכטיקער אונטערשייד. אינעם ערשטן באהעפט איז דאָס באַטײַטיקע וואָרט פונעם פרעדיקאַט אין אַ פאָרם פון אַן אינפיניטיוו (שרײַבן). אינעם צווייטן באהעפט איז שוין דאָס באַטײַטיקע וואָרט ניט קיין אינפיניטיוו; דאָס איז שוין גאָר אַ נײַע פאָרם; מיר האָבן נאָך וועגן איר ניט גערעדט.

אַזאַ וואָרט ווי „געשריבן" הייסט **פאַרטיציפ**.

קוקט זיך צו צו אַלע ווײַטערדיקע **פאַרטיציפן**.

ס'איז **אונטערגעגאַנגען** אַ ייִדענע מיט קוואָסעניצעס, האָבן זי ייִדן **אַרומגערינגלט**, **אַרײַנגעשטעקט** די הענט אין עמער, **אויסגעזוכט** פולע **אָנגעבוכעטע** עפּל, **געזויגן** דעם זאַפט, וואָס האָט **געקילט** דעם גומען, **געשטאָכן** די קאַליע ציין. דאָס שטיקל קוואָסעניצע האָט **געטאַנצט** אין מויל פון איין זײַט אויף דער אַנדערער, ביז ייִדן, דערקוויקטע, אָפּגעקילטע, האָבן אויף אַ ווײַלע **פאַרגעסן** אין אַמעריקאַנער, **גענומען** די קינדערלעך אויף די הענט, **אַראָפּגעלאָזט** די שטאָרנס אויף די טירן פון קלייט און **אוועקגעגאַנגען** אַהיים אָפּעסן וואַרמעס. (אַבטשוק)

**118. דער פאַרטיציפ קומט אין פאַרגאַנגענהײַט און איז דער באַטײַטיקער טייל פון פאַרגאַנגענהײַט.*** דער אינפיניטיוו, ווי מיר האָבן עס שוין וויפל מאָל געזען, קאָן קומען אין אַלע צײַטן.

דער פאַרטיציפ קומט דעריקער מיטן הילפפערזאָניקן ווערב „האָב". אָפטמאָל קומט ער מיטן ווערב „וואָלט": איך וואָלט געשריבן, דו וואָלסט געלייענט**... אייניקע פאַרטיציפן קומען מיטן ווערב „בין". לעמאָשל: איך בין געבליבן, ער איז געזעסן...

דעם הילפפערזאָניקן ווערב „בין" (ביסט, איז, זײַנען, זײַט) באַנוצט מען דעריקער בײַ פאָלגנדיקע פאַרטיציפן:

געבליבן, געגאַנגען, געהאַנגען, געוואַקסן, געוואָרן, געוועזן, געזעסן, אָפּגעטראָטן, געלאָפן, געפאַלן, געפאָרן, געפלויגן, פאַרפרוירן (פאַרפראָרן), געקומען, געקראָכן, דערשינען, געשווומען, געשטאַנען, געשטאָרבן, געשלאָפן, געשפרונגען, געשען...

קימאַט אַלע אַנדערע פאַרטיציפן קומען מיטן ווערב „האָב".

---

* ס'זײַנען דאָ פאַרטיציפן, וואָס זײַנען ניט שטענדיק באַטײַטיק. לעמאָשל:

1. ער איז דערטרונקען **געוואָרן**
2. ער איז זייער אַלט **געוואָרן**.

„געוואָרן" איז אַ פאַרטיציפ נאָר ניט קיין באַטײַטיקער.

** מיטן הילפפערזאָניקן ווערב „וואָלט" קומט אויך אַן אינפיניטיוו: איך וואָלט **גיין**, ווען דו וואָלסט מיך **רופן** (איך וואָלט **געגאַנגען**, ווען דו וואָלסט מיך **גערופן**).

די אלע פּאַרטיציפּן, וואָס קומען מיט „בין", זײַנען אלץ אינע, וואָס די טווּנג גייט אריבער ניט אף א צווייטן — ניט אף עמעצן, ניט אף עפּעס — נאָר אף זיך. לעמאָשל:

| | |
|---|---|
| ער האָט איבערגעלאָזט | ער איז געבליבן |
| ער האָט געפירט | ער איז געגאנגען |
| ער האָט אופגעהאנגען | ער איז געהאנגען |

פונרעכטס גייט די טווּנג אריבער אף א צווייטן, איז דער פּאַרטיציפּ מיט „האָט". פונלינקס גייט די טווּנג אריבער אף זיך אליין, איז דער פּאַרטיציפּ מיט „איז".

דאָך ברענגט מען אין פיל קאנטן און אין דער ליטעראטור דידאָזיקע „בין"-פּאַרטיציפּן אויך מיט „האָב". לעמאָשל:

1. האָבן אלע... געגאנגען זיך (דיק)
2. שלייערן, וואָס האָבן אראָפּגעהאנגען (אָפּאטאָשו, פּערעץ)
3. בערד, וואָס האָבן געוואקסן (מארקיש, ניסטער)
4. די פרוי האָט ניט אָפּגעטראָטן (בערגעלסאָן)
5. מירעלע האָט אָבער נישט געשלאָפן (דינעזאָן)**

**119.** דער פּאַרטיציפּ איז אמאָל (זעלטן) ענלעך אפן אינפיניטיוו און בעמיילע אף דער 4-טער (און 6-טער) פאָרמע פונעם פּערזאָניקן ווערב. לעמאָשל:

1. מיר באקומען בריוו
2. מיר וועלן באקומען בריוו
3. מיר האָבן באקומען בריוו

„באקומען" אינעם ערשטן באהעפט איז א פּערזאָניקער ווערב, אינעם צווייטן באהעפט — אן אינפיניטיוו, און אינעם דריטן — א פּאַרטיציפּ.

נאָר אזוינע פאלן זײַנען זעלטן. דעם פּאַרטיציפּ קאָן מען קימאט שטענדיק אונטערשיידן לויט זײַנע פּרעפיקסן און סופיקסן און לויט די הילפפערזאָניקע ווערבן, מיט וועלכע ער קומט.

פּרובירט לעמאָשל לייענען דעם פריערדיקן פראגמענט אבטשוקס ניט אין געבוואָרט נאָר אין צוקונפט, ענדערנדיק די הילפפערזאָניקע ווערבן און מאכנדיק פון די פּאַרטיציפּן אינפיניטיוון. קוקט זיך צו, וואָס פאר אן ענדערונג עס קומט פאָר אין אין דער פאָרם, אין דעם אויסזען פון די ווערטער.

* די רעכטע פּאַרטיציפּן קומען אויך מיט „האָב", אויב זיי קומען מיטן וואָרט „זיך". לעמאָשל ער האָט זיך איבערגעלאָזט א טרונק וואסער, ער האָט זיך געפירט מיט איר.

** ברענגען דידאָזיקע און אזוינע פּאַרטיציפּן מיטן ווערב „האָב" — איז געוויס א גוטע דערשײַנונג, אין מע דארף עס שטיצן (אלנפאלס ניט שטערן). מיט דעם וועלן מיר פאריינפאכן דעם פּאַרטיציפּס הילפפערזאָניקע ווערבן: אנשטאָט דרײַ — האָב, וואָלט, בין — וועט דער פּאַרטיציפּ קומען מיט די צוויי ערשטע, וואָס גיבן צו פארשיידענע באטײַטן. (דער „בין" גיט ניט צו קיין נײַעם באטײַט אין פארגלײַך מיט „האָב").

**120.** פארגלײַכט דאָס װײַטערדיקע:

1. איך װעל גע פינ ען.
2. איך האָב גע פונ ען.

אין פיל קאנטן רעדט מען ארויס אלצײַנס דידאָזיקע צװיי אויסגעטײלטע װערטער: דעם אינפיניטיװ און פארטיציפ. אויב איר זײַט אויך פון אזא קאנט, זאָלט איר געדענקען, אז מע דארף שרײַבן מיט א יוד די װײַטערדיקע װערטער, אויב זיי זײַנען אינפיניטיװן, און מיט א װאָװ, אויב זיי זײַנען פארטיציפן.

באדינגען, געװינען, געפינען, געלינגען, דערטרינקען, דערפינדן, פארבינדן, פארגינען, פארדינגען, פארזינגען, פארזינקען, פארטרינקען, פארקלינגען, פארשטינקען, פארשלינגען, פארשװימען, פארשװינדן, פארשפרינגען, צעבינדן, צערינען...

[מע דארף שרײַבן:

פארנעמען, באנעמען, צענעמען... — אינפיניטיװן.

פארנומען, באנומען, צענומען... — פארטיציפן.]

דידאָזיקע װערטער שרײַבט מען מיט א װאָװ אויך דאן, װען זיי קומען אין צוקונפט, צוזאמען מיטן אינפיניטיװ „װערן". לעמאָשל:

1. ער װעט דאָ דערטרונקען װערן.
2. עס װעט פארקלונגען װערן די שטאָט.
3. דער סוינע װעט פארנומען װערן נאָך הײַנט*.

דאָס הייסט אָבער ניט, אז אין א פארטיציפ איז קיינמאָל ניטאָ קיין „י". די פארטיציפן געקליבן, געטריבן, געקרימט (זיך) און נאָך פיל אנדערע דארף מען שרײַבן מיט א יוד און ניט מיט קיין װאָװ.

**121.** קוקט זיך צו צום אויסלייג פון די װײַטערדיקע אינפיניטיװן און פארטיציפן:

| פארטיציפן | אינפיניטיװן |
|---|---|
| 1. געשװומען. אָבער: געשטימט, געקרימט, (זיך) בארימט. | 1. שװימען. שטימען, קרימען, בארימען (זיך). |
| 2. געפונען, געשפונען, גערונען. אָבער: געשפינט, גערינט. | 2. געפינען, שפינען, רינען. |
| 3. געזונגען, געצװונגען, געשלונגען. אָבער: געצװינגט. | 3. זינגען, צװינגען, שלינגען. |
| 4. געטרונקען, געװונקען, געזונקען. אָבער: געװינקט, געזינקט. | 4. טרינקען, װינקען, זינקען. |

---

* אין פיל פאלן איז בעסער צו שרײַבן אזוי:

2 מע װעט פארקלינגען די שטאָט.

3 מע װעט דעם סוינע פארנעמען נאָך הײַנט.

דאָ האָבן מיר שוין ניט קיין פארטיציפ נאָר אינפיניטיװ. שרײַבט מען עס ניט מיט קיין װאָװ.

5. בינדן, צינדן, שינדן.
גרינדן.
6. ווינטשן.

5.. געבונדן, געצונדן, געשווּנדן
אָבער: געגרינדעט
6. געוווּנטשן.
אָבער: געווינטשט.

פון די באָבאַכטונגען קאָנען מיר מאַכן פאָלגנדיקע אויספירן:

1) אויב דער אינפיניטיוו ענדיקט זיך אויף „-מען", „-ינען", „-ינגען", „ינקען", „-ינדן", „ינטשן", — ווערט אינעם פּאַרטיציפּ פונעם אינפיניטיווס „י"— און „ו": געשוואומען, געפונען, געזונגען, געטרונקען, געבונדן, געוווּנטשן.

2) דאָס קומט פאָר נאָר דאַן, אויב דער פּאַרטיציפּ האָט אַ סופיקס „ן" אָדער „ען". אויב ניט, קומט אויך דער פּאַרטיציפּ מיט אַ יוד און ניט מיט קיין וואָוו: געשטימט, געשפּינט, געווינקט...

אין אַלע אַנדערע פאַלן קומט דאָס ניט פאָר. לעמאָשל:

| | | |
|---|---|---|
| וויגן — געוויגט | בײַסן — געביסן | לײַען — געליִען (געליגן) |
| שיקן — געשיקט | שווײַגן — געשוויגן | שרײַען — געשריִען (געשריגן) |

קוקט זיך צו צום ווײַטערדיקן אויסלייג

| אינפיניטיוון: | פּאַרטיציפּן: |
|---|---|
| מיר וועלן דרוקן (ביכער) | מיר האָבן געדרוקט |
| „ „ דריקן (די האַנט) | „ „ געדריקט |
| „ „ זופּן (טיי) | „ „ געזופּט |
| „ „ זיפּן (מעל) | „ „ געזיפּט |

מאַכט אַן אויספיר פון דערדאָזיקער דערשײַנונג.

[מיר זײַנען ניט זיכער, צי דידאָזיקע אַלע קלאָלים זײַנען גילטיק פאַר אַלע אַזוינע דערשײַנונגען. מע דאַרף עס נאָך גוט אויספאָרשן].

**122.** ווען עס קומט אויס צו ברענגען אין אַ באַהעפט עטלעכע פּאַרטיציפּן, קאָנען זיי זײַן מיט איין הילפפערזאָניקן ווערב (ווי מיר האָבן ענלעכעס געזען באַם אינפיניטיוו). לעמאָשל:

1. ער האָט זיך האַלב אויסגעטאָן און זיך געלייגט באַ דער וואַנט. (בערג.)

2. ער האָט געביסן די נעגל און פאַמעלעך אַוועקגעשפּאַנט פונעם וואָקזאַל. (בערג.)

אין ביידע פאַלן האָבן מיר דעם הילפפערזאָניקן ווערב „האָט", וואָס קומט דאָ מיט צוויי פּאַרטיציפּן. שרײַבן דאָ צו נאָך אַ מאָל דעם „האָט" — איז איבעריק.

אַזאַ פאַרשפּאָרונג פון אַ הילפּפּערזאָניקן ווערב קאָן פאָרקומען אויך דאַן, ווען עס קומען פּאַרטיציפּן, וואָס געווײַנטלעך האָבן זיי פאַרשיידענע הילפּפּערזאָניקע ווערבן. לעמאָשל:

3. און רעב ייִסראָעל איז אַרויסגעגאַנגען און געטיילט פּעטש. (ש. אַש)

דער פּאַרטיציפּ „אַרויסגעגאַנגען” קומט דאָ מיטן „איז”, דער פּאַרטיציפּ „געטיילט” קומט געוויינטלעך מיטן „האָט”, פונדעסטוועגן איז דאָ דער „האָט” פאַרשפּאָרט.

און אַפּאָל דאַרף מען אין אַזוינע פאַלן ניט פאַרשפּאָרן דעם צווייטן הילפּפער-זאָניקן ווערב. לעמאָשל:

4. דער דערטרונקענער איז געווען שיקער און האָט געוויינט. (גאָדינער)

אין דעם פאַל מוז מען ברענגען אי דעם „איז”, אי דעם „האָט”.

## אויפגאַבע 17

I. שטרײַכט אונטער אַלע ווײַטערדיקע פּאַרטיציפּן.

האָבן זיי אײַנצווייען א וואָך צײַט בא פּאווּעל פּאַוולאָוויטשן אין לאָסינקע גע-לעבט. זיי האָבן א קלאַפּטער האָלץ צעזעגט און צעהאַקט, פּיאָדער האָט דעם דאַך פאַריכט און די פענצטער אָפּגעפאַרבט. און נאָך אַסאַך אַרבעטן אָפּגעטאָן און קיין טראָפּן אין מויל ניט גענומען. און יודקע האָט אים אין אַלע אַרבעטן געהאָלפן, און זיי האָבן אַלע צוזאַמען אויף דער ווערענדע געשמאַקע באָרשטש געגעסן, און פּאווּעל פּאַוולאָוויטש האָט אויף זיי ביגנייווע פון הינטער די דראָטענע ברילן געקוקט און געשוויגן. (גאָדינער)

II. שרײַבט אָן פּראַזעס, וווּ די ווײַטערדיקע ווערטער זאָלן זײַן אינפיניטיוון. געפינען, געווינען, פאַרדינגען, פאַרקלינגען, פאַרבינדן, פאַרטרינקען, פאַרשווימען, געלינגען.

III. שרײַבט אָן פּראַזעס, וווּ די פריערדיקע ווערטער זאָלן זײַן פּאַרטיציפּן.

IV. שרײַבט אַראָפּ דעם ווײַטערדיקן פראַגמענט. אָנשטאָט געגנוואַרט זאָלט איר שרײַבן פאַרגאַנגענהײַט (פריער לייענט דורך אינגאַנצן).

שטעלט מיך אָפּ א ייִד, באַצאָלט מיר א קאָפּעקע, און ער הייסט זיך אָנגיסן א גלעזל קוואַס. ער טרינקט אויס די גאַנצע גלאָז און פאַרקרימט זיך.

— ייִנגעלע! וואָס איז דאָס בא דיר פאַר א געטראַנק?

איך הער אים און טראַכט. עס שטייען נאָך צוויי ייִדן און וואַרטן, איך זאָל זיי שוין אָנגיסן. איינער זופּט אָפּ א האַלבע גלאָז, דער אַנדערער — א דריטל, זיי באַצאָלן, שפּײַען אויס און גייען אַוועק. נאָך איינער טראָגט צו די גלאָז צו די ליפּן, ער פאַרזוכט און זאָגט, אַז עס שמעקט מיט זייף, און ס'איז, דאַכט זיך, געזאַלצן. נאָך איינער טוט א קוק אויף דער גלאָז און גיט מיר אָפּ צוריק מיט די ווערטער:

— וואָס איז דאָס בא דיר?

— אַזא געטראַנק — זאָג איך.

איינער גייט צו, פאַרזוכט, טוט א פּליאַסקע אויס די גלאָז גלײַך מיר אין פּאָ-נעם אַרײַן. אין א מינוט אַרום שטייט אַרום מיר א גאַנץ רעדל מיט ייִדן, ווײַבער און קינדער. אַלע ריידן, מאַכן מיט די הענט, קאָכן זיך. דערזעט א יאָוון, אַז מע קלײַבט זיך, גייט ער צו און פרעגט, וואָס איז דאָ. דערציילט מען אים. גייט ער און קוקט אַרײַן צו מיר אין קרוג אַרײַן און הייסט זיך געבן פאַרזוכן. גיס איך אים אָן א גלאָז מיט קוואַס. דער יאָוון טוט א טרינק אָפּ און שפּײַט אויס און ווערט מאָלערעציכע.

— וווּ האָסטו גענומען אַזעלכע פּאָמאָיעס? — פרעגט ער מיך.

— דאָס איז פון א בוך, — זאָג איך אים, — מײַן ברודערס מעלאָכע, מײַן ברודער אַליין מאַכט דאָס.

— ווער איז דײַן ברודער?
— מײַן ברודער עליע, — זאָג איך אים (שאָלעם-אליכעם)
[לעמאָשל:
האָט מיך אָפּגעשטעלט א ייִד, האָט מיר באַצאָלט א קאָפּעקע, און ער האָט געהייסן זיך אָנגיסן א גלעזל קוואַס...
די באַהעפטן, וואָס מיר האָבן אויסגעטײלט, זאָלט איר לאָזן אזוי, ווי זיי זײַנען.]

## 18. נאָך וועגן צײַטן

**123.** פאַרגלײַכט דעם אינהאַלט פון די ווײַטערדיקע דרײַ פאַרגאַנגענהײַטן.
1. איך האָב געשריבן.
2. איך פלעג שרײַבן.
3. איך האָב געהאַט געשריבן.

אַלע דרײַ באַהעפטן דריקן אויס פאַרגאַנגענהײַט. נאָר אין פאַרשיידענע פאַלן באַנוצט מען די אָדער יענע פאַרגאַנגענהײַט-פאָרם.

די ערשטע פאָרם באַצייכנט א טוונג, וואָס איז פאָרגעקומען פריִער, ניט זייער לאַנג און ניט זייער אָפּט: איך האָב געלייענט, איך האָב געקויפט...

די צווייטע פאָרם באַצייכנט א טוונג, וואָס איז פאָרגעקומען ניט איין מאָל, וואָס פלעגט זיך איבערכאַזערן און פלעגט דויערן: איך פלעג לייענען, איך פלעג קויפן...

די דריטע פאָרם באַצייכנט א טוונג, וואָס איז פאָרגעקומען מיט א צײַט צוריק, זייער לאַנג: איך האָב געהאַט געלייענט, איך האָב געהאַט געקויפט...

פאָרמעל האָבן מיר דאָ אזא צוזאַמענשטעל פונעם פרעדיקאַט:
1. הילפפערזאָניקער ווערב „האָב" + פאַרטיציפּ
2. „ „ „פלעג" + אינפיניטיוו
3. „ „ „האָב" + באַהילפיקער פאַרטיציפּ „געהאַט" + באַטײַטיקער פאַרטיציפּ.

**124.** די דריטע פאַרגאַנגענהײַט-פאָרם איז ניט אין אַלע קאַנטן פאַראַן. אויב איר זײַט פון אזא קאַנט, ווו מע ניצט ניט די דריטע פאָרם, זאָלט איר זיך באַמיִען צו אָנהייבן זי ניצן אין די פאַלן, ווען איר דאַרפט ריידן וועגן א לאַנגאָנעדיקער טוונג.

קוקט זיך צו צו די ווײַטערדיקע באַהעפטן.
1. דער יונגערמאַן **פלעגט** בא אים אין מיל
אַלע וואָך צוויי פורלעך מעל קויפן.

פאַרוואָס שטייט דאָ „פלעגט" און ניט „האָט"? פּרובירט דעמזעלבן באַהעפט אָנ-שרײַבן מיט „האָט" און נאָכדעם מיט „האָט געהאַט". וואָסערע ענדערונגען וועלן דאַן אינעם באַהעפט פאָרקומען?
2. אז מיר **זײַנען** געקומען צו דער סטאַנציע,
**האָבן** מיר נישט געקאָנט אַרויס.

פאַרוואָס שטייט דאָ „זײַנען" און „האָבן"? צי קאָן מען דאָ שרײַבן „פלעגן"?

**125.** ניט אין אלע קאנטן איז אויך פאראן אזא צוקונפט-פאָרם ווי די ווײַטער-דיקע.

1. באם אָנקומען אין אוניווערסיטעט וועט מען ד א ר פ ן ה אָ ב ן ג ע ע נ ד י ק ט דעם צוגרייט-קורס.

דאָ האָבן מיר א פרעדיקאט, וואָס באשטייט פון הילפספערזאָניקן ווערב „וועט" + אינפיניטיוו „דארפן" + אינפיניטיוו „האָבן" + פארטיציפ „געענדיקט".

אין די קאנטן, ווו מע ניצט ניט אזא צוקונפט-פאָרם, וואָלט מען דעמדאָזיקן אינ-האלט אויסגעדריקט אף אזא אויפן:

2. איידערן (פארן) אָנקומען אין אוניוורסיטעט וועט מען ד א ר פ ן ע נ ד י ק ן דעם צוגרייט-קורס.

דער אונטערשייד פון דידאָזיקע צוויי קאָנסטרוקציעס באשטייט אין דעם: אינעם צווייטן פאל איז דאָס באטײַטיקע וואָרט פונעם פרעדיקאט אן אינפיניטיוו „ענדיקן". איז דער לאָגישער אקצענט, דער הויפט-געדאנק אפן פ ר אָ צ ע ס פון דער ארבעט. אינעם ערשטן פאל איז דער לאָגישער אקצענט אפן פארטיציפ „געענדיקט" — אף דער אָ פ ג ע ט אָ נ ע נ ע ר ארבעט. און אזוי ווי „באם אָנקומען אין אוניוורסיטעט" דארף די ארבעט פון ענדיקן דעם צוגרייט-קורס שוין זײַן אן אָפגעטאָנענע, איז דאָ טאקע בעסער די ערשטע קאָנסטרוקציע.

דעריבער דארף מען זיך באמיִען צו לייגן אכט אף אזוינע קאָנסטרוקציעס און אָנהייבן ניצן זיי.

**126.** פארגלײַכט די ווײַטערדיקע באהעפטן.

1. אינגיכן וועט מען אים אוועקשיקן.
2. איצט הייבט זיך אָן א נײַע כאסענע.
3. איינמאָל פארנאכט בין איך מיר גע-פאָרן אהיים מיט די ליידיקע קריגלעך.

1. אינגיכן שיקט מען אים אוועק (שאָל.-אל.)
2. איצט האָט זיך אָנגעהויבן א נײַע כאסענע... (שאָל.-אל.)
3. איינמאָל פארנאכט פאָר איך מיר אהיים מיט די ליידיקע קריגלעך... (שאָל.-אל.)

דער ערשטער באהעפט פ ו נ ר ע כ ט ס איז אין צוקונפט, דער צווייטער — אין געגנוואַרט, און דער דריטער איז אין פארגאנגענהײַט.

פונלינקס איז גאָר אן אנדער דערשײַנונג. די צײַט-פאָרם אינעם ע ר ש ט ן לינקן באהעפט איז ג ע ג נ וו א ר ט, נאָר די טוונג ק ו מ ט פ אָ ר נ י ט א י צ ט, נאָר „אינ-גיכן" וועט זי פאָרקומען.

אינעם צ ווי י ט ן לינקן באהעפט איז די צײַט-פאָרם פ א ר ג א נ ג ע נ ה ײַ ט, נאָר די טוונג איז ניט פ ר יִ ע ר פ אָ ר ג ע ק ו מ ע ן, נאָר „איצט" קומט זי פאָר.

אינעם ד ר י ט ן לינקן באהעפט איז די צײַטפאָרם ג ע ג נ וו א ר ט, נאָר די טוונג קומט פ אָ ר נ י ט א י צ ט, נאָר „איינמאָל פארנאכט" איז זי פאָרגעקומען.

אין דער שפראך (סײַ אין דער גערעדטער און סײַ אין דער געשריבענער) קומט אָפט פאָר אזא דערשײַנונג, ווען מע באניצט איין צײַט-פאָרם אָנשטאָט א צווייטער.

קוקט זיך צו צו דער ווײַטערדיקער צײַט-פאָרם.

איך פאָר, זאָגט זי, אוועק מאָרגן.

פרובירט דאָסזעלבע אָנשרײַבן אין צוקונפט-פאָרם. ווען איז דאָס „פּאָרן" זיכערער, קאַטעגאָרישער: אין געגנוואַרט צי אין צוקונפט?

ווען איז שאָלעם-אַליכעמס פראַגמענט (פון דער דער לעצטער אופגאַבע) בעסער, לעבעדיקער: ווי ער איז אָנגעשריבן, אין געגנוואַרט, צי ווי איר האָט אים געמאַכט, אין פאַרגאַנגענהײַט?

127. אַמאָל מישט מען די צײַט-פאָרמעס אין איין און דערזעלבער פּראָזע (אין פאַרשיידענע באַהעפטן). לעמאָשל:

ער איז געווען אַ גרויסער פּי-הענדלער, וועלכער האַנדלט מיטן „דײַטש" אין די טויזנטער אַרײַן זון קויפט אויף דאָס גאַנצע פּי אין דער אַרומיקער געגנט. (ש. אַש)

דאָ האָבן מיר אַ פּראָזע מיט צוויי באַהעפטן. דער ערשטער באַהעפט איז אין פאַרגאַנגענהײַט: ער דערציילט וועגן איינעם, וואָס „איז געווען אַ גרויסער פּי-הענדלער". נאָכדעם גייט אַ באַהעפט, וואָס כאַראַקטעריזירט די גרויס פונעם פּי-הענדלער. דער האַנדל איז געווען אַ דויערהאַפטער, דעריבער שטייט דאָ ניט „וועלכער האָט געהאַנדלט"..., דער שרײַבער וויל דאָ פאָרשטעלן דעם האַנדל קאָנקרעטער און לעבעדיקער, שרײַבט ער דעריבער ניט „וועלכער פלעגט האַנדלען..." נאָר „וועלכער האַנדלט..." — אין געגנוואַרט, — און אַז געגנוואַרט מאַכט די זאַך בילדערישער, האָבן מיר שוין געזען פון די פאַריקע בײַשפּילן.

128. אַמאָל מישט מען דעם „פלעגט" און „האָט" אין איין און דערזעלבער פּראָזע (אין פאַרשיידענע באַהעפטן). לעמאָשל:

אַז רעב ייִסראָעל פלעגט זיך אַ צוויי שאָ אַרומיאָגן נאָך אַן אָקס, וועלכער האָט זיך פון שטריק אָפּגעריסן, און פלעגט אים צום סאָף באַ די הערנער אָנכאַפּן אזוי, אַז דער אָקס האָט זײַן שווערן נאַקן געבויגן פאַר אים, פלעגט ער קרעכצן ביט אַ געלעכטער: „ע, נישטאָ די פּאַרצײַטיקע קויכעס"! (ש. אַש)

באַם אָקס שטייט דאָ „האָט", ווײַל דער אָקס (יעדער איינער) האָט עס געטאָן איין מאָל, אָבער רעב ייִסראָעלן פלעגט עס אויסקומען אָפּט צו טאָן: אַסאַך אָקסן צו כאַפּן, דעריבער איז באַ אים „פלעגט" און ניט „האָט".

129. פאַרגלײַכט דאָס ווײַטערדיקע

1. דאָך קאָן געשען נאָך צו יעדער צײַט,
עס זאָלן ברענגען מיך אַהין די צוגן. (כאַטשעוואַצקי)

2. צו טעג פאַרגאַנגענע אין יאָרן-בײַט
ניט וועלן ברענגען שוין די שנעלסטע צוגן. (כאַטשעוואַצקי)

ווען אן אינפיניטיוו אָדער א פארטיציפּ קומט מיט די הילפפערזאָניקע ווערבן האָב, בין, פלעג, וועל, — רעדט זיך וועגן א פאקטישער טווּנג, וואָס איז געווען אָדער וועט זײַן. לעמאָשל:

איך האָב געבראכט — איך בין געלעגן
איך פלעג ברענגען — איך פלעג ליגן
איך וועל ברענגען — איך וועל ליגן

אויב אן אינפיניטיוו אָדער א פארטיציפּ קומט מיט די הילפפערזאָניקע ווערבן זאָל (לאָז), וואָלט, קאָן, — רעדט זיך ניט וועגן א פאקטישער טווּנג נאָר וועגן א מעגלעכער טווּנג. לעמאָשל:

איך זאָל ברענגען — איך זאָל ליגן
איך וואָלט געבראכט — איך וואָלט געלעגן
איך קאָן ברענגען — איך קאָן ליגן

בא כאשטשעוואַצקין האָבן מיר דאָ אינעם ערשטן בײַשפּיל א מעגלעכקײַט פון א טווּנג: „עס זאָלן ברענגען". אינעם צווייטן בײַשפּיל איז שוין די טווּנג א זיכערע, א פאקטישערע: „וועלן ברענגען" [דאָ איז עס מיט „ניט", הייסט עס, אז די טווּנג וועט זיכער ניט זײַן].

לייענט דורך דעם ווײַטערדיקן פראגמענט.

גראָד אין וואלד פארשטייט ער גוט. ניט אומזיסט ארבעט ער שוין בא געהילץ העכער 22 יאָר. אָט דעם גרויסן פינגער האָט ער געפּאטערט בא א זעג אין א געהילץ-זעגערײַ. דער גאנצער ווילדער קאנט וואָלט אופגעלעבט. מע וואָלט אלע געלאָפן אין בירא-בידזשאן ווי נאָך מאצע-וואסער. און לאָז מען געבן אביסל געלט נאָכעמען, ברענגט ער הײַנטיקן טאָג העכער האלב קריוואָזער. סאמע די בעסטע באלמעלאָכעס מיט די געזינטסטע יונגען וואָלט ער געבראכט. און זיי וואָלטן זיך געטאָן א נעם צו בירא-בידזשאן, אז זעגעכץ וואָלט געפלויגן. (אלבערטאָן)

פארוואָס איז דאָ „וואָלט", „לאָז" און ניט „האָט", „איז"?

**130.** פרובירט ארײַנשטעלן אין די ווײַטערדיקע פראזעס אומעטום הילפפערזאָניקע ווערבן, וואָס דריקן אויס א פאקטישע טווּנג.

1. ווען ער זאָל קאָנען פאר זיי האלטן א רעדע, וואָלט גוט געווען. (ווײַסבערג)
2. געטנוג בערג האָט ער, זיי זאָלן אים באשיצן; געטנוג טײַכן פארמאָגט ער, זיי זאָלן אים באוואסערן. (אלבערטאָן)
3. דער הונט זאָל ניט ליגן אין גאָרטן, וואָלט איך זיך אראָפּגעוואָרפן און זיך דערהארגעט פאר ביזאָיען. (שאָלעם-אלייכעם)
4. זיי... טראָגן ווי פון אייביק אָן גרויע קאוואלעריסטישע שינעלן, כאָטש קיינער געדענקט ניט, אז זיי זאָלן ווען עס איז געווען זײַן סאָלדאטן. (בערגעלסאָן)
5. ווײַב עמיל וואנדערוועלדע מעג אין 1929-טן יאָר פאָרן צום געווער רעבע, — פארוואָס זאָל שאָלעם אש ניט האָבן געטאָרט נאָך אין 1922-טן יאָר ארײַנכאפּן אין קוטנאָ א מאפטיר. (ליטוואקאָוו)

טראכט זיך גוט אריַין אין דידאַזיקע אעל קאָנסטרוקציעס: מאכט זיך קלאָר זייערע באַטיַיטן און קלײַבט פאנאנדער זייערע פאָרמעלע מאָמענטן.

וואָס איז לעמאָשל דער אונטערשייד פון דער פריִערדיקער ערשטער פראזע, וויַיסנבערגס, ביז אזא:

ווען ער וועט קאָנען פאר זיי האלטן א רעדע, וועט גוט זיַין.

**131.** מיר האָבן שוין אין די פאָריקע לימודים געהאט צו טאָן מיט פאלן, ווען מע ברענגט דעם פערזאָניקן ווערב, און ער שטימט ניט אין צאָל מיטן סוביעקט.

אזוינע פעלערן מאכט מען נאָך אָפטער, ווען דער פערזאָניקער ווערב איז א באהילפיקער. לעמאָשל:

1. עס וועט בלאָזן קאלטע ווינטן.

2. עס זאָל אָנגענומען ווערן די שטרענגסטע מיטלען.

אין ביידע באהעפטן איז דער סוביעקט אין מערצאָל: ווינטן, מיטלען; און די פערזאָניקע ווערבן זיַינען אין ביידע פאלן אלפיטאָעס אין אייַנצאָל: וועט, זאָל.

ריכטיק דארף מען דידאָזיקע באהעפטן שרײַבן אזוי:

1. עס **וועלן** בלאָזן קאלטע ווינטן.

2. עס **זאָלן** אָנגענומען ווערן די שטרענגסטע מיטלען.*

## אופגאבע 18.

I. שרײַבט אָן ריכטיק די וויַיטערדיקע באהעפטן. אָנשטאָט די פינטעלעך שטעלט א פאסנדיקן הילפפערזאָניקן ווערב.

אלעמען האָט באנק געטאָן, וואָס ס'איז איצט פינצטער, און ס'גייט א רעגן, און ס'רינט אָן וואסער אין די אויסגעגראָבענע קאנאוועס. ... מען נאָכדעם דארפן לאנג טשערפען. ווען ס'איז איצט ליכטיק, ... מען געווים אלע, וואָס זיצן דאָ, זיך גלײַך אופגעהויבן און געגאנגען צו די קאנאוועס ארבעטן. ווער... עס געקוקט אפן רעגן? מע... מיט די נעגל געגראָבן. מע... אין זעק אף די פלייצעס גענומען שטיקער ערד און אוועקגעטראָגן. (אלבערטאָן)

II. דערקלערט, פארוואָס גייען דאָ וויַיטער אזוינע צײַט-פאָרמעס.

היַינט האָט מען אונדז אין צעך געלייענט דעם מאניפעסט. ס'איז א מאניפעסט, וואָס דער ציק האָט ארויסגעגעבן פאר די ארבעטער און אויך פאר די פויערים. ער האלט צען פונקטן. אונדז זאָגט מען צו צו פארקלענערן דעם ארבעט-טאָג ביז 7 שאָ. א שאָ וויַיניקער ארבעטן. באלאָן זאָגט, אז דאָס איז אף דעם, דער ארבעטער זאָל זיך אויסרוען און קענען בעסער ארבעטן. (אַטשוק)

III. שרײַבט אָן ריכטיק אלע וויַיטערדיקע פערזאָניקע ווערבן. זעט, זיי זאָלן שטימען מיט די סוביעקטן.

1) מאָרגן ווע.. אין אלע ראיאָנען פאָרקומען פארטיי-קאָנפערענצן. 2) אין אוו-גוסט ווע.. אין ביבליאָטעק אָנקומען נײַע ביכער. 3) אין דער אָרגאניזאציע האָ.. אָנ-

---

* בעסער איז ווען מע שרײַבט אזוי: מע זאָל אָנעמען די שטרענגסטע מיטלען. דאן וועט דאָ זיַין דער סוביעקט „מע”, ניט „מיטלען”.

מייל גענומען פאַרשטייער פון פאַרשיידענע שיכטן. 4) אין צוזאַמענהאַנג מיט דער ליקווידאַציע פונעם באַלעגוף הא.. זיך פאַרשאַרפט די קלאַסן-ריַיבונגען אינעם ייִדישן דאָרף. 5) בא דער פויערשער באַפעלקערונג ווע.. אַזעלכע באַלעגופישע פאַרשלאַגן קיין דערפאָלג ניט האָבן.

## 19. ווערב.

**132.** קוקט זיך צו צו אַלע וויַיטעו דיקע פאָרמעס.

1. פערזאָניקער ווערב : שריַיב, שריַיבסט, שריַיבט,* שריַיבן**.
2. אינפיניטיוו : שריַיבן.
3. פאַרטיציפּ : געשריבן.

דאָס זיַינען די דריַי גרופּעס ווערטער, מיט וועלכע מיר האָבן זיך דערוויַיל באַקענט. דידאָזיקע גרופּעס פאַרייניקט מען אין איין קלאַס ווערטער, וואָס הייסט ווערב.

מע פאַרייניקט דידאָזיקע דריַי גרופּעס אין איין קלאַס, וויַיל אַ וואָרט, וואָס געהערט צו איינער פון די דריַי גרופּעס, קאָן שוין אויך האָבן פאָרמעס פון די איבעריקע צוויי.

קוקט זיך צו צו אַלע וויַיטערדיקע אויסגעטיילטע ווערטער.

איך האָב זיך אופגעהויבן פון בעט און געטראַכט, אַז דערדאָזיקער יודקע האָט מיט מיר אַ כויזעק אָפּגעשפּילט. איך בין מיר געגאַנגען מיַין וועג און געקליבן דאָרט די געוויקסעלעך און קריַיטעכצער, געשלעפּט זיי צו זיך אין דער נאָרע אַריַין, געשניטן זיי, געזאַלצן, געפּעפּערט, מיט אַ ביסעלע מענטע באַשאָטן, זיי זאָלן דעם גומען קילן און געטראָגן זיי מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן אין דער וועלט אַריַין און קיינמאָל זיך ניט אינטערעסירט, צי עסט מען זיי, מיַינע קריַיטעכצער, צי פאַרזייט מען זיי, צי שפּיַיט מען זיי אויס, איידער מע נעמט זיי אין מויל אַריַין. (גאָדינער)

אַלע אויסגעטיילטע ווערטער זיַינען ווערבן. יעדעס פון דידאָזיקע ווערטער קאָן האָבן פאָרמעס פון אַ פערזאָניקן ווערב, אינפיניטיוו און פאַרטיציפּ***. אַלע איבעריקע ווערטער, אינעם דאָזיקן פראַגמענט זיַינען ניט קיין ווערבן. זיי געהערן צו אַנדערע קלאַסן ווערטער, וואָס מיר האָבן נאָך וועגן זיי ניט געלערנט.

אייניקע ווערטער פונעם פריִערדיקן פראַגמענט זעען אויס ווי ווערבן, אָבער זיי זיַינען עס ניט. לעמאָשל:

1. איך האָב זיך אופגעהויבן פון בעט.

דאָס וואָרט „בעט" — נאָר מיט אַן אַנדער באַטיַיט — קאָן זיַין אַ ווערב. לעמאָשל:

2. איך בעט אַ נעדאָווע.



* ער שריַיבט — איר שריַיבט.

** מיר שריַיבן — זיי שריַיבן.

*** אויסער דידאָזיקע דריַי גרופּעס זיַינען פאַראַן נאָך צוויי גרופּעס ווערטער, וואָס געהערן צום קלאַס ווערב. (זעט זיַיט 160).

3. איך  בעט  זיך ווייך אויס.

אין דיביידע פאלן איז „בעט" א פערזאָניקער ווערב, דאָס הייסט אויך — א ווערב ביכלאל *. אָבער אינעם פאל 1 איז „בעט" ניט קיין ווערב: עס האָט ניט קיין איין פאָרמע און קיין איין באטייט פון די גרופעס ווערטער, וואָס גייען אריין אינעם קלאס ווערב.

133. מע דארף זען ניט פלאָנטערן די טערמינען סוביעקט, פרעדיקאט מיט די טערמינען פערזאָניקער ווערב, אינפיניטיוו, פארטיציפ.

די טערמינען סוביעקט, פרעדיקאט באצייכענען די פונקציע פון די ווערטער; די טערמינען פערזאָניקער ווערב, אינפיניטיוו און פארטיציפ—א פאָרם פון ווערטער. לעמאָשל:

1. לאכן איז געזונט.
2. זיי ווילן לאכן א צייט.
3. זיי זיינען מיד געוואָרן פון לאכן.

אין אלע דריי באהעפטן איז דאָס וואָרט „לאכן" אין א פאָרם פון אינפיניטיוו. אינעם ערשטן באהעפט פילט דער אינפיניטיוו אויס א שליכעס פון א סוביעקט; אינעם צווייטן באהעפט איז דער אינפיניטיוו א טייל פונעם פרעדיקאט; אינעם דריטן באהעפט איז שוין דער אינפיניטיוו ניט קיין סוביעקט און ניט קיין פרעדיקאט. ער איז דאָרטן אין אן אנדער פונקציע, אין א פונקציע, וואָס מיר האָבן נאָך וועגן איר ניט געלערנט.

אָדער נאָך א ביישפיל:

4. זיי האָבן אופגעהערט לאכן.

דאָ איז דאָס וואָרט „זיי" דער סוביעקט. „זיי" איז נאטירלעך ניט קיין אינפיניטיוו, ניט קיין פארטיציפ און ניט קיין פערזאָניקער ווערב. [דאָס איז א פאָרם, וואָס מיר וועלן זי שטודירן אינעם II-טן טייל גראמאטיק]. דער פרעדיקאט אינעם דאָזיקן באהעפט באשטייט פון דריי ווערטער, וואָס יעדעס פון זיי געהערט צו דריי פארשיידענע פאָרמעס פונעם ווערב: צום פערזאָניקן ווערב (האָבן), צום פארטיציפ (אופגעהערט), צום אינפיניטיוו (לאכן).

און אינעם פריערדיקן 3-טן ביישפיל באשטייט דער פרעדיקאט פון א פערזאָניקן ווערב (זיינען), פון א פארטיציפ (געוואָרן) און פון נאָך א וואָרט (מיד), וועלכעס איז לויט זיין פאָרם אונדז דערוויילע אומבאקאנט.

134. אין די פאָריקע לימודים האָבן מיר שוין גערעדט וועגן ווערבאלע צו-גאָבן. איצט, ווען מיר ווייסן וועגן ווערב, קאָנען מיר זיך נאָכאמאָל אומקערן צו דערדאָזיקער טעמע.

---

* יעדער פערזאָניקער ווערב איז א ווערב, אָבער ניט יעדער ווערב איז א פערזאָניקער ווערב. וואָרעם א ווערב קאָן אויך זיין אן אינפיניטיוו, א פארטיציפ אָדער פון די איבעריקע צוויי גרופעס, וואָס מיר האָבן נאָך וועגן זיי ניט גערעדט.

פארגלייכט דאָס ווייטערדיקע

| | |
|---|---|
| 1. איך שרייב | איך שרייב אָפּ |
| 2. איך האָב געשריבן | איך האָב אָפּגעשריבן |
| 3. איך וועל שרייבן | איך וועל אָפּשרייבן |

אין די אַלע זעקס באהעפטן האָבן מיר צו טאָן מיטן ווערב „שרייב". דער אונ-טערשייד פון די רעכטע דריי באהעפטן און די לינקע איז אין דעם, וואָס פונלינקס איז נאָך פאראן אַ ווערבאלער צוגאָב „אָפּ".

[קוקט אומבאדינגט דורך דעם 5-טן לימעד].

דאָ, זעען מיר, איז דער ווערבאלער צוגאָב באזונדער באם פּערזאָניקן ווערב און איז איינייגעם באם פּארטיציפּ און אינפיניטיוו. און אזוי איז עס קימאט שטענדיק. לעמאָשל:

| | | |
|---|---|---|
| איך שיק אוועק | איך האָב אוועקגעשיקט | איך וועל אוועקשיקן |
| איך טרייב ארויס | איך האָב ארויסגעטריבן | איך וועל ארויסטרייבן |
| איך נעם ארום | איך האָב ארומגענומען | איך וועל ארומנעמען. |

**135.** אייניקע ווערבאלע צוגאָבן קומען אמאָל אויך באם פּערזאָניקן ווערב איינ-נעם; זיי פארלירן דעם אקצענט און ווערן אייגנטלעך אין אזוינע פאלן אויס ווער-באלע צוגאָבן און בלייבן אלס אומבאטאָנטע פּרעפיקסן. לעמאָשל:

| | |
|---|---|
| 1. ער שיקט אונטער | ער רעדט איבער |
| 2. ער אונטערדריקט * | ער איבעראשט |

אין דער ע ר ש ט ע ר שורע זיינען „אונטער" און „איבער"—ווערבאלע צוגאָבן: זיי קומען מיט אן אקצענט און נאָכן פּערזאָניקן ווערב.

אין דער צ ו ו י י ט ע ר שורע זיינען שוין „אונטער" און „איבער" ניט קיין ווער-באלע צוגאָבן נאָר אומבאטאָנטע פּרעפיקסן.

אין דער קינסטלערישער ליטעראטור קומט אמאָל דער ווערבאלער צוגאָב באם פּערזאָניקן ווערב אויך אלס אַ ב א ט אָ נ ט ע ר פּרעפיקס. לעמאָשל:

1. פון ליכטיקע, פון גרויסע וואַרשעווער וואָקזאלן א ו ו ע ק פ אָ ר ט איצט אזריל אין שטעטעלעך פון פּוילן. (מארקיש)

2. האָט זיך דערנאָך, און נאָכן צונויפגיין זיך פון אַלע, מיטאמאָל אַ טיר און וואָס אין אופנעם-זאל א ר יי נ פ י ר ט, אופגעעפנט. (ניסטער)

דאָ זיינען די פּרעפיקסן „אוועק" און „ארייַנ" אקצענטירט. זיי קומען דאָ אלס פּרעפיקסן און ניט נאָכן פּערזאָניקן ווערב מאשמאָעס צוליב אַ געוויסן ריטם.

**136.** אייניקע ווערבאלע צוגאָבן ווערן אמאָל „ארומגעוואקסן" מיט „ווילד-וואָרט" ** לעמאָשל:

1. שטייען א ו פ ע ט (אוף) ריטער פון סאָף נאכט. (רעזניק)
2. איך גיי שוין ווידער א ו מ ע ט (אום) אַ דערשלאָגענער. (רעזניק)

(דאָ איז עס צוליבן טאקט, צוליבן ריטם. ביכלאל—דארף מען עס אויסמיידן).

---

* עס איז אויך פאראן ע ר ד ר י ק ט א ו נ ט ע ר.

** וואָס איז אזוי אומנוצלעך ווי ווילדפלייש. אזא ווילדוואָרט קומט אויך בא ניט קיין ווערבאלע צו-גאָבן. לעמאָשל: באדערביי (דערביי), פונדערפון (דערפון)...

**137.** אייניקע ווערבן ווערן אָפּטמאָל פאַרשפּאָרט, און עס קומען בלויז זייערע צוגאָבן. לעמאָשל:

1. ער ג'יז צין צום לאָמפּ און אים אויסגעלאָשן. (מאַרקיש)
2. דער געלער מיט יאָסלען זײַנען אַרויס פון שטוב, אַוועק אַף דער לאָנ-קע, וואָס הינטערן הויף. (אַבטשוק)
3. ער, דער דאָקטער, איז אַרויף אַף עפּעס א מאָדנער פור, אַף וועלכער ער האָט בעשומויפן אַרויף ניט געוואָלט. (בערגעלסאָן)

אין אלע פאלן האָבן מיר דאָ פאַרשפּאָרט דעם פּאַרטיציפּ „געגאַנגען", ברענגענ-דיק בלויז די ווערבאלע צוגאָבן פונעם דאָזיקן פאַרטיציפּ.

דאָס הייסט אָבער ניט, אז נאָר באם פאַרטיציפּ קאָן פאָרקומען אזא פאַרשפּאָרונג. מע קאָן דאָס אויך זען באם אינפיניטיוו *. לעמאָשל:

אָט דער וועט דורך די גרענעץ, און אָט דער — ניט. (בערגעלסאָן)

**138.** דער ווערבאלער צוגאָב, ווי מיר האָבן שוין געזען אינעם 5-טן לימעד, קומט ניט אומבאַדינגט גלײַך נאָכן פּערזאָניקן ווערב, נאָר ער קאָן קומען אויך אסאך ווײַטער. לעמאָשל:

1. דער גאַנצער אוילעם הערט זיך צו צו זײַנע רייד. (אַבטשוק)
2. מע לאָזט דיך אפילע צו דער שפּאַרונע ניט צו. (גאָדינער)

אין ביידע פאלן האָבן מיר דאָ אויסערן ווערבאלן צוגאָב „צו" נאָך א „צו", וואָס איז שוין ניט קיין ווערבאלער צוגאָב. וועלכער „צו" איז דאָ א ווערבאלער צוגאָב און וועלכער ניט, — איז לײַכט צו דערקענען לויטן אַקצענט און לויט דעם, וווהין דער „צו" ציט זיך. איז ער אַקצענטירט און ציט זיך צו א ווערב, איז ער א ווער-באלער צוגאָב; האָט ער ניט די דאָזיקע צוויי סימאָנים, איז ער ניט קיין ווערבאלער צוגאָב נאָר עפּעס אנדערש.

**139.** און אמאָל קאָן זײַן שווער צו פעסטשטעלן דעם ווערבאלן צוגאָב. לע-מאָשל:

אפּן פראָנט וואקסן צו די פיס צו די שטיוול. (יאָפּע)

דעם דאָזיקן באהעפט קאָן מען לייענען אף צוויי אויפאנים.

1) אפּן פראָנט וואקסן צו די פיס צו די שטיוול.

2. אפּן פראָנט וואקסן צו די פיס צו די שטיוול.

אינעם ערשטן פאל איז דער סוביעקט „פיס": די פיס וואקסן צו צו די שטיוול. אינעם צווייטן פאל איז דער סוביעקט „שטיוול": די שטיוול וואקסן צו צו די פיס. לייענען יאָפּעס באהעפט אזוי אָדער אנדערש ווענדט זיך אָן דעם, וואָס פאר

* און אויך בא אנדערע ווערטער.

א וואָרט מיר נעמען דאָרט אָן פארן סוביעקט. אין דעמדאָזיקן פאל, בא יאָפּען, איז דער אינהאלט דערזעלבער, ווי מע זאָל ניט לייענען. אָבער אמאָל קאָן זייער וויכטיק זײַן אזא אָדער אָן אנדער אויפן פון לייענען. לעמאָשל:

אפּן מיטינג שטייען צו די מיטעלע פּויערים צו די אָרעמע.

דאָ לייענען אזוי אָדער אנדערש—האָט אזא אָדער אָן אנדער פּאָליטישן אינהאלט. דעריבער איז אין אזוינע פאלן בעסער אויסצומײַדן אזא צווייד ײַטיקײַט און שרײַבן אזוי:

1) די מיטעלע פּויערים שטייען אפּן מיטינג צו צו די אָרעמע.

2) די אָרעמע פּויערים שטייען אפּן מיטינג צו צו די מיטעלע.

140. פיל ווערבן קומען מיט א ווערטל „זיך". לעמאָשל:

| | |
|---|---|
| איך זיץ זיך | איך שרײַב זיך |
| איך וואש זיך | איך שלעפּ זיך |

ריידן רעדט מען ארויס דעמדאָזיקן „זיך" ניט גאָר אזוי, ווי עס איז אָנגעשריבן. אין ריידן פארייניקט מען דעם „זיך" מיטן ווערב. אָפט איז אפילע שווער צו דער-קענען אים. לעמאָשל:

ער זאָרגט זיך

ער זעצט זיך

הערט זיך צו, וויאזוי איר רעדט ארויס דידאָזיקע באהעפטן און פארגעדענקט זייער אויסלייג.

קוקט זיך צו צום ווײַטערדיקן אויסלייג

ער זעט זיך דורכן פענצטער.

ער זעצט זיך אפן שטול.

וויאזוי רעדט איר ארויס דאָס אויסגעטיילטע? אײַך איז קלאָר, פארוואָס מע דארף דאָס שרײַבן אזוי, און ניט ווי מע רעדט ארויס?

לייענט דורך דאָס ווײַטערדיקע.

ביידע האָבן געררויכערט און זיך געקוקט אין די אויגן, זיך געהאלטן פאר די הענט, זיך אָפּגעלאָזט און זיך ווידער געקוקט אין די אויגן. (בערגעלסאָן).

מאכט דידאָזיקע פראזע אין געגנוואַרט און אין צוקונפט און קוקט זיך צו צום ווערטער-סיידער. וואָס, באמערקט איר, קומט פאָר מיטן „זיך".

141. פארגלײַכט דאָס ווײַטערדיקע:

1. צוויי שטיקלעך אויסגעטריקנטע שפּענדלעך צינדן זיך אָן פאר אירע אויגן.

2. צוויי שטיקלעך אויסגעטריקנטע שפּענדלעך טוען זיך א צינד אָן פאר אירע אויגן. (אלבערטאָן)

אינעם ערשטן באהעפט באשטייט דער פּרעדיקאט פון א פערזאָניקן ווערב „צינדן"+ווערטל „זיך"+ווערבאלער צוגאָב „אָן".

אינעם צווייטן באהעפט איז שוין דער פּרעדיקאט אף אָן אנדער אופן געביל-דעט. מיר האָבן דאָ א הילפפערזאָניקן ווערב „טוען"+זיך+א צינד+אָן.

פאַרגלײַכט דעם באַטײַט פון די פּרעדיקאַטן אין די פּריִערדיקע באַהעפטן. ווען איז די טוונג האַסטיקער (גיכער): אינעם ערשטן באַהעפט צי אינעם צווייטן?

פאַרגלײַכט דאָס ווײַטערדיקע:

1. איך וואַרף שטיינער.
2. איך טו אַ וואָרף אַ שטיין.

צי קאָן מען אינעם ערשטן באַהעפט אָנשטאָט „שטיינער" זאָגן „אַ שטיין"? און אינעם צווייטן באַהעפט אָנשטאָט „אַ שטיין" קאָן מען זאָגן „שטיינער"?

דאָס באַווײַזט, אַז אַזאַ פּרעדיקאַט ווי אינעם צווייטן באַהעפט באַצייכנט אַן איינמאָליקע, אַ האַסטיקע טוונג *.

קוקט זיך צו צו די ווײַטערדיקע פּרעדיקאַטן.

ער האָט פאַרביסן די ליפּן. די אויגן האָבן זיך אים געגעבן אַ זעץ אַרויס מיט בלוט. ער האָט זיך געגעבן אַ וואָרף אויף דער טיר. די טיר — כאַטש פון אַ קליינ-שטעטיקער וואָך — דאָך גענוג שטאַרק פאַר מענטשלעכע הענט. האָט ער געגעבן אַ כאַפּ פאַר די שטאַכעטן פון פענצטער, כאַטש זיי בייגן זיך הינטער זײַנע הענט, דאָך גענוג פעסט זײַנען זיי אײַנגעמויערט אין דער וואַנט. האָט ער געגעבן אַ נעם פאַרן טאַפּטשאַן און אַ זעץ אין אויוון, האָבן זיך אין איין מינוט ברעט מיט ציגל צו-זאַמענגעמישט. (ש. אש)

פאַרוואָס זײַנען דאָ אַזעלכע פּרעדיקאַטן און אין אַזאַ פאָרם, איז אײַך קלאָר?

## אויפגאַבע 19

I. שטרײַכט אונטער אַלע ווײַטערדיקע ווערבן.

דער דערטרונקענער איז געווען שיקער און האָט געוויינט. לעכאַטכילע האָט ער געוויינט מיט עמעצנס טרערן, דערנאָך מיט געמאַכטע און שיקערע. ער האָט מיט די הענט געמאַכט און מיטן נאָסן קאָפּ געוואָרפן און געזידלט זיך, לעמײַ מע האָט אים באַליידיקט. ער קען אליין שווימען, בעסער פאַר אײַך פאַר אַלעמען. ער האָט גע-שריען, ווײַל עס איז אים געפעלן געווען צו שרײַען איינער אַליין אויפן גאַנצן טײַך. (גאָרדינער).

II. שרײַבט אַרויס די פּריִערדיקע ווערבן אין דרײַ באַזונדערע גרופּעס: פּערזאָ-ניקע ווערבן, אינפיניטיוון און פּאַרטיציפּן.

III. שטרײַכט אונטער אַלע ווײַטערדיקע ווערבאַלע צוגאָבן.

אַרום אַן אַלטן דעמב האָבן געשמײַעט באַ אַ צענדליק קאָראַסטענער און ניט געקאָנט אים אַרומגראָבן: זײַנע פאַרדאַרטע וואָרצלען האָבן אַרויסגעשפּאַרט פון דער ערד אַרום דעם שטאַם אויף אַ צוויי קלאַפטער אין דיאַמעטער. פון די שטײַפע האַרטע וואָרצלען זײַנען העק אָפּגעשפּרונגען ווי אָנגעטראָפן אויף געגאָסענעם גומי. מע האָט שוין געפּרוווט אונטערזעגן דעם שטאַם, נאָר די זעג-ציינדלעך האָבן זיך געטעמפּט און געבראָכן זיך אין סטאַרטשנדיקע סוקעס. (אָרלאַנד)

IV. שרײַבט אָן דאָס פּריִערדיקע אין געגנוואַרט.

V. מיט די ווערטער צו, נאָך, אַרום, אונטער — שאַפט פראַזעס, ווו די דאָזיקע ווערטער זאָלן זײַן אי ווערבאַלע צוגאָבן, אי ניט קיין צוגאָבן.

לעמאָשל: איך גיי צו צו אַ כאַוועד.

---

* וועגן פאָרמעלן זוזאַמענשטעל פון אַזאַ פּרעדיקאַט (ווערב) וועלן מיר ריידן אינעם II-טן טייל.

VI. שרײַבט אָן אין געגנוואָרט פֿאַרגאַנגענהײַט און צוקונפֿט אין די ערשטע דרײַ פֿערזאָנפֿאָרמעס דאָס ווײַטערדיקע:

1) קוק זיך, בינד זיך, טראָג זיך, זיץ זיך, הייץ זיך, באָד זיך.
2) גיב א צי, טו א קוק, גיב א נעם, טו א דערלאַנג, טו א געווין.
3) האַלט מילכאָמע, האָב מוירע, בין מויכל, ווער געוואָר, קום צו גיין.

## 20. ווערטער-סיידער

**142.** מיר האָבן שוין אמאָל אָנגעוויזן, אז געוויינטלעך קומט דער סוביעקט (סוביעקט-גרופּע) אין באַהעפט אפן ערשטן אָרט. נאָר אז מע וויל באַטאָנען אנדערע ווערטער פונעם באַהעפט, קאָן דער סוביעקט קומען אויך אָף אנדערע ערטער. לעמאָשל:

1. דער דאָקטער האָט זיך פאר אָט די ווערטער דערשראָקן. ער האָט זיך ניט געריררט פון אָרט. ער האָט זיך פאַרטראַכט. (בערגעלסאָן)
2. באַטאָג האָט ער זיך דעריבער אווּעקגעלאָזט צופוס צו סאָפּיא פּאָקראָווסקאַיא קיין יאַנאָווע. מיט איר האָט ער זיך געפּילט היימלעך נאָך פון אמאָל. זי האָט ער געדענקט נאָך פון די קינדער-יאָרן. (בערגעלסאָן)

אינעם ערשטן פאַל האָבן מיר דרײַ געשלאָסענע באַהעפטן (דרײַ פּראַזעס), וווּ די סוביעקטן זײַנען אפן ערשטן אָרט. אינעם צווייטן פאַל זײַנען שוין די סוביעקטן פון אלע דרײַ באַהעפטן ניט אפן ערשטן אָרט. בערגעלסאָן טוט עס מאַשמאָעס דערפאַר, וואָס ער וויל אין די לעצטע דרײַ באַהעפטן מער אַקצענטירן אנדערע ווערטער, ניט די סוביעקטן.

דאָס קאָן מען לײַכט דערווײַזן, איבערשטעלנדיק די ווערטער פון די לעצטע דרײַ באַהעפטן. לעמאָשל:

ער האָט זיך דעריבער באַטאָג אווּעקגעלאָזט צופוס צו סאָפּיא פּאָקראָווסקאַיא קיין יאַנאָווע. ער האָט זיך מיט איר געפּילט היימלעך נאָך פון אמאָל. ער האָט זי געדענקט נאָך פון די קינדער-יאָרן.

פאַרגלײַכט די איצטיקע באַהעפטן מיט די פריִערדיקע, בערגעלסאָנס, און מאַכט זיך קלאָר זייער אונטערשייד אין באַטאָנען די אָדער יענע ווערטער.

**143.** ס'זײַנען פאַראַן פאַלן, ווען שטעלן ווערטער אין אזא אָדער אין אן אנדער סיידער — הייסט ניט בלויז אַקצענטירן דאָס אָדער יענץ וואָרט, נאָר עס הייסט צוגעבן דעם באַהעפט אזא אָדער אן אנדער אינהאַלט. לעמאָשל:

1. אונדזער אַרבעט טאָרמאָזירט די פאַרשפּרייטונג פונעם בוך.

דערדאָזיקער באַהעפט קאָן האָבן צוויי באַטײַטן:

אונדזער אַרבעט טאָרמאָזירט די פאַרשפּרייטונג פונעם בוך.

2. אונדזער אַרבעט טאָרמאָזירט די פאַרשפּרייטונג פונעם בוך.

אינעם ערשטן פאל איז דער סוביעקט די „ארבעט״: זי טאָרמאָזירט דאָס די פארשפרייטונג פונעם בוך. אינעם צווייטן פאל איז דער סוביעקט די „פארשפרייטונג״ (פונעם בוך): זי פארהאלט דאָס די ארבעט.

פונדאנען איז קלאָר, אז אין אזוינע פאלן דארף מען זײַן מיטן ווערטער-סיידער זייער פאָרזיכטיק: מע דארף געדענקען, אז לויטן געוויינטלעכן סיידער איז דער סוביעקט אפן ערשטן אָרט, און א ייִד וועט גיכער אופנעמען דעם לעצטן בײַשפּיל אין זײַן ערשטן באטײַט *.

144. ענלעכעס צום פאַריקן קאָן מען זען אויך אין אזא בײַשפּיל.

אין אסאך ערטער העלפן די אָרעמע פויערים די קאָלווירטן באארבעטן דאָס לאנד.

אויך דערדאָזיקער באהעפט קאָן האָבן צוויי באטײַטן:

1. דער סוביעקט — די „פויערים״. זיי העלפן די קאָלווירטן באארבעטן דאָס לאנד.
2. דער סוביעקט — די „קאָלווירטן״: זיי העלפן די פויערים באארבעטן דאָס לאנד.

ווי עס איז קלאָר פונעם פריִערדיקן, וועט א ייִד אין דעמדאָזיקן בײַשפּיל גיכער ארײַנלייגן דעם ע ר ש ט ן אינהאלט. אָבער מיר פארשטייען זייער גוט, אז עס קאָן ניט זײַן, די אָרעמע פויערים זאָלן העלפן עמעצן באארבעטן דאָס לאנד, און דער „עמעצער״ זאָל נאָך זײַן — ק אָ ל ו י ר ט ן.

הייסט עס, אז מע דארף דעמדאָזיקן בײַשפּיל אופנעמען אינעם צ ו ו י י ט ן באטײַט. פרעגט זיך: פארוואָס-זשע זאָל דער מעכאבער פון דעם פריִערדיקן בײַשפּיל, דער דאָרפקאָר, לעכאטכילע ניט שטעלן די ווערטער אין אזא סיידער, וואָס זאָל מיטהעלפן ריכטיקער אופנעמען דעם פראזע-אינהאלט? פארוואָס זאָל מען דאן ניט שרײַבן אזוי:

1) אין אסאך ערטער העלפן די קאָלווירטן די אָרעמע פויערים באארבעטן דאָס לאנד.

2) די קאָלווירטן העלפן אין אסאך ערטער די פויערים באארבעטן דאָס לאנד.

3) אין אסאך ערטער באקומען די פויערים הילף פון די קאָלווירטן באם באארבעטן דאָס לאנד.

4) די פויערים באקומען אין אסאך ערטער הילף פון די קאָלווירטן באם באארבעטן דאָס לאנד **.

אן אינטערעסאנטן בײַשפּיל צו דערדאָזיקער טעמע האָבן מיר בא שאָלעם-אלייכעמען:

א גאדלען *** האָט אָבער פײַנט די וועלט, דאָס הייסט, ניט ער האָט פײַנט די וועלט, נאָר די וועלט אים ****.

* דער שרײַבער פון דערדאָזיקער פראזע האָט אין איר ארײַנגעלייגט דעם צ ו ו י י ט ן אינהאלט.

** עס זײַנען נאטירלעך מעגלעך נאָך זייער פיל פארשיידענע קאָמבינאציעס.

*** א גרויסהאלטער.

**** א. זארעצקי — „שפּאס און שפראכלימער״. „ראטנבילדונג״, 10, 1929.

ווײַל שאָלעם-אַלײכעם האָט (צוליב שפּאַס) געבראַכט אַ שלעכטן ווערטער-סײדער האָט ער געמוזט אויסטײַטשן דעם אינהאַלט פון דערדאָזיקער פראַזע.

145. ביז איצט האָבן מיר אַלץ געשמועסט וועגן אָרט פונעם סוביעקט. איצט וועלן מיר ברענגען עטלעכע בײַשפּילן, וואָס וועלן ווײַזן, ווי וויכטיק עס איז פאַרן אינהאַלט פון אַ באַהעפט דער סײדער פון אַנדערע ווערטער, ‏ ניט דאַפקע פונעם סוביעקט.

| | |
|---|---|
| באַזונדערס קלײן און נישטיק איז די דערפאַרונג בײַ די אופּגענומענע אַפן געביט פון ייִדישער אַרבעט | באַזונדערס קלײן און נישטיק איז בײַ די אופּגענומענע די דערפאַרונג אַפן געביט פון ייִדישער אַרבעט |

פון דעם רעכטן באַהעפט באַקומט זיך, אַז בײַ די אופּגענומענע אַפן געביט פון דער ייִדישער אַרבעט איז קלײן און נישטיק די דערפאַרונג. אָבער דער שרײַבער האָט דאָ געמײנט צו זאָגן, אַז בײַ די אופּגענומענע איז קלײן און נישטיק די דערפאַרונג אַפן געביט פון דער ייִדישער אַרבעט.

באַם שרײַבער נעמט זיך דער טאָעס אָט פון וואָס: אין רײדן שפּילט די אינטאָנאַציע, דער אָפּשטעל, זײער אַ גרויסע ראָליע. דעם רעכטן באַהעפט קאָן מען אַרויסזאָגן אַזוי:

1. באַזונדערס קלײן און נישטיק איז די דערפאַרונג

בײַ די אופּגענומענע אַפן געביט פון ייִדישער אַרבעט.

נאָכן וואָרט „דערפאַרונג" מאַכט מען אַן אָפּשטעל; באַקומט זיך, אַז די ווײַטערדיקע ווערטער, „בײַ די אופּגענומענע", פאַרײניקט מען מיט „אַפן געביט", — האָבן מיר אײן געדאַנק.

און מע קאָן עס אויך אַזוי אַרויסזאָגן:

2. באַזונדערס קלײן און נישטיק איז די דערפאַרונג בײַ די אופּגענומענע

אַפן געביט פון ייִדישער אַרבעט.

דאָ מאַכט מען שוין אַן אָפּשטעל נאָך „די אופּגענומענע"; דעריבער פאַרײניקט מען שוין, דידאָזיקע „אופּגענומענע". מיטן פריִערדיקן טעקסט, און עס באַקומט זיך אַן אַנדער געדאַנק.

דאָס אַלץ איז אָבער אין רײדן. אין שרײַבן איז ניטאָ ניט קײן רײדער און ניט קײן „אָפּשטעלער". דער לײענער לײענט, ווי עס לײגט זיך אים אַפן סײכל, דעריבער איז אין שרײַבן אַזוי וויכטיק דער סײדער פון די ווערטער: אָנשרײַבן מיט אַזאַ סײדער, אַז דער לײענער זאָל לײענען אַזוי, ווי דער שרײַבער פאַרלאַנגט.

146. פאַרגלײַכט די ווײַטערדיקע באַהעפטן.

| | |
|---|---|
| 1. מע האָט אַרויסגעלאָזט לאָזונגען צום יאָנטעוו פון צעקאַ. | 1. מע האָט אַרויסגעלאָזט לאָזונגען פון צעקאַ צום יאָנטעוו. |

פונרעכטס האָט מען אַרויסגעלאָזט לאָזונגען צום יאָנטעוו, וואָס עס מאַכט דער צעקאַ: זײַנס, דעם צעקאַס, אַ יאָנטעוו. נאָר אַזעלכע יאָנטױווים, ווי מיר ווײסן, זײַנען ניטאָ. דער שרײַבער פונעם דאָזיקן באַהעפט האָט אָפּאָנעם געמײנט דאָס, וואָס מיר האָבן אָנגעשריבן פונלינקס.

2. די רעדאקציע פון צענטראלן אָר־גאַן איז געשאַפן געוואָרן אפן פּלענום פון פינף מענטשן.

2. די רעדאקציע פון צענטראלן אָר־גאַן איז אפן פּלענום געשאַפן גע־וואָרן פון פינף מענטשן.

לויט דעם טעקסט פונרעכטס קאָן מען מיינען, אז דער פּלענום איז פון פינף מענטשן; געמיינט האָט מען א רעדאקציע פון פינף מענטשן. דעריבער איז דער לינקער טעקסט בעסער פונעם רעכטן.

נאָך בעסער וואָלט געווען, ווען מע וואָלט געשריבן אזוי דעם אינהאלט פונעם דאָזיקן טעקסט.

1) דער פּלענום האָט געשאַפן פארן צענטראלן אָרגאַן א רעדאקציע פון פינף מענטשן.

2) פארן צענטראלן אָרגאַן האָט דער פּלענום געשאַפן א רעדאקציע פון פינף מענטשן.

3) א רעדאקציע פון פינף מענטשן האָט פארן צענטראלן אָרגאַן געשאַפן דער פּלענום.

4) א רעדאקציע פון פינף מענטשן האָט געשאַפן פארן צענטראלן אָרגאַן דער פּלענום.

5) א רעדאקציע פארן צענטראלן אָרגאַן האָט דער פּלענום געשאַפן פון פינף מענטשן *.

די דאָזיקע פינף באַהעפטן אקצענטירן יעדעס מאָל אנדערע ווערטער אינעם באַהעפט. נאָר דאָ זײַנען די באַהעפטן אלע איינדײַטיק און ניט צווייזײַטיק ווי דער פאָריקער טעקסט פונרעכטס. און דאָס איז זייער מײַלע.

אז מע וויל, קאָן מען אויך יעדן פון די פינף באַהעפטן לייענען אף פארשיידענע אויפאַנים, אקצענטירנדיק דאָס אָדער יענץ וואָרט. דאַן וועט זיך ענדערן בלויז די וויכטיקײַט פון דעם אָדער יענעם וואָרט אינעם באַהעפט אָבער ניט דער באַטײַט פונעם וואָרט אין באַהעפט.

147. אָפטמאָל איז דער סיידער פון די ווערטער אינעם באַהעפט איינדײַטיק נאָר ניט באַקוועם. לעמאָשל:

1. באריכטן פון די ראטן דארפן אויסהערן און אקטיוו באהאנדלען די ברייט־סטע שיכטן פון אלע ווײַלער־גרופּעס.

ווען מיר ווילן די סוביעקט־גרופּע פונעם דאָזיקן באַהעפט שטעלן ניט אפן לעצטן אָרט נאָר אפן ערשטן, וועט אסאך גרינגער זײַן צו אופנעמען דעם געדאנק פון דער פראזע. לעמאָשל:

2. די ברייטסטע שיכטן פון אלע ווײַלער־גרופּעס דארפן אויס־הערן און אקטיוו באהאנדלען באריכטן פון די ראטן.

---

* און עס זײַנען מעגלעך נאָך פיל פארשיידענע קאָמבינאציעס

**דאָסזעלבע איז מיטן וויַטערדיקן בײַשפּיל.**

**1. די קאָנפערענץ האָט זייער ווארעם באגעגנט די גאנצע פארטייִשע, פּראָפעסיאָנעלע און סאָוועטישע געזעלשאפטלעכקייַט.**

**2. די גאנצע פארטייִשע, פּראָפעסיאָנעלע און סאָוועטישע געזעלשאפטלעכקייַט האָט זייער ווארעם באגעגנט די קאָנפערענץ.**

**דער ווערטער-סיידער פונלינקס, ווו די סוביעקט-גרופּע איז אפן ערשטן אָרט, מאכט דעמדאָזיקן באהעפט לייַכטער צום אופנעמען אין פארגלייַך מיטן רעכטן, ווו אפן ערשטן אָרט איז ניט קיין סוביעקט, נאָר אזא וואָרט, וואָס ווערט אָ נ ג ע נ ו מ ע ן פאר א סוביעקט; קאָלזמאן מע דערזעט ניט וויַטער דעם עכטן טוער פונעם פרעדי־קאט — די „געזעלשאפטלעכקייַט“.**

## אופגאבע 20

I. שטעלט אלע סוביעקטן פון די וויַטערדיקע באהעפטן אפן ערשטן אָרט (דער באהעפט „ווו טייַבל מיטן קינד לעבן“ וועט זיך ניט ענדערן).

ער איז אוועק צו ווערע זילב. ער האָט איר אלץ גענוי דערציילט און געביטן זיך מיט איר מיט די צימערן. א שטיק צייַט האָט ער אזוי געלעבט אָפּגעזונדערט פון דער קאָמונע און טייַבלען ניט געזען. איצט טראָגט אים דער צוג צו יענער שטאָט, ווו טייַבל מיטן קינד לעבן. הייַנט אינאָוונט וועט ער זייַן בא איר. ער וועט ארויסשלעפּן טייַבלען פון שטוב און וועט אוועק מיט איר. (גאָדינער)

II. שטעלט אין אלע פּריִערדיקע באהעפטן אפן ערשטן אָרט דעם פּערזאָניקן ווערב. לעמאָשל: איז ער אוועק צו ווערע זילב. האָט ער איר אלץ...

III. שטעלט אין אלע פּריִערדיקע באהעפטן אפן ערשטן אָרט ניט דעם סוביעקט, ניט דעם פּערזאָניקן ווערב נאָר אַנדערע ווערטער.

לעמאָשל: צו ווערע זילב איז ער אוועק. אלץ גענוי האָט ער איר...

IV. וואָס פאר א ראָליע שפּילן דאָ דידאָזיקע ענדערונגען אינעם ווערטער-סיידער. פּרובירט זיך קלאָר מאכן, וועלכער ווערטער-סיידער איז מער צוגעפּאסט פאר א באריכט אָדער פאר אן אנדער טיפּ אָפיציעלן דאָקומענט (פּראָטאָקאָל, מעלדונג...).

# III. צונויפגעזעצטע פראזע

## 21. אייַנפאַכע פראזע און צונויפגעזעצטע

148. מיר האָבן שוין אינעם 12-טן לימעד גערעדט צו טאָן מיט באַהעפטן, וואָס אנטהאלטן עטלעכע פּערזאָניקע ווערבן, וועלכע ציִען זיך צו איין און דעמזעלבן סוביעקט. למשל:

1. ער לייענט און הערט.

ביידע פּערזאָניקע ווערבן ציִען זיך דאָ צום סוביעקט „ער". דאָס הייסט, דער סוביעקט „ער" טוט דאָ צוויי טוונגען: 1) ל ײ ע נ ט, 2) ה ע ר ט.

דערזעלבער סוביעקט קאָן ציִען צו זיך דריי פּערזאָניקע ווערבן, פיר, פינף, און א. וו. למשל:

2. ער לייענט, הערט און שמייכלט.

3. ער לייענט, הערט, שמייכלט און אפּלאָדירט.

אין אלע דריי פאלן האָבן מיר צו טאָן מיט פראזעס, וואָס באַשטייען פון איין באַהעפט.

פון איין באַהעפט באַשטייען אויך אלע ווייַטערדיקע פראזעס

4. דער ברודער פאָרט אוועק.

5. דער ברודער און די שוועסטער פאָרן אוועק.

6. דער ברודער, די שוועסטער און דער טאַטע פאָרן אוועק.

יעדע פון דידאָזיקע דריי פראזעס האָט א פּערזאָניקן ווערב, וואָס ציט זיך אין דער ערשטער פראזע צו איין סוביעקט, אין דער צווייטער — צו צוויי און אין דער דריטער — צו דריי סוביעקטן.

**149.** לאָמיר איצט פאַרגלײַכן די צוויי ווײַטערדיקע פּראַזעס.

1. ער לייענט און הערט.

2. ער לייענט, און זי הערט.

אין דער ערשטער פּראַזע האָבן מיר א סוביעקט „ער", וואָס ציט צו זיך צוויי פּערזאָניקע ווערבן. אין דער צווייטער פּראַזע האָבן מיר איין סוביעקט „ער", וואָס ציט צו זיך א פּערזאָניקן ווערב „לייענט", און נאָך א סוביעקט „זי", וואָס ציט צו זיך דעם ווערב „הערט".

אין דער ערשטער פּראַזע פאַרבינדט דער „און" דעם סוביעקטס צוויי טוּונגען (פּרעדיקאַטן). אין דער צווייטער פּראַזע פאַרבינדט דער „און" צוויי **באהעפּטן**, וואָס יעדערער פון זיי האָט א פּערזאָניקן ווערב, וועלכער ציט זיך צו אן אנדער סוביעקט.

אזא פּראַזע ווי די ערשטע, וואָס באשטייט פון איין באהעפּט, הייסט **איינפאַכע**. אזא פּראַזע ווי די צווייטע, וואָס באשטייט מער ווי פון איין באהעפּט, הייסט **צונויפגעזעצטע**.

**150.** קוקט זיך צו צו די ווײַטערדיקע פּראַזעס.

1. איך בעט אופהערן שרײַען.

2. איך בעט, ער זאָל אופהערן שרײַען.

די ערשטע פּראַזע איז אן **איינפאַכע**; זי באשטייט פון איין באהעפּט: פון א סוביעקט „איך" און א פּערזאָניקן ווערב „בעט" מיט די אינפיניטיוון „אופהערן שרײַען".

די צווייטע פּראַזע איז א **צונויפגעזעצטע**; זי באשטייט פון צוויי באהעפּטן:

1) „איך" — סוביעקט, „בעט" — פּערזאָניקער ווערב.
2) „ער" — סוביעקט, „זאָל" — פּערזאָניקער ווערב און צוויי אינפיניטיוון, וואָס קומען מיטן „זאָל".

דידאָזיקע צוויי באהעפּטן זײַנען צווישן זיך לויטן **אינהאלט** געבונדן: דער צווייטער באהעפּט „ער זאָל אופהערן שרײַען" טײַטשט אויס, דערקלערט דעם פאַרלאַנג פונעם ערשטן באהעפּט „איך בעט". אָבער **גראַמאַטיש** זײַנען דידאָזיקע צוויי באהעפּטן לאַכלוטן ניט אָפּהענגיק איינער פונעם צווייטן. מע קאָן לעמאָשל אזוי זאָגן:

1. איך בעט, ער זאָל אופהערן שרײַען
2. „ „ , זיי זאָלן „ „
3. מיר בעטן, ער זאָל „ „
4. „ „ , זיי זאָלן „ „

דאָ זעען מיר פאָלגנדיקעס:

1) דער ערשטער באהעפט איז אין איינצאָל, און דער צווייטער — אין איינצאָל.

2) „ „ „ „ „ „ און דער „ — אין מערצאָל.

3) „ „ „ „ „ מערצאָל „ „ „ — „ איינצאָל.

4) „ „ „ „ „ „ „ „ „ — „ מערצאָל.

דאָס באווייזט, אז די צאָל פונעם פערזאָניקן ווערב הענגט אָפּ פון זיין סוביעקט אין באהעפט גופע, אָבער איין באהעפט פונעם צווייטן הענגט ניט אָפּ: איין באהעפט קאָן זיין אין איינצאָל, און דער צווייטער אין מערצאָל *. דאָס הייסט, די באהעפטן זיינען דאָ גראמאטיש אומאָפּהענגיק.

**151.** פונקט ווי סוביעקט האָט דאָ בא אונדז די גאנצע צייט א גראמאטישן באגריף, אזוי איז אויך באהעפט א גראמאטישער טערמין. און די צאָל באהעפטן רעכנט זיך ניט לויט דער צאָל מענטשן נאָר לויט דער צאָל גרופעס ווערטער, וואָס בינדן זיך גראמאטיש. לעמאָשל:

ער וויל פארויכערן, ווייסט ער ניט, אין וועלכער קעשענע די פאפיראָסן ליגן. (אָרלאנד).

דאָ זיינען דריי באהעפטן, כאָטש די ערשטע צוויי באהעפטן האָבן פאקטיש צו טאָן מיט איין און דעמזעלבן וואָרט „ער". גראמאטיש זיינען דאָס אָבער צוויי סוביעקטן „ער": דער ערשטער „ער" איז דער סוביעקט פונעם פרעדיקאט „וויל פארויכערן", און דער צווייטער „ער" איז שוין א סוביעקט פון א נייעם באהעפט.

קוקט זיך צו צו די ווייטערדיקע צונויפגעזעצטע פראזעס.

1. ער וויל, ער גייט אויס, ער כאלעשט, איך זאָל זיך צעלאכן (שאָל.-אל).

2. די פרוי האָט ניט גלייך געענטפערט, זי איז מיט עפּעס שטארק געווען פארנומען, אָבער פארשוויגן האָט זי ניט געהאט קיין כיישעק. (אבטשוק)

די ערשטע פראזע באשטייט פון פיר באהעפטן, כאָטש עס רעדט זיך בלויז וועגן צוויי מענטשן. די צווייטע פראזע באשטייט פון דריי באהעפטן, האגאם עס רעדט זיך אלץ וועגן איין פרוי.

וויפל באהעפטן זיינען דאָ אין דער ווייטערדיקער פראזע?

די מאמע דערזעט, אז ער איז אויסער זיך, האָט זי מוירע, ער זאָל מיך ניט שלאָגן. (שאָל.-אל.)

רופט אָן די סוביעקטן פון אלע פריערדיקע באהעפטן.

וויפל באהעפטן זיינען דאָ אין פאָלגנדיקער פראזע:

נאָר איך פיל, איר הענטל ציטערט; און איך הער, איר הערצל קלאפט; און איך זע, אירע אויגן אין דער פינצטער גלאנצן. (שאָל.-אל.)

---

* עס טרעפן באהעפטן, וואָס זיינען גראמאטיש איינע פון די אנדערע ביסל אָפּהענגיק. וועגן דעם וועלן מיר ריידן אין די לימודים „אונטערגעוואָרפענע באהעפטן".

וויפל באהעפטן זײַנען דאָ אין יעדער ווײַטערדיקער פּראַזע.

1. איך האָב געהערט דערציילן, אַז פּאַראַיאָרן איז בײַ איר פּאַרפֿוילט געוואָרן א קעלער מיט עפּל. (שאָל.-אַל.)
2. איך האָב געהערט, מע דערציילט, אַז פּאַראַיאָרן איז בײַ איר פּאַרפֿוילט געוואָרן א קעלער (מיט) עפּל.

**152.** א צונויפגעזעצטע פּראַזע קאָן האָבן אויך סוביעקטלאָזע באהעפטן (זעט זײַט 74) לעמאָשל:

1. ער ווייסט ניט, צי מאָרגן וועט זײַן.
2. אים דאַכט זיך, אַז עמעצער קומט.

אין ביידע פּראַזעס האָבן מיר באהעפטן מיט סוביעקטן און סוביעקטלאָזע באהעפטן. אין דער ע ר ש ט ע ר פּראַזע איז דער ערשטער באהעפט מיט א פּערזאָניקן ווערב „ווייסט", וואָס ציט זיך צום סוביעקט „ער". דער צווייטער פּערזאָניקער ווערב פֿון דערדאָזיקער פּראַזע „וועט" האָט ניט קיין סוביעקט, אָבער ער ציט זיך ניט צום סוביעקט פֿונעם ערשטן באהעפט. דערפֿאַר איז עס א באַזונדער באהעפט, א סוביעקטלאָזער.

אין דער צ ו ו ײ ט ע ר פּראַזע איז אויך אַזאַ לאַגע נאָר אין א פּאַרקערטן סיידער: דער ערשטער באהעפט איז א סוביעקטלאָזער, און דער צווייטער איז מיט א סוביעקט.

אין ביידע פּראַזעס זײַנען אַלע באהעפטן ג ע ש ל אָ ס ע נ ע. וואָרעם קוים האָט נאָר א באהעפט א פּערזאָניקן ווערב, איז ער א געשלאָסענער, דערדאָזיקער באהעפט.

קוקט זיך צו צו די ווײַטערדיקע צונויפגעזעצטע פּראַזעס.

1. שאַמײַ איז אַוועק אין צימער אַרײַן, און אַז ער איז אַרײַן אינווייניק, איז אין צימער שוין אינגאַנצן טונקל געווען. (אַבטשוק)
2. איך לאַך, וואָס מײַן שאָכן איז אַליין אין דער היים, און ער וואַדט, און אים דאַכט זיך, אַז עמעצער קומט. (רעזניק)

פֿון וויפל באהעפטן איז יעדע פּראַזע צונויפגעשטעלט? וויפל באהעפטן זײַנען דאָ מיט סוביעקטן, און וויפל — אָן?

1. א פּראַזע, וואָס באַשטייט מער ווי פֿון איין באהעפט, הייסט א צ ו נ ו י פ ג ע ז ע צ ט ע.
2. צווישן די באהעפטן אין א צונויפגעזעצטער פּראַזע שטעלט מען א קאָמע *.
3. די קאָמע צווישן באהעפטן קומט אַפילע דאַן, ווען צווישן זיי איז דאָ דער „און" **.

* אַמאָל קומט צווישן די באהעפטן ניט קיין קאָמע נאָר אַן אַנדער צייכן. זע ווײַטער.

** זעט זײַט 57.

קוקט נאָכאַמאָל איבער אַלע פּריִערדיקע בײַשפּילן און באַמערקט די קאָמע צווישן די באַהעפטן.

**153. פאַרגלײַכט די ווײַטערדיקע פּראַזעס**

1. דער אַלטער קומט אַרײַן און שטעלט זיך אָפּ.

2. דער אַלטער קומט אַרײַן, און ער שטעלט זיך אָפּ.



די ערשטע פּראַזע איז ניט קיין צונויפגעזעצטע. דאָרטן איז נאָר איין באַהעפט מיט צוויי פּערזאָניקע ווערבן, וואָס ציִען זיך צו איין סוביעקט.

די צווייטע פּראַזע איז אַ צונויפגעזעצטע פון צוויי באַהעפטן:

1) דער אַלטער קומט אַרײַן. דער פּערזאָניקער ווערב קומט אַרײַן ציט זיך צום סוביעקט אַלטער.

2) ער שטעלט זיך אָפּ. דער פּערזאָניקער ווערב שטעלט אָפּ ציט זיך צום סוביעקט ער.

אין דער ערשטער פּראַזע פאַרבינדט דער „און" צוויי פּערזאָניקע ווערבן * פון איין און דעמזעלבן באַהעפט. אין דער צווייטער פּראַזע פאַרבינדט דער „און" צוויי באַהעפטן.

אין דער ערשטער פּראַזע איז פאַרן „און" ניטאָ קיין קאָמע; אַ קאָמע וואָלט דאָ געווען נאָר דאַן, ווען דער „און" זאָל ניט זײַן. אין דער צווייטער פּראַזע איז די קאָמע פאַרן און דאַן, ווען עס איז דאָ דער „און".

קוקט זיך צו צו דער ווײַטערדיקער פּראַזע:

געקומען זײַנען געסט פון שטעטל און פון דאָרף, און אַלע זײַנען נאָענט און פאַרשיידן. (כאַריק)

מאַכט זיך קלאָר, וואָס איז עס פאַר אַ פּראַזע, וויפל האָט זי באַהעפטן, וואָסערע באַהעפטן, וואָסערע אָפּשטעלצייכנס און פאַרוואָס אַזעלכע און אַזויפיל.

קוקט זיך צו צו דער ווײַטערדיקער פּראַזע.

דער יאַט לערנט זיך אין אַ ייִדישער שול און דאַרף האָבן אַ שיכל, אַ פּאָר הויזלעך און אַ „שטורעם"-קאָסטיום. (גאָדינער)

מאַכט זיך קלאָר אויך אין דערדאָזיקער פּראַזע אַלע פּריִערדיקע פּראַגעס.

**154. קוקט זיך צו צו דער ווײַטערדיקער פּראַזע.**

דעם סעפּאַראַטן שאָלעם צווישן די ענגלישע און דײַטשישע אימפּעריאַליסטן דאַרף מען און מע קאָן צעשטערן. (לענין)



דאָ האָבן מיר אַ פּערזאָניקן ווערב „דאַרף", וואָס ציט זיך צום סוביעקט „מען", און אַ פּערזאָניקן ווערב „קאָן", וואָס זײַן סוביעקט איז „מע". הייסט עס, אַז מיר

* צוויי גלײַכאַרטיקע ווערטער.

האָבן דאָ צוויי באהעפטן און בעמיילע — א צונויפגעזעצטע פראזע. אָבער סע איז דאָ אזוינס, וואָס לאָזט ניט צו האלטן דידאָזיקע פראזע פאר א צונויפגעזעצטער.

די פערזאָניקע ווערבן „דארף" און „קאָן" זײַנען דאָ ניט קיין באטײַטיקע נאָר באהילפיקע. דאָס באטײַטיקע וואָרט זייערס איז דאָ דער אינפיניטיוו „צעשטערן". דאָס מאכט דאָ פון די פערזאָניקע ווערבן און פונעם אינפיניטיוו איין פרעדיקאט. הייסט עס, אז מיר האָבן דאָ איין פרעדיקאט מיט צוויי סוביעקטן. אָבער דאָס, וואָס יעדער סוביעקט ציט צו זיך א פארשיידענעם פערזאָניקן ווערב, לאָזט אונדז ניט צו פארעכענען די פראזע פאר קיין איינפאכער.

פונדאנען איז געדרונגען, אז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אן איבערגאנג-טיפ: מיט א פראזע, וואָס איז ניט קיין איינפאכע, און וואָס איז אָבער אויך ניט קיין צונויפגעזעצטע.

אין אזוינע פאלן איז גלײַכער ניט צו שטעלן קיין קאָמע פארן „און", וואָס פארבינדט די הילפפערזאָניקע ווערבן.

מאכמעס דעמזעלבן טאם קומט אויך ניט קיין קאָמע פארן „און" אין גאָדערנער פאָלגנדיקער פראזע: *

זי האָט פלוצלינג אויסערגעווײנטלעך באנומען,

וואָס זי קאָן, וואָס זי דארף, וואָס זי מוז און וואָס זי וויל טאָן פאר זיך און פארן יונג.

דער ערשטער באהעפט איז דאָ ביזן ערשטן „וואָס". נאָכדעם גייט א טעקסט, וואָס אויסער די ווערטער „וואָס" און „און" באשטייט ער פון:

1) פיר סוביעקטן — 4 מאָל „זי";
2) פיר הילפפערזאָניקע ווערבן, וואָס יעדערער פון זיי ציט זיך צו איינעם פון די פריערדיקע פיר סוביעקטן;
3) איין באטײַטיק וואָרט — דער אינפיניטיוו „טאָן", וואָס צוזאמען מיט די פריערדיקע הילפפערזאָניקע ווערבן בילדעט ער דעם פרעדיקאט פון די פיר סוביעקטן.

די קאָמעס, וואָס מיר האָבן דאָ, זײַנען אזעלכע: די ערשטע קאָמע טיילט אָפּ דעם ערשטן באהעפט פונעם ווײַטערדיקן, די איבעריקע קאָמעס און דער „און" קומען צווישן אזוינע גרופעס גלײַכארטיקע ווערטער, וואָס מע קאָן זיי האלטן פאר איין באהעפט אָדער פאר פיר.

**155.** אָפטמאָל קאָן מען איין און דעמזעלבן געדאנק אויסדריקן אי מיט אן איינפאכער, אי מיט א צונויפגעזעצטער פראזע **. לעמאָשל:

1. פאר אײַער גאנץ לעבן האָט איר נאָך אזא גאָרטן ניט געזען.

* זעט זײַט 94.

** פריער האָבן מיר אלץ גערעדט וועגן פראזעס מיטן „און". איצט וועלן מיר ברענגען א פּאָר אנדערע טיפן.

2. זינט איר לעבט, האָט איר נאָך אזא גאָרטן ניט געזען.



דער אונטערשייד פון די צוויי פראזעס איז ניט אינעם אינהאלט נאָר אין זייער גראמאטישער פאָרם: אין דער ערשטער פראזע איז איין באהעפט, אין דער צווייטער — צוויי.

אמאָל קאָן מען דעם אינהאלט פון א צונויפגעזעצטער פראזע אויסדריקן אין אן איינפאכער, קירצנדיק די צאָל ווערטער. לעמאָשל:

1. נעכטן איז פאָרגעקומען א זיצונג, אף וועלכער עס האָט זיך באהאנדלט די פראגע וועגן אריינציִען די יידישע אָרעמשאפט אין דער בארג-אינדוסטריע („עמעס”).

דעמזעלבן געדאנק קאָן מען אויך אזוי אויסדריקן:

2. נעכטן איז פאָרגעקומען א זיצונג וועגן אריינציִען די יידישע אָרעמשאפט אין דער בארג-אינדוסטריע.

די פראזע 1 באשטייט פון צוויי באהעפטן. קירצנדיק דעם צווייטן באהעפט פון דערדאָזיקער פראזע, ארויסוואָרפנדיק דעם סוביעקט, פרעדיקאט און נאָך א פאָר ווערטער פונדאָרטן און פארבינדנדיק די איבעריקע ווערטער פונעם צווייטן באהעפט מיטן ערשטן באהעפט, באקומען מיר די פראזע 2, וואָס באשטייט בלויז פון איין באהעפט, און וועלכע איז, נאטירלעך, אסאך בעסער פון דער פראזע 1.

דאָס הייסט אָבער ניט, אז איבעריקע ווערטער זיינען פאראן בלויז אין א צונויפגעזעצטער פראזע, אָדער אז מע דארף זיך יאָגן דאפקע נאָך איינפאכע פראזעס.

## אויפגאבע 21

I. שטעלט די קאָמע צווישן די באהעפטן אין די וויטערדיקע פראזעס.

1 ער פארגעסט אז ס'איז דאָ א מאמע אף דער וועלט. 2) מיר האָבן דאָס נאָר אויסגעפאקט האָט מיין ברודער עליע זיך אוועקגעזעצט לייענען דאָס בוך. 3) מיין ברודער עליע ברענגט פון מארק א געטריקנט פישל עסן מיר דאָס מיט ציבעלע. 4) אז עס קומט אָן די שלעכטע מינוט וועט זי אייך מאכן מיט דער בלאָטע. 5) אז איך זע א מענטשן איין מאָל מאך איך אים נאָך מיט אלע פּישטשעווקעס. 6) איצט וועט ער מיך לאָזן רוען וויל איך האָב אים אָנגעבראָכן די ביינער. 7) רוימט זי אים איין א כאָד ער זאָל מיך ניט שלאָגן וואָרעם איך בין א יאָכעם. 8) אז ער וואָרפט אייך אוף א פאטש היינט פארנאכט בלייבט בא אייך א סימען אף דער באק ביז איבערמאָרגן אינדערפרי. 9) מיר ווערן געוואר אז ביידע אגענטן האָבן זיך בארימט אז זיי וועלן אונדז מאכערן אז מיר ווילן נאנווענען די גרענעץ. 10) אבי זי דערפילט נאָר אז ער דארף קומען טוט זי זיך אָן און גייט ערגעץ אוועק.

II. טיילט מיט דער קאָמע פאנאנדער די וויטערדיקע באהעפטן נאָר אין די צונויפגעזעצטע פראזעס.

1) פון דעמאָלט אָן זיינען מיר מיט אים געוואָרן כאווער. 2) דער הונט זאָל ניט ליגן אין גאָרטן וואָלט איך זיך אראָפּגעוואָרפן. 3) אלע האָבן זיך א וואָרף געטאָן אונטערן טיש און אונטער די בעטן. 4) איך האָב מיך אויך אָנגעבויגן זוכן דעם הונט און האָב נישט אופגעהערט צו בילן. 5) מיר האָבן דאָס נאָר אויסגעפאקט האָט מיין ברודער עליע זיך אוועקגעזעצט לייענען דאָס בוך. 6) האָט ער געהייסן

טעוויע און איז געווען א גרויסער אָרעמאַן. 7) פינצטערע און קאַלטע זײַנען די נעכט געווען און מיט איינזאַמקײַט האָבן זיי געשמעקט. 8) ער האָ געביסן די נעגל און פאַמעלעך אוועקגעשפּאַנט פונעם וואָקזאַל. 9) ער איז דענסטמאָל צום וואָקזאַל צוגע-גאַנגען און דאָרט אויסגעטרונקען עטלעכע פלעשער ביר. 10) זײַנען פעלדער דאָ פאַר-שראָקענע און שטומע און פון דיר האָט קיינער ניט געהערט.

III. שטעלט די קאָמע צווישן די ווײַטערדיקע באַהעפטן און די גלײַכאַרטיקע ווערטער.

1) ס׳איז ניט זייער קלאָר צי זי האָט אַליין אומגעקערט איר פּאַרטיי-בילעט אָדער מע האָט עס בא איר צוגענומען נאָר זי איז געווען אין דער פּאַרטיי געווען אין ביר-גער-קריג זיך אויסגעצייכנט אַפילע דאָרטן איז איצט איינע פון די בעסטע טוערנס און אַלע אַנשטאַלטן יאָגן זיך נאָך איר.

2) אים האָט זיך אויסגעדאַכט אַז עס איז פאַרנאַכט און ער האָט זיך א וואַלגער געטאָן צוריק אַפּן געלעגער פאַרנורעט דעם קאָפּ אין די אַקסלען פאַרשטעקט ביידע הענט אין די קניען און ווידער אײַנגעשלאָפן.

3) די קלעפּ זײַנען געקומען אַף אים אַזוי אומגעריכט אַז לעבאַטכילע האָט ער זיך ניט געוווּרט דערנאָך איז עס אים אַף א ווײַלע קאָמיש געוואָרן אָבער אינקורצן איז ער פון די קלעפּ אָפּגעשוואַכט געוואָרן און ווערע האָט עס דערפילט און צעוויגט און צעהיידעט זײַן קאָפּ אין אירע הענט און אַזא מין קלאַפּ געטאָן מיט אים אין בײַשטידל אַרײַן אַז זײַנע הענט זײַנען אָפּגעשוואַכט געוואָרן און זײַנען פון איר טאַליע אַליין אַראָפּגעפאַלן און זײַנע אויגן האָבן פאַרשיקערטע און קראַנקע געקוקט אַף איר.

## 22. אינטאָנאַציע, באַהעפט און פּראַזע

**156.** פאַרגלײַכט די רעכטע פּראַזעס מיט די לינקע.

1. דער פראָסט האָט שוין געלאָזט, דער שניי איז האַלב צעגאַנגען.
2. איך האָב דעם שטעקן מיטן עפּל ניט אוועקגעוואָרפן, זיי זײַנען אַליין אַרויסגעפאַלן.

1. דער פראָסט האָט שוין געלאָזט. דער שניי איז האַלב צעגאַנגען.
2. איך האָב דעם שטעקן מיטן עפּל ניט אוועקגעוואָרפן. זיי זײַנען אַליין אַרויסגעפאַלן.

פונרעכטס האָבן מיר צוויי צונויפגעזעצטע פּראַזעס. פונלינקס — פיר איינ-פאַכע. דער אינהאַלט פון די רעכטע און לינקע טעקסטן איז איין און דערזעלבער, דער אונטערשייד איז נאָר אין דער אינטאָנאַציע: די טעקסטן פונרעכטס רעדט מען אַרויס מיט צוויי פּינטלעך און צוויי קאָמעס, און די לינקע טעקסטן — מיט פיר פּינט-לעך.

מאַכן פון די רעכטע צוויי פּראַזעס מער ווי פיר — איז אומעגלעך, ווײַל די ווער-טער פון יעדער לינקער פּראַזע באַהעפטן זיך איינע מיט די אַנדערע אַף אַזא אופן, אַז זיי לאָזן זיך ניט אָפּטיילן.

פון באַהעפט-שטאַנדפּונקט זײַנען די לינקע פּראַזעס אַלציינס מיט די רעכטע: סײַ פונלינקס, סײַ פונרעכטס האָבן מיר צו פיר געשלאָסענע באַהעפטן.

לאָמיר איצט פאַנאַנדערקלײַבן די ווײַטערדיקע פּראַזע.

ער זאָגט, ער פאָרט אוועק אין קיעוו.



דידאָזיקע פראַזע איז צונויפגעזעצט פון צוויי געשלאָסענע באַהעפטן. פּאַנאַנדער־דערטיילן דידאָזיקע באַהעפטן מיט אַ פּינטל, ווי מיר האָבן עס געטאָן מיט די פריִער־דיקע פראַזעס, קאָן מען ניט; שטעלן נאָך „זאָגט" אַ פּינטל און מיט דער אינטאָנאַציע אָפּרײַסן עס פונעם ווײַטערדיקן, — דאָס לאָזט זיך דאָ ניט.

מע קאָן אָבער שטעלן אַ פּינטל נאָך „אַוועק". לעמאָשל:

ער זאָגט, ער פאָרט אַוועק. אין קיִעוו.

איצט האָבן מיר שוין צוויי פראַזעס. פראַזעס, וואָס מע רעדט זיי אַרויס מיט איין און דערזעלבער אויסערלעכער אינטאָנאַציע—מיט דער אינטאָנאַציע פון דערציילן, פון אינפאָרמירן.

פון באַהעפט-שטאַנדפּונקט זײַנען אָבער דידאָזיקע פראַזעס גאָר פאַרשיידענע. די ערשטע פראַזע איז צונויפגעזעצט פון צוויי געשלאָסענע באַהעפטן, די צווייטע פראַזע באַשטייט פון איין אָפענעם באַהעפט.

דאָס באַווײַזט, אַז אַמאָל איז לײַכטער צו פּאַנאַנדערטיילן איין באַהעפט אויף צוויי פראַזעס (ער פאָרט אַוועק אין קיִעוו) איידער שטעלן אַ פּינטל צווישן צוויי באַהעפטן (ער זאָגט, ער פאָרט אַוועק).

**157.** מע דאַרף זען ניט פּלאָנטערן דעם פּרינציפּ פון קלאַסיפיצירן פראַזעס: דעם אינטאָנאַציאָנעלן מיטן גראַמאַטישן.

לויטן אינטאָנאַציאָנעלן פּרינציפּ, האָבן מיר שוין אָנגעוויזן אינעם אַרײַנפיר, זײַנען פאַראַן פאָלגנדיקע פראַזעס: דערציילערישע (אינפאָרמירנדיקע), פרעגיקע און אויסרופיקע. *

לויטן גראַמאַטישן פּרינציפּ טיילן זיך פראַזעס אויף צונויפגעזעצטע און איינפאַכע.

איין און דיזעלבע פראַזע קאָן זײַן אי אַ דערציילערישע, אי אַ צונויפגעזעצטע אָדער אי אַ דערציילערישע, אי אַן איינפאַכע. לעמאָשל:

1. ער פאָרט אַוועק.
2. ער זאָגט, ער פאָרט אַוועק.
3. ער פאָרט אַוועק?
4. ער זאָגט, ער פאָרט אַוועק?

לויט דער אויסערלעכער אינטאָנאַציע (פּינטל, פרעגצייכן) שטימען די ערשטע צוויי פראַזעס:ביידע דערציילערישע; און עס שטימט די דריטע מיט דער פערטער: ביידע פרעגיקע.

לויטן גראַמאַטישן צוזאַמענשטעל שטימט די ערשטע מיט דער דריטער: ביידע פראַזעס זײַנען איינפאַכע, ביידע באַשטייען פון איינציקע באַהעפטן. און עס שטימט די צווייטע מיט דער פערטער: ביידע פראַזעס זײַנען צונויפגעזעצטע.

קוקט זיך צו צו די ווײַטערדיקע פראַזעס.

אָבער דאָס איז נאָך ניט געווען די עמעסע זון. דאָס איז געווען אַ זון אין כאָלעם. אין דעמזעלבן האָט ער אויך וויקטאָרן געזען. ער איז געשטאַנען אַנטקעגן אים

* דאָ ריידן מיר אַלץ ניט וועגן דער אינערלעכער אינטאָנאַציע, וואָס איז דאָ גופע אין פראַזע צווישן באַהעפטן, נאָר וועגן דער אויסערלעכער, וואָס איז דאָ צום סאָף פראַזע.

א לעבעדיקער און ביז ווייטיק אין די אויגן געשטאָכן. וואָס האָט ער געוואָלט? נאָר גיין. ער האָט זיך לאַנג ניט געהאַלטן. ער איז ניט געוואָרן, אוועק, און יאָסעפן איז דערפון לייכטער ניט געוואָרן. (גאָדינער)

דערדאָזיקער פראַגמענט באַשטייט פון אַכט פראַזעס. לויט דער אויסערלעכער אינטאָנאַציע זײַנען זיבן פראַזעס דערציילערישע, און איינע איז א פרעגיקע. לויטן גראַמאַטישן צוזאַמענשטעל זײַנען זיבן פראַזעס איינפאַכע, און איינע איז א צוזויפגעזעצטע.

פון באַהעפט-שטאַנדפּונקט אַנטהאַלטן דידאָזיקע אַכט פראַזעס נײַן באַהעפטן. אַכט באַהעפטן זײַנען געשלאָסענע (מיט פערזאָניקע ווערבן), און איינער איז אָן אָפענער.

פון די אַכט געשלאָסענע באַהעפטן זײַנען זיבן מיט סוביעקטן, און איינער איז א סוביעקטלאָזער.

לייענט דורך נאָכאַמאָל דעמדאָזיקן פראַגמענט גאָדינערס און געפינט דאָרטן די אַלע מאָמענטן, וואָס מיר האָבן אָנגעוויזן.

**158.** פאַרגלײַכט די ווײַטערדיקע פראַזעס.

1. מײַן ברודער עליע הערט אויס די מײַסע מיט די עפּל, און ער ווערט בלאַס.

2. מײַן ברודער עליע הערט אויס די מײַסע מיט די עפּל און ווערט בלאַס. (שאָלעם-אַליינכעם)

די ערשטע פראַזע איז א צונויפגעזעצטע פון צוויי באַהעפטן. די צווייטע פראַזע איז אַן איינפאַכע, באַשטייט פון איין באַהעפט. די צווייטע פראַזע איז מיט א וואָרט (און מיט א קאָמע) ווייניקער פון דער ערשטער, אָבער זי גיט איבער דעמזעלבן אינהאַלט וואָס די ערשטע. דעריבער איז אין אַזוינע פאַלן אָפט גלײַכער צו שרײַבן אַף אַזאַ אופן ווי די צווייטע פראַזע, ניט ווי די ערשטע.

אַמאָל קאָן אַפילע אין אַזוינע פאַלן א צונויפגעזעצטע פראַזע זײַן ווייניקער דײַטלעך פון אַן איינפאַכער. לעמאָשל:

1. דער מויעך זײַנער איז שוין זייער מיד געווען און האָט זיך אָפּגעזאָגט פון צו דינען. (בערגעלסאָן)

2. דער מויעך זײַנער איז שוין זייער מיד געווען, און ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון צו דינען.

אין דער ערשטער פראַזע איז איין באַהעפט: איין סוביעקט „מויעך”, וואָס ציט צו זיך צוויי הילפפערזאָניקע ווערבן.

אין דער צווייטער פראַזע זײַנען דאָ צוויי באַהעפטן: דער סוביעקט פונעם ערשטן באַהעפט איז „מויעך”, דער סוביעקט פונעם צווייטן — „ער”. דערבײַ קאָנען מיר ניט וויסן, צי „ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון צו דינען” געהערט לויטן געדאַנק צום „מויעך” צי צום מויעכס באַלעבאָס.

דערפאַר איז דאָ די ערשטע פראַזע, בערגעלסאָנס, בעסער פון דער צווייטער: זי איז אי ווייניקער מיט א וואָרט, אי קלערער לויטן געדאַנק.

**159.** דאָס הייסט אָבער ניט, אַז מע דאַרף אין אַזוינע פאַלן זיך יאָגן נאָר נאָך איינפאַכע פראַזעס. אָפט שרײַבט מען אויך צונויפגעזעצטע פראַזעס אין אַזוינע פאַלן. לעמאָשל:

איר מאַן איז אַן אײַנבינדער, און ער הייסט מוישע. (שאָל.-אַל.)

דאָ קאָן מען פאַרמעקן דעם סוביעקט פונעם צווייטן באַהעפט, און מיר וועלן דאַן האָבן איין באַהעפט מיט אַ סוביעקט „מאַן“, וואָס „איז אַן אײַנבינדער און הייסט מוישע“. שאָלעם-אַלייכעם האָט אָבער אַזוי דאָ ניט געוואָלט שרײַבן *. מאַש-מאָעס דערפאַר, וואָס ער האָט ניט געוואָלט אַזוי ענג פאַרבינדן די צוויי פּרעדיקאַטן („איז אַן אײַנבינדער“ און „הייסט“) און האָט געמאַכט, זיי זאָלן געהערן צו פאַר-שיידענע סוביעקטן און ניט צו איין און דעמזעלבן.

פונדאַנען קאָן מען דרינגען, אַז אַ טעקסט, וואָס האָט אַ סוביעקט מיט עטלעכע פּרעדיקאַטן, קאָן מען שרײַבן אין איין באַהעפט אָדער אין עטלעכע (צוגעבנדיק נאָך סוביעקטן), און אַז דאָס ווענדט זיך אָן דעם, צי מע וויל דערנעענטערן די פּרעדי-קאַטן צי דערווײַטערן זיי.

די פּריִערדיקע פראַזע שאָלעם-אַלייכעמס קאָן מען, אַז מע וויל, פאַנאַנ-דערטיילן אויף צוויי פראַזעס (איינפאַכע). לעמאָשל:

איר מאַן איז אַן אײַנבינדער. ער הייסט מוישע **.

אָנשטאָט שאָלעם-אַלייכעמס „און“ און קאָמע האָבן מיר געשטעלט אַ פּינטל, האָבן מיר באַקומען אָנשטאָט איין צונויפגעזעצטער פראַזע צוויי איינפאַכע. די צוויי באַ-העפטן זײַנען שוין איצט מער אָפּגעריסן איינע פון די אַנדערע ווי בײַ שאָלעם-אַלייכעמען. און אויב שאָלעם-אַלייכעם האָט דידאָזיקע באַהעפטן צונויפגעזעצט אין איין פראַזע, האָט ער עס מיסטאָמע געטאָן דערפאַר, ווײַל ער האָט זיי געוואָלט אַביסל דערנעענטערן. אַביסל — אָבער ניט אינגאַנצן. אַניט וואָלט ער, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, געמאַכט פון דעם גאָר איין באַהעפט.

פונדאַנען איז געדרונגען, אַז פון אַזוינע באַהעפטן ווי דידאָזיקע מאַכט איינפאַכע פראַזעס צי צונויפגעזעצטע — ווענדט זיך אָן דער מאָס נאָענטקייט אָדער ווײַטקייט, וואָס דער שרײַבער וויל צוגעבן דידאָזיקע באַהעפטן.

**160.** קוקט זיך צו צום ווײַטערדיקן פראַגמענט.

1) עס איז געווען פרילינג. 2) אין הויף פון דער קאָמונע איז געווען אַ סאָד. 3) דער סאָד האָט געבליט. 4) די בליִעכץ האָט געדופט ביז צום פערטן שטאָק אַרויף. 5) טײַבל איז געזעסן אויפן שוועל פון אָפענעם פענצטער און געלייענט. 6) ווען וויקטאָר איז אַרײַן, האָט זי לעכאַטכילע אויפגעצאַפּלט, דערנאָך האָט זי זיך גלײַך באַרויִקט און פאַרגעזעצט איר לייענען. (גאָדינער)

* ווי ער האָט עס געטאָן אינעם פריִערדיקן בײַשפּיל מיטן ברודער עליע, וואָס ציט צו זיך צוויי פּרעדיקאַטן.

** דעם „און“ איז דאָ ניט קיין מוז צו פאַרקירצן. וואָרעם ער קאָן קומען אויך נאָך אַ פּינטל. מיר האָבן אים פאַרמעקט, ווײַל דאָ איז ער איבעריק.

דער פראגמענט באשטייט פון 6 (דערציילערישע) פראזעס. די ערשטע פינף פראזעס זײַנען איינפאכע. די זעקסטע פראזע איז צונויפגעזעצט פון דרײַ באהעפטן.

די זעקסטע פראזע, אז מע וויל, קאָן מען צעטיילן אף צוויי: שטעלן נאָך „אופגעצאפלט" ניט קיין קאָמע נאָר א פינטל. אז מע וויל, קאָן מען די צווייטע פראזע פארייניקן אינאיינעם מיט דער דריטער, אָדער די דריטע — מיט דער פערטער.

מע קאָן אָבער ניט פארייניקן, צוליב לאָגישע טעמים, די ערשטע פראזע מיט דער צווייטער אָדער די פערטע מיט דער פינפטער: דער אינהאלט פון די דאָזיקע פראזעס איז אזא, אז ער לאָזט זיך ניט גיין צוזאמען, וואָרעם וואָס האָט לעמאָשל פאר א שײַכעס „עס איז געווען פרילינג" מיט „אין הויף פון דער קאָמונע איז געווען א סאָד"?

פונדאנען איז געדרונגען, אז שרײַבן איינפאכע צי צונויפגע׳עצטע פראזעס בא איין און דעמזעלבן טעקסט—ווענדט זיך ניט נאָר אָן דער אינטאָנאציע נאָר אויך אָן דער לאָגישער נאָענטקײַט אָדער ווײַטקײַט, וואָס עס איז דאָ צווישן די באהעפטן *.

**161.** אמאָל טרעפט, אז מע בויט אזוי א פראזע, אז דער סאָף פון איין באהעפט איז דער אָנהייב פון א צווייטן. לעמאָשל:

מע האָט זיך צעטיילט אף קאָלאָניעס האָט מען זיך צעטיילט. (אָרלאנד)

אזוינע קאָנסטרוקציעס דארף מען זען אויסמײַדן, ווײַל זיי זײַנען ניט צוועקמעסיק: די לעצטע ווערטער „האָט מען זיך צעטיילט" זײַנען דאָ איבעריק, און דעריבער דארף מען זיי דאָ ניט האָבן.

אויב מע וויל שוין נאָכאמאָל איבערכאזערן, דארף מען דאן אזוי טאָן:

מע האָט זיך צעטיילט. אף קאָלאָניעס האָט מען זיך צעטיילט.

שטעלנדיק נאָך „צעטיילט" א פינטל, באקומען מיר דאָ צוויי פראזעס. איצט קאָן מען שוין ניט האלטן די צווייטע פראזע פאר אינגאנצן איבעריק, ווײַל אין פארגלײַך מיט דער ערשטער גיט די צווייטע פראזע צו עפעס נײַס („אף קאָלאָניעס").

[מע קאָן דאָ נאטירלעך נאָך „צעטיילט" שטעלן א קאָמע, ווען מיר דאן האָבן צוויי באהעפטן].

לייענט א פמערקזאם דורך די ווײַטערדיקע פראזעס און מאכט זיך קלאָר, ווו איז אין זיי איין באהעפט בוילעט אָפגעגרענעצט פונעם צווייטן, און ווו איז איין באהעפט ארײַנגעפלאָכטן אינעם אנדערן.

1) יענע נאכט האָבן מיר איבערגעהאנדלט מיט וואָס איר ווילט. (שאָלעם-אליי

כעם)

2) פאָרט ער אוועק דער גוטער יאָר ווייסט אים וווהין, און זי בלײַבט דאָ. (שאָלעם-אלייכעם)

3) אז מע פארלעסט א גלופסקער יידן, געפינט מען דאָסראָוו בא אים אין לײַב שטעקט א דישל. (מענדעלע)

מאכט זיך אויך קלאָר, פארוואָס מיר האָבן אין די פאָריקע דרײַ פראזעס אזא צאָל קאָמעס.

* וועגן דער גרייס פון א פראזע האָבן מיר גערעדט אינעם ארײַנפיר.

**[אזא פראזע, ווי די ערשטע, שאָלעם-אַלייכעמס, איז אן איבערגאנג-טיפּ פון אן איינפאכער צו א צונויפגעזעצטער.]**

## אופגאבע 22

I. מאכט פון אלע צונויפגעזעצטע פראזעס איינפאכע.

1) איך האָב אויך אָנגעהויבן זוכן דעם הונט, און איך האָב נישט אופגעהערט צו בילן. 2) מיך רופט ער „פּופּיק" און ער שנעלט מיר מיט די פינגער אין בײַכל אריין. 3) נאָכדעם ווישט זי אויס די אויגן, און זי רופט אָפּ מײַן ברודער אַף א זײַט. 4) ער איז דערנסטמאָל צום וואָקזאל צוגעגאנגען, און ער האָט דאָרט אויסגעטרונקען עטלעכע פלעשער ביר. 5) ער האָט געביסן די נעגל, און ער האָט פּאמעלעך אוועקגעשפּאנט פונעם וואָקזאל.

לעמאָשל: איך האָב אויך אָנגעהויבן זוכן דעם הונט און (האָב) נישט אופגעהערט צו בילן.

II. טײלט פאנאנדער יעדע פּרוערדיקע (צונויפגעזעצטע) פראזע אַף צוויי.

לעמאָשל: איך האָב אויך אָנגעהויבן זוכן דעם הונט. איך האָב נישט אופגעהערט צו בילן.

III. טײלט פאנאנדער אַף פראזעס דעם ווײַטערדיקן פראגמענט. רעכנט זיך מיט דער אינטאָנאציע און מיטן אינהאלט: וואָס דאַרף ניכער גיין צוזאמען און וואָס, באזונדער. פארגעכט ניט צו שטעלן אלע נייטיקע אָפּשטעלצייכנס צווישן פראזעס באהעפטן און גלײַכבארטיקע ווערטער.

און דאָ האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די עמעסע מײַסע.

דאָס קינד האָט דאָס קעפּעלע אראָפּגעלאָזט און געדרעמלט איך האָב עס אַף די הענט גענומען און אריבערגעטראָגן אין א באקוועמען ווינקל דאָרט האָב איך צוויי שטולן צוגערוקט איינע צו די אנדערע פון דער יידענעס פּעקלעך א געלעגער פארן קינד געמאכט און אנידערגעלייגט עס שלאָפן איך האָב די ראָהאטשאָווער יידענע אנידערגעזעצט פּונקט אנטקעגן זיך אזוי איז באקוועמער בעסער רויקער און געמיטלעכער די יידענע האָט ניט דערווידערט אירע אויגן האָבן געלויכטן עס איז איר ליב געווען אראָפּצוריידן זיך פון הארצן פאר א מענטשן וואָס שווײַגט און הערט און העלפט דערמיט פארגרינגערן א שווער געמיט.

עס איז צום לאכן און צום וויינען וויאזוי די ליבע אירע מיט איר זייגערמאכער האָט זיך בא איר פארענדיקט.

ער איז געקומען צו איר קיין קרים זיי האָבן זיך געדונגען צוויי צימערלעך אַף צו וווינען און א בײַדל אַף א ראָג גאס פאר אים אַף צו ארבעטן זי האָט געהאט פארהיט איר ביסל צירונג האָט זי עס פארקויפט און געקויפט א שטוב זי האָט אָנגעהויבן א נײַ לעבן ער האָט געארבעט און ניט שלעכט פארדינט און ניט זייער שלעכט איז זיי געווען קיין בורזשויען זײַנען זיי קיינמאָל ניט געווען און איצט האָט ער געהאט א טיטל: „קוסטאר אדינאָטשקע" ס'איז אי א בורזשוי אי א פּראָלעטאריער ווי דו ווילסט אזוי רעכן זיך. (גאָדיינער)

## 23. באהעפטן־פארבינדונג

**162.** פארגלײַכט די ווײַטערדיקע פראזעס.

1. ער זאָגט, ער פאָרט אוועק.

2. ער זאָגט, **אז** ער פאָרט אוועק.

**אין דער ערשטער צונויפגעזעצטער פראזע זײַנען די באהעפטן פארבונדן בלויז דורך דער קאָמע-אינטאָנאציע.**

אין דער צווייטער צונויפגעזעצטער פראזע האָבן מיר אויסער דער קאָמע-אינטאָ-נאציע נאָך א ספּעציעל וואָרט „אז", וואָס פאַרבינדט צוויי באהעפטן.

ענלעכעס האָבן מיר אויך אין די ווײַטערדיקע פראזעס.

1. איין מינוט איז געווען אזעלכע, וואָס איך האָב מירע געהאַט פאַר דער שאפע. (שאָלעם-אל.)

2. די געדאנקען זײַנען מיר געקומען אפן קאָפּ, בעשאס דער סטאָליער איז געשטאנען און געמאָסטן די שאפע. (שאָל.-אל.)

דאָ האָבן מיר א וואָרט „וואָס", וואָס פאַרבינדט די ערשטע צוויי באהעפטן, און א וואָרט „בעשאס", וואָס פאַרבינדט די לעצטע צוויי.

אזעלכע ווערטער ווי אז, וואָס, בעשאס — הייסן בינדווערטער.

די קאָמע צווישן באהעפטן דארף מען אלצײַנס שטעלן: סײַ ווען ס'איז ניטאָ קיין בינדוואָרט, און סײַ ווען ס'איז פאַראַן.

קוקט זיך צו צו די ווײַטערדיקע פראזעס

1. איר אַז עס קומט אָן די שלעכטע מינוט, וועט זי אײַך מאכן מיט דער בלאָטע.

2. איך האָב ניט וואָס פאָרצולייגן דער פארזאמלונג.

3. ער איז גראָד געווען בעשאס דעם אופרײַס.

אין דער ערשטער פראזע האָבן מיר פּונקט אזא בינדוואָרט „אז" ווי פריער אין דער פראזע „ער זאָגט, אַז ער פאָרט אוועק".

נאָר דאָ פאַרבינדט דער „אז" ניט קיין גאנצע באהעפטן נאָר טיילן פון איין און דעמזעלבן באהעפט*. דעריבער איז דאָ פאַרן „אז" קיין קאָמע ניטאָ. [געוויינט-לעכער וואָלט מען געשריבן אזוי: אז עס קומט איר אָן... אָדער: אז איר קומט אָן...]

אין דער צווייטער פראזע האָבן מיר א וואָרט „וואָס", וואָס איז ניט קיין בינדוואָרט, ווי ניט קיין בינדוואָרט איז אויך דער „בעשאס" פון דער דריטער פראזע. יעדער פון די צוויי לעצטע נומערירטע פראזעס אנטהאלט בלויז איין באהעפט, דערפאַר האָבן מיר אין זיי ניט קיין קאָמעס.

דעריבער וועט זײַן ניט ריכטיק, אויב איר וועט אויסכאזערן, אז פאַר „אז", פאַר „וואָס", פאַר „בעשאס" און פאַר נאָך א געוויסן סכום ווערטער דארף מען שטעלן א קאָמע. עמעס, טאקע אין 90—95 מאָל פון הונדערט וועט אויסקומען פאַר אזעלכע ווערטער ווי „אז", „וואָס"... שטעלן קאָמעס, ווײַל מערסטנטיילס קומען זיי אלס בינדווערטער צווישן באהעפטן, אָבער עס וועלן דאָך זײַן פאלן, ווען אזא וואָרט וועט זײַן, און קיין קאָמע וועט מען ניט דארפן. דערפאַר דארף מען ניט אויסכאזערן קיין ווערטער, וואָס פאַר זיי שטעלט מען קאָמעס, נאָר פאַרגעדענקען, אז צווישן באהעפטן קומט שטענדיק א קאָמע (אָדער אן אנדער צייכן, זעט ווײַטער).

* באטירלעך, דער „אז" האָט דאָ א שײַכעס צו דער קאָנסטרוקציע פון דער גאנצער פראזע.

**163.** קוקט זיך צו צו אלע ווײַטערדיקע בינדווערטער

אויב, אז, אזוי, און, איידער, אָבער, בעשאס, בעייס, דאַך, האגאם, העיויס, וואָס, ווײַל, ווו, ווי, וויִאזוי, וואָרעם, ווען, וויפל, וואָסערע, וועלכע, כאָטש, מאכמעס, צי, קעדיי, קאָלזמאן.

אייניקע פון דידאָזיקע בינדווערטער האָבן ענלעכע באטײַטן. לעמאָשל:

1. איך האָב פארשפּעטיקט צום באן, **כאָטש** איך האָב זייער געײַלט. אָנשטאָט דעם בינדוואָרט „כאָטש“ קאָן דאָ קימען דאָס בינדוואָרט „האגאם“. דאָס הייסט אָבער ניט, אז אין אלע פאלן קאָן „האגאם“ קומען אָנשטאָט „כאָטש“. לעמאָשל:

2. אין א ווײַלע ארום ווערט זי ווייך, **כאָטש** לייגט זי צו צו א מאקע. (שאָל.-אל.)

דאָ קאָן מען שוין ניט זאָגן „האגאם“ אָנשטאָט „כאָטש“. דאָס באווײַזט, אז „האגאם“ און „כאָטש“ באטײַטן ניט אבסאָליוט דאָסזעלבע נאָר ע נ ל ע כ ע ס. דער־פאר קאָנען זיי א מאָל איינע די צווייטע פארבײַטן, און א מאָל מוז קומען דאפקע דער און ניט קיין אנדערער.

**164.** אָפּטמאָל פארבינדט מען באהעפטן מיט ניט קיין פּאסנדיק וואָרט. לעמאָשל:

ער הייבט אָן בויען גאנצע פּלענער וועגן פאנאנדערטיילן די דירעס, וואָס זײַן גאנצער קאָפּ איז מיט זיי אָנגעפּילט.

דאָ פּאסט ניט קיין בינדוואָרט „וואָס“. דאָ דארף זײַן א בינדוואָרט „און“. ניט קיין פּאסנדיק וואָרט פארבינדט די באהעפטן אויך אין דער ווײַטערדיקער פראזע.

אין דער ערשטער שנײַדער־פאבריק האָט מען צוזאמענגערופן א מיטינג וועגן די געשעענישן אין פּאלעסטינע, ווו עס האָבן זיך צוזאמענגעקליבן עטלעכע הונדערט יידישע ארבעטער. („עמעס“)

לויט דעמדאָזיקן טעקסט באקומט זיך, אז דער צווייטער באהעפט „ווו עס האָבן זיך צוזאמענגעקליבן עטלעכע הונדערט יידישע ארבעטער“ געהערט ניט צום „מיטינג“, ווי עס האָט נאטירלעך געמיינט דער שרײַבער, נאָר צו „פּאלעסטינע“ (זע ווײַטער וועגן „אונטערגעוואָרפענע באהעפטן“). און דאָס באקומט זיך דערפאר, וואָס דער שרײַבער האָט פארבונדן די צוויי באהעפטן מיט ניט קיין פּאסנדיק וואָרט „ווו“. בעסער וואָלט געווען, ווען מע ברענגט אָנשטאָט „ווו“ דעם „און“.

פארבעסערן דידאָזיקע פראזע קאָן מען אף אייניקע אויפאנים:

1) פארבינדן די באהעפטן ניט מיטן „ווו“ נאָר מיטן „און“.

2) גאָר ניט ברענגען צווישן די באהעפטן קיין בינדוואָרט.

3) ארײַנשטעלן פארן „עס“ די ווערטער „אפן מיטינג“ און מיט זיי אָנהייבן דעם צווייטן באהעפט *.

* שרײַבנדיק לויט די לעצטע צוויי אויפאנים, קאָן מען צווישן די באהעפטן שטעלן א פּינטל. דאן וועלן מיר דאָ האָבן צוויי פראזעס.

**165.** לייענט דורך דאָס ווײַטערדיקע

1. אים איז גרינג צו זאָגן, איך זאָל ניט בענקען. (שאָל.-אל.)
2. איך האָב אים באַשוואָרן, ער זאָל דאָס קיינעם ניט ווײַזן. (שאָל.-אל.)

איןביידע פראַזעס וואָלט מען קאָנען פאַרבינדן די באַהעפטן מיטן „אַז". שאָלעם-אַלייכעם שטעלט דאָ ניט קיין בינדוואָרט, ווײַל מע קאָן אויסקומען אָן דעם.

און אמאָל קאָן מען ניט פאַרשפּאָרן קיין בינדוואָרט. לעמאָשל:

דער כאַוער זעצט פּאָר זײַן זינגען מיט אַזאַ געשמאַק, אַז איך פאַרשטיי, אַז ער איז זיכער, אַז נאָר מיט דרייסטן און מוטיקן קאַמף פאַר דער ראַטנמאַכט קאָן מען זיגן.

דאָ מוז מען האָבן די דרײַ „אַז"ן, אויב מע וויל נאָר ניט ענדערן די אינטאָנאַציע צווישן די באַהעפטן (זע ווײַטער).

אמאָל פאַרשפּאָרט מען ניט קיין בינדוואָרט, כאָטש מע וואָלט עס קאָנען טאָן. לעמאָשל:

מיר ווערן געוואָר, אַז ביידע אַגענטן האָבן זיך באַרימט, אַז מ'וועט אונדז מאַסערן, אַז מיר ווילן גאַנוועגען די גרענעץ. (שאָל.-אל.)

דעם ערשטן „אַז" וואָלט מען קאָנען פאַרשפּאָרן *. שאָלעם-אַלייכעם טוט עס אָפּאָנעם ניט דערפאַר, ווײַל אָנעם „אַז" וואָלט זיך באַקומען אַביסל אַן אַנדער אינטאָנאַציע צווישן די ערשטע צוויי באַהעפטן: אָנעם „אַז" איז די פּאַוזע, דער איבעררײַס, עטוואָס לענגער. און דאָס עפּשער וויל שאָלעם-אַלייכעם ניט.

עס טרעפט, אַז מע פאַרשפּאָרט אַ בינדוואָרט, און די פראַזע ווערט איבער דעם אַסאַך שווערער. לעמאָשל:

ווידער אַ העצע קעגן אַ לערערן, וואָס האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט, ווי עס דאַרף צו זײַן. („עמעס")

דאָ באַקומט זיך, אַז „וואָס האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט"... געהערט צו „לערערן", אָבער דער שרײַבער האָט געמיינט דאָ די „העצע". דעריבער איז עס גלײַכער צו שרײַבן מיטן וואָרט „און" פאַרן „וואָס" קעדיי צו מאַכן פאַרשטאַנדיקער דעם טעקסט:

ווידער אַ העצע קעגן אַ לערערן, און וואָס האָט זיך אָבער...

**166.** קוקט זיך צו צו די ווײַטערדיקע אָפּשטעלצייכנס.

ער לייענט אַביסל, און זי הערט; און נאָכדעם לייענט זי, און ער הערט.

די פראַזע איז צונויפגעזעצט פון פיר באַהעפטן, וואָס זײַנען צווישן זיך פאַרבונדן מיטן וואָרט „און".

נאָך דער גאַנצער פראַזע איז נאַטירלעך פאַראַן אַ פּינטל. צווישן די באַהעפטן קומען קאָמעס. נאָר צווישן דעם צווייטן און דריטן באַהעפט איז דאָ ניט קיין קאָמע נאָר אַ פּינטלקאָמע.

---

* וועגן פאַרשפּאָרן די איבעריקע „אַז"ן וועלן מיר אַביסל שפּעטער ריידן.

פארוואָס איז דאָ בעסער א פּינטלקאָמע? א פּינטלקאָמע, ווי ס׳איז באוווּסט פו־נעם אריינפיר, באצייכנט א לענגערע פּאוזע פון א קאָמע און א קירצערע פון א פּינטל. אויב מיר ווילן זיך צוקוקן צום טעקסט, וועלן מיר זען, אז דער ערשטער באהעפט איז מיטן צווייטן מער געבונדן ווי דער צווייטער מיטן דריטן, און אז דער דריטער איז מער געבונדן מיטן פערטן ווי מיטן צווייטן. פונדאנען איז געדרונגען, אז צווישן צווייטן און דריטן באהעפט דארף קומען אזא צייכן, וואָס זאָל זיי מער פאנאנדערטיילן איידער די איבעריקע באהעפטן. און אזא צייכן איז א פּינטלקאָמע.

דאָסזעלבע איז אויך מיט דער ווייטערדיקער פראזע:

ס׳איז הייס, עפּנט מען אומעטום די פענצטער; ווערט א צוג, פארקילט מען זיך.

דאָ האָבן מיר דיזעלבע צאָל באהעפטן און דיזעלבע צייכנס וואָס פריער. נאָך „פענצטער״ איז אביסל א גרעסערע פּאוזע ווי נאָך „הייס״ און נאָך „צוג״. ווען דער דריטער באהעפט וואָלט לויטן אינהאלט געווען מער אָפּגעריסן פונעם צווייטן, וואָלט מען דארפן שטעלן צווישן זיי א פּינטל. דאָ שטייט א פּינטלקאָמע טאקע קעדיי צו ווייזן דידאָזיקע אינטאָנאציע, וואָס איז צווישן דער אינטאָנאציע פון א קאָמע און א פּינטל.

אָן אויספיר קאָן מען דאָ מאכן אזא:

אין די פאלן, ווען די באציִונג צווישן באהעפטן איז אזא, אז עס איז זיי גלייכער צו ברענגען אין איין פראזע און ניט אין צוויי, און די פּאוזע, וואָס קומט צווישן אזוינע באהעפטן, דארף לויטן אינהאלט זיין לענגער ווי בא א קאָמע, — אין אזוינע פאלן איז גלייכער צו שטעלן א פּינטלקאָמע.

**167.** קוקט זיך צו צו די אָפּשטעלצייכנס בא די ווייטערדיקע באהעפטן.

אונדזער רעוואָליוציאָנער-מארקסיסטישע פּעדאגאָגיק דארף אויסבילדן אזא דערציִונג-סיסטעם, וואָס זאָל אויסהאָדעווען א קעמפער קעגן די רעשטלעך קאפּיטאליזם און א בויער פון דער סאָציאליסטישער געזעלשאפט; וואָס זאָל מיט־העלפן אויסוואָרצלען די בורזשואזע פּסיכישע יערושע און אויסבילדן א קאָמו־ניסטישע פּסיכיק; וואָס זאָל אויסראָטן דעם אינדיווידואליזם און דערציִען דעם קאָלעקטיוויזם; וואָס זאָל פארניכטן דעם דורערסלאנג איינגעפלאנצטן נאציאָנא־ליזם און אויסבילדן דעם עמעסן אינטערנאציאָנאליזם.

וועלכע אנדערע אָפּשטעלצייכנס קאָנען דאָ זיין? פארוואָס איז דאָ די פּינטל-קאָמע?

**168.** אויב די באהעפטן אין א צונויפגעזעצטער פראזע קומען אָן בינדווערטער, און דער צווייטער באהעפט טייטשט אויס, דערקלערט דעם פריערדיקן, — שטעלט מען צווישן אזוינע באהעפטן ניט קיין קאָמע נאָר א צווייפּינטל. לעמאָשל:

1. איך וועל היינט צו אייך ניט קומען: איך בין זייער פארנומען.
2. איך בין זייער גיך געלאָפן: כ׳האָב געוואָלט אָניאָגן די גרופּע.

מיט בינדווערטער וואָלטן דידאָזיקע באהעפטן געווען אזוי:

1. איך וועל היינט צו אייך ניט קומען, ווייל איך בין זייער פארנומען.
2. איך בין זייער גיך געלאָפן, ווייל כ׳האָב געוואָלט אָניאָגן די גרופּע.*

* אָנשטאָט „ווייל״ קאָן דאָ אין ביידע פאלן קומען דאָס בינדוואָרט „וואָרעם״.

ווען עס קומט אַזאַ בינדוואָרט ווי *ווײַל, וואָרעם, מאַכמעס*... — בינדווערטער, וואָס ווײַזן, אַז ווײַטער וועט זײַן אַ דערקלער-באַהעפט, — איז שוין אַ צווייפינטל איבעריק, און ס'איז גענוג אַ קאָמע. ווען אָבער אַזוינע בינדווערטער קומען ניט, און מע דאַרף אָנזאָגן דעם לייענער, אַז ווײַטער וועט גיין אַ דערקלער-באַהעפט, — שטעלט מען אַ צווייפינטל — אַ צייכן, וואָס זײַן אויפגאַבע איז צו מאָסרע זײַן, אַז ווײַטער וועט זײַן אַן אויסרעכענונג פון גלײַכאַרטיקע ווערטער אָדער אַ דערקלער-באַהעפט. (זעט זײַטן 8 און 9).

**169.** לאָמיר זיך איצט אומקערן צו איינער פון די פריערדיקע פראַזעס.

1. מיר ווערן געוואָר, **אַז** ביידע אַגענטן האָבן זיך באַרימט, **אַז** מ'וועט אונדז מאָסערן, **אַז** מיר ווילן גאַנווענען די גרענעץ. (שאָל.-אַל.)
2. מיר ווערן געוואָר: ביידע אַגענטן האָבן זיך באַרימט, **אַז** מע וועט אונדז מאָסערן, **אַז** מיר ווילן גאַנווענען די גרענעץ.
3. מיר ווערן געוואָר, **אַז** ביידע אַגענטן האָבן זיך באַרימט: מע וועט אונדז מאָסערן, **אַז** מיר ווילן גאַנווענען די גרענעץ.
4. מיר ווערן געוואָר, **אַז** ביידע אַגענטן האָבן זיך באַרימט, **אַז** מע וועט אונדז מאָסערן: מיר ווילן גאַנווענען די גרענעץ.

אין אַלע פיר פראַזעס האָבן מיר צו פיר באַהעפטן. אין דער ערשטער פראַזע זײַנען אַלע באַהעפטן פאַרבונדן מיטן „אַז״. אין יעדער פון די איבעריקע דרײַ פראַזעס קומט דער „אַז״ בלויז צווישן דרײַ באַהעפטן; אָנשטאָט אַ דריטן „אַז״ קומט דאָרטן אַ צווייפינטל.

אין דער *צווייטער* פראַזע קומט אַ צווייפינטל נאָכן *ערשטן* באַהעפט. דאָס הייסט: ווײַטער וועט גיין אַ טעקסט, וואָס דאַרף דערציילן „וואָס מיר ווערן געוואָר״.

אין דער *דריטער* פראַזע קומט אַ צווייפינטל נאָכן *צווייטן* באַהעפט, דאָס הייסט, אַז ווײַטער וועט קומען אַ טעקסט, וואָס וועט דערציילן וועגן דער באַרימערײַ פון די אַגענטן.

אין דער *פערטער* פראַזע קומט אַ צווייפינטל נאָכן *דריטן* באַהעפט. אַ צייכן, וואָס גרייט צו דעם לייענער צו אויפנעמען אַ טעקסט, וואָס וועט דערציילן, וואָס וועט מען מאָסערן.

לייענט דורך אויפמערקזאַם אַלע פיר פריערדיקע פראַזעס און הערט זיך צו צו אײַער אינטאָנאַציע בײַם צווייפינטל און בײַ דער קאָמע.

**170.** קוקט זיך צו צו דער פאַרבינדונג פון די באַהעפטן אין דער ווײַטערדיקער פראַזע.

זי האָט אים געגעבן צו דערקלערן, אַז זי פאַרשטייט אַלץ, **אַז** זי האָט גאָרניט צו אים, **אַז** זי וויל נאָר זיך פאַנאַנדערגיין. (גאָדינער)

דאָ האָבן מיר דאָסזעלבע בינדוואָרט וואָס אין דער פריערדיקער פראַזע *שאָלעם-אַלייכעמס*. אָבער דאָ קאָן מען שוין ניט אַזוי לײַכט שטעלן צווישן די באַהעפטן אַ צווייפינטל. דאָ קאָן קומען אַ צווייפינטל נאָר נאָכן ערשטן באַהעפט. לעמאָשל:

זי האָט אים געגעבן צו דערקלערן: זי פארשטייט אלץ, זי האָט גאָרניט צו אים, זי וויל נאָר זיך פאַנאַנדערגיין.

נאָר אויב מיר האָבן נאָכן ערשטן באהעפט געשטעלט א צווייפינטל, פאלט שוין דאָ ארויס דער „אז" ניט נאָר צווישן ערשטן און צווייטן באהעפט נאָר אויך אין די איבעריקע פאלן.

בא שאָלעם-אלייכעמען, האָבן מיר געזען, איז אן אנדער לאגע: דאָרט פאלט ארויס דער „א" נאָר צווישן די באהעפטן, ווו עס קומט א צווייפינטל, אין די איבעריקע פאלן בלייַבט דאָס בינדוואָרט.

פונדאנען איז קלאָר, אז די באציִונג פון איין באהעפט צום צווייטן איז אין שאָלעם-אלייכעמס פראזע ניט דיזעלבע וואָס אין גאָדינערס.

בא שאָלעם-אלייכעמען איז די באהעפטן-באציִונג אזא:

1) מיר ווערן געוואָר,
2) אזביידע אגענטן האָבן זיך בארימט,
3) אז מע וועט אונדז מאסערן,
4) אז מיר ווילן גאנוועגען די גרענעץ.

דער צווייטער באהעפט דערציילט וואָס „מיר ווערן געוואָר". דער דריטער באהעפט דערציילט, וואָס די „אגענטן האָבן זיך בארימט". דער פערטער באהעפט רעדט, וועגן וואָס (פארוואָס) „מע וועט אונדז מאסערן". דאָס הייסט: איין באהעפט דערקלערט דעם פאָריקן.

בא גאָדינערן איז שוין גאָר אן אנדער באהעפטן-באציִונג:

I. זי האָט אים געגעבן צו דערקלערן,
1) אז זי פארשטייט אלץ,
2) אז זי האָט גאָרניט צו אים,
3) אז זי וויל נאָר זיך פאנאנדערגיין.

דאָס הייסט: זי האָט אים געגעבן צו דערקלערן דרייַ זאכן, און יעדע זאך איז אויסגעדריקט אין איינעם פון די לעצטע דרייַ באהעפטן.

סכעמאטיש קאָן מען דעם אונטערשייד פון דידאָזיקע צוויי פראזעס אזוי פאָרשטעלן:




אָנשטאָט שאָלעם-אלייכעמס אן „אז" קאָן קומען א צווייפינטל. בא גאָדינערן קאָן קומען א צווייפינטל נאָר אָנשטאָט דעם ערשטן „אז", אָנשטאָט די איבע-

ריקע „אז" קאָן קומען א בינדוואָרט „און", אָדער די לעצטע צוויי באַהעפטן קאָנען קומען פאַרבונדן צווישן זיך נאָר מיט דער אינטאָנאַציע.

די קאָמע צווישן דידאָזיקע באַהעפטן, שאָלעם-אַלייכעמס און גאָדינערס, דאַרף מען שטעלן אין אַלע פאַלן אויסער די, ווען ס'איז דאָ צווישן די באַהעפטן א צווייפּינטל

**171** קוקט זיך צו צום צווייפּינטל אין דער ווײַטערדיקער פּראָזע.

און אויגן באַ איר מאָדנע: קוקט זי אַף דיר, בעשאַס דו זאָגסט עפּעס, הייבסטו אָן צו טראַכטן: „עפּשער זאָג איך א ליגן?" (בערגעלסאָן)

דאָ האָבן מיר צוויי צווייפּינטלעך: נאָכן ערשטן באַהעפט און פאַרן לעצטן. דער לעצטער באַהעפט ברענגט דירעקטע רייד (דירעקטע טראַכטעניש), דע-ריבער איז פאַר אים א צווייפּינטל. נאָכן ערשטן באַהעפט קומט דאָס צווייפּינטל אַף צוגרייטן אויפצונעמען די ווערטער, וואָס דאַרפן דערקלערן די מאָדנעקייט פון די „אויגן"

דערזעלבער בערגעלסאָן ברענגט אַמאָל א צווייפּינטל אַף אַזאַ אויפן:

עס טרעפט:

דער גאָלדענער שפּאַלט ווינקט:

— אנו אָט איצט... העוט זיך נאָר איין...

נאָך „עס טרעפט" דערקלערט ער, וואָס עס טרעפט. דעריבער איז דאָ א צוויי-פּינטל. נאָך „דער גאָלדענער שפּאַלט ווינקט" קומען דירעקטע רייד, איז פאַר זיי פאַראַן א צווייפּינטל. אַף אַזאַ אויפן באַקומט זיך, אַז נאָכן ערשטן און צווייטן באַהעפט קומען נאָכאַנאַנד צווייפּינטלעך.

בערגעלסאָן דאַרף עס אַלץ האָבן אַף צו שילדערן דעם טעמפּ, לויט וועלכן עס לעבן קימאַט אַלע זײַנע פּערסאָנאַזשן (פיגורן). ער האָט צו טאָן מיט שאָטנס פון מענטשן, מיט געשטאַלטן, וואָס שווײַגן אָפּ א לעבן, וואָס לעבן „איינזאַם און אינצווייען, אינצווייען און איינזאַם", — פּאַסט פאַר אים דעריבער צו געבן אַזוי אָפט דאָס צווייפּינטל — א צייכן, וואָס גיט איבער א פּויזע פון ווארטן, פון אַרויסקוקן: וואָס וועט ווײַטער זײַן.

ווען דערזעלבער בערגעלסאָן וואָלט דאַרפן אָנשרײַבן די פריערדיקע פּראָזע שאָלעם-אַלייכעמס, וואָלט ער זי געווים אַזוי געבראַכט:

מיר ווערן געוואָר: ביידע אגענטן האָבן זיך באַרימט: מע וועט אונדז מא-סערן, (אַז) מיר ווילן גאַנוועגען די גרענעץ.

שאָלעם-אַלייכעם האָט צו טאָן מערסטנטיילס מיט א גיכן טעמפּ. זײַנע געשטאַלטן האַלטן אין איין „מאַכן א לעבן", אין אויסטראַכטן אַלערליי געשעפטן, — פּאַסט פאַר אים דעריבער בעסער צו געבן דאָ דאָס בינדוואָרט „אַז" און קאָמעס אָבער ניט קיין צווייפּינטל.

**172.** אַזאַ צווייפּינטל ווי אין די לעצטע מוסטער-פּראָזעס קאָן קומען אויך אין א באַהעפט גופא. לעמאָשל:

ער האָט ליב: אַרומגיין אין שטוב אין קאַמזויל, פאַרמישן מיט זײַן אייגע-נעם רעצעפּט דער קו א צעבער און בעשאַסמײַסע טראַכטן וועגן זיך אַליין... (בערגעלסאָן)

דאָ האָבן מיר עטלעכע גלײַכאַרטיקע ווערטער (- גרופּעס), וואָס דערקלערן, וואָס „ער האָט ליב". קעדיי צוגרייטן דעם לייענער צו דער ווײַטערדיקער דערקלערונג און אויסרעכענונג שטעלט מען דאָ נאָך „ליב" א צווייפּינטל.

אָבער אז מע וויל, קאָן מען דאָ אויך ניט שטעלן קיין צווייפּינטל, דאַן וועט זיך עס לייענען אָן דערדאָזיקער צווייפּינטל-אינטאָנאַציע.

קיין קאָמע קאָן נאָך „ליב" ניט קומען, ווײַל ס'איז אלץ איין באהעפט.

א צווייפּינטל פאַר „ארומגיין" (פאַר די גלײַכאַרטיקע ווערטער) וואָלט מען אומבאדינגט דאַרפן שטעלן, ווען עס זאָל פאַר דעם זײַן א פאַראלגעמיינער-וואָרט. לעמאָשל:

ער האָט ליב פּאָלגנדיקעס: ארומגיין אין שטוב...*

**173.** פאַרגלײַכט די צוויי ווײַטערדיקע פּראַזעס:

1. איך וועל נאָך אביסל שפּילן, ווײַל איך וויל נאָך ניט שלאָפן, ווײַל איך האָב באטאָג געדרעמלט.
2. איך וועל נאָך אביסל שפּילן, ווײַל איך וויל נאָך ניט שלאָפן: איך האָב באטאָג געדרעמלט.

וועלכע באהעפטן-פאַרבינדונג געפעלט אײַך מער: פון דער ערשטער פּראַזע צי פון דער צווייטער? פאַרוואָס?

## אויפגאַבע 23

I. שטרײַכט אונטער אלע ווײַטערדיקע בינדווערטער און שטעלט צווישן די באהעפטן א קאָמע.

1) איר האָט געדאַרפט זען וויפל מענטשן עס האָבן זיך פאַרזאמלט. 2) מײַן ברודער עליע האָט גענומען מיך לערנען וויאזוי איך זאָל טאָן. 3) איצט וועט ער מיך ניט אָנרירן ווײַל איך בין א יאָסעם. 4) איך האָב זיי דאָס גלײַך אָפּגעשיקט נאָר זיי האָבן שוין ניט באקומען. 5) זיי ווילן ניט צוטרעטן צו דער ארבעט קאָלזמאַן ער וועט זיי ניט באצאָלן.

II. פּרובירט, ווי עס לאָזט זיך, פאַרבײַטן די פריערדיקע בינדווערטער מיט פּאַסנדיקע פון די ווײַטערדיקע.

אָבער, ביז, וועלכע, ווי, איידער, ווײַל.

מאַכט זיך קלאָר, וואָסערע בינדווערטער ענדערן דעם געדאַנק, און וועלכע באַטײַטן דאָ דאָסזעלבע.

III. שטעלט די קאָמע נאָר פאַר יענע ווײַטערדיקע בינדווערטער, וואָס קומען צווישן גאַנצע באהעפטן.

1) ער ווייסט קיינמאָל ניט וואָס צו טאָן. 2) איך הייב ניט אָן צו פאַרשטיין וואָס ער וויל פון מיר. 3) א גאַנצן אָוונט איז זי געזעסן און געקלערט וואָס זי זאָל ווײַטער טאָן. 4) דו וועסט דאָך אָבער פאַרגעסן וויפל צו באצאָלן. 5) איך ווייס טאַקע ניט וויפל איך דאַרף באצאָלן.

---

* קוקט אומבאדינגט דורך וועגן צווייפּינטל אינעם ארײַנפיר.

IV. פאַרבינדט די באַהעפטן פון יעדער וויַטערדיקער פראַזע מיט אַ פּאַסנדיק בינדוואָרט.

1) געשריבן האָב איך אַלעמען געענטפערט האָט מיר איינער. 2) די זון באַקט די בלאָטע האָט שוין לאַנג אויסגעטריקנט. 3) ער קלייַבט זיך בויען אַ שטוב האָט ער צוגעגרייט קלעצער. 4) די מאַמע דערמאָנט אַלעמאָל שטילערהייט הויך האָט זי מוי-רע. 5) איצט קערט ער זיך אום אַהיים און איז צופרידן היינט האָט ער אויסגענומען. 6) איך זאָג אייַך נאָכאַמאָל דער וויַיטיק איז גרויס. 7) דאָ האָט מיר באַלד אַ טיאַכ-קע געטאָן דאָס האַרץ וואָס פאַר אַ מעכוטן איז ער מיט מיַין טאָכטער. 8) איר ווייסט דאָך זי האָט אַ טעווע פון כאַלעשן. 9) מיט זיי איז דאָך אויסגעקומען גאָר עפּעס אַנדערש זיי האָבן געשטופּט אַפן רעכטן עמעס. 10) איצט וועט ער מיך ניט אָנרירן איך בין אַ יאָסעם.

לעמאָשל: געשריבן האָב איך אַלעמען, נ אָ ר געענטפערט האָט מיר איינער.

V. שריַיבט אַראָפּ די פריִערדיקע צען פראַזעס, ווי זיי זייַנען דאָ געגעבן, אָן בינדווערטער, און שטעלט צווישן די באַהעפטן קאָמעס אָדער צווייפּינטלעך (וואָס ווי עס פּאַסט מער).

## 24. באַהעפטן - סיידער

**174.** ריידנדיק וועגן ו ע ר ט ע ר - ס י י ד ע ר אין באַהעפט, האָבן מיר אָנגעוויזן, אַז אין אייניקע פאַלן קאָן מען לײַכט איבערשטעלן די ווערטער, און אין אייניקע מוזן די ווערטער קומען דאַפקע אין אַזאַ סיידער און ניט אין קיין אַנדערן. מיר האָבן אויך געזען, אַז איבערשטעלנדיק ווערטער, ענדערט זיך אַמאָל בלויז דאָס באַ-טאַָנען, דאָס אַקצענטירן, און אַמאָל בײַט זיך דער אינהאַלט כו:עם באַהעפט (קוקט נאָכאַמאָל דורך דעם 20-טן לימעד).

לאָמיר איצט אַ קוק טאָן, וואָס פאַר אַ באַדײַטונג עס האָט דער סיידער פון ב אַ-ה ע פ ט ן.

ביסט ווידער אַוועק אין קאָמיוגנט,
איך בין ווידער אַוועק אין פּאַרטיי. (פּעפּער)

דאָ האָבן מיר צוויי באַהעפטן, וואָס אַז מע וויל, קאָן מען זיי איבערשטעלן לעמאָשל:

איך בין ווידער אַוועק אין פּאַרטיי,
ביסט ווידער אַוועק אין קאָמיוגנט.

פונעם איבערשטעלן האָט זיך דער אינהאַלט פון די באַהעפטן און פון דער פראַזע לאַכלוטן ניט געביטן. עס האָט זיך אויך ניט געביטן דער סיידער פון די ווערטער אין יעדן באַהעפט גופע.

עטוואָס אַנדערש וועלן מיר זען אינעם ווײַטערדיקן בײַשפּיל.

1. א י ך ו ו ע ל אַרײַנגיין, אויב איך וועל צײַט האָבן.

2. אויב איך וועל צײַט האָבן, ו ו ע ל א י ך אַרײַנגיין.

אויך דאָ האָט זיך דער א י נ ה א ל ט פון די באַהעפטן ניט געביטן, נאָר דער ס י י ד ע ר פון די ווערטער האָט זיך אין א י י ן באַהעפט געביטן.

פונדאנען קאָן מען מאכן אן אויספיר, אז צווישן די באהעפטן אין די לעצטע צווײ בײַשפּילן איז מאשמאָעס א נעענטערע פארבינדונג איידער צווישן די באהעפטן אין פּ ע פ ע ר ס פראזע. דעמדראָזיקן אויספיר קאָן מען נאָך אויך באשטעטיקן מיט דעם, וואָס אין פעפערס פראזע קאָן מען גיכער שטעלן צווישן די באהעפטן א פּינטל איידער צווישן די באהעפטן פון די לעצטע בײַשפּילן.

**175.** איבערשטעלנדיק די באהעפטן, פאלט אמאָל דאָס בינדוואָרט ארויס. לעמאָשל:

1. אין וואגאָן איז אזוי ענג, אז מע קאָן דערשטיקט ווערן.
2. מע קאָן דערשטיקט ווערן, אזוי ענג איז אין וואגאָן.*

אויסער דער ווערטער-איבערשטעלונג, וואָס עס קומט דאָ פאָר אין איין באהעפט, פאלט נאָך ארויס דאָס בינדוואָרט „אז".

אמאָל פאלט ניט ארויס דאָס בינדוואָרט באם איבערשטעלן די באהעפטן. לעמאָשל:

1. איך קאָן אײַך ניט זאָגן, וויפל טינט מיר האָבן.
2. וויפל טינט מיר האָבן, קאָן איך אײַך ניט זאָגן.

דאָס בינדוואָרט „וויפל" בלײַבט דאָ און קומט צוזאמען מיט דעם באהעפט, וואָס צו אים געהערט דאָסדאָזיקע בינדוואָרט.

און אמאָל קאָן א בינדוואָרט בלײַבן צווישן די באהעפטן, אומאָפּהענגיק פון זייער סיידער. לעמאָשל:

1. ער איז א קירזשנער, און זי איז א שנײַדערן.
2. זי איז א שנײַדערן, און ער איז א קירזשנער.

פונדאנען איז געדרונגען, אז עס זײַנען דאָ בינדווערטער, וואָס געהערן צום באהעפט און קומען מיט אים, ווו ער זאָל ניט שטיין („וויפל" לעמאָשל). און עס זײַנען דאָ אזוינע, וואָס זיי פארבינדן באהעפטן, ניט געהערנדיק צו איינעם פון זיי, און קומען צ ו ו י ש ן די באהעפטן („און" לעמאָשל).

**176.** קוקט זיך צו צום ווײַטערדיקן באהעפטן-סיידער.

1. צו אונדז אין סאָד זאָל קיינער ניט ארײַנגיין,

2. ווער עס בענקט נאָך שטילקײַט און נאָך רו. (כאריק)

איבערשטעלנדיק די פריערדיקע צווײ באהעפטן, וועלן מיר באקומען פאָלגנדיקעס:

3. קיינער ווער עס בענקט נאָך שטילקײַט און נאָך רו,
4. זאָל צו אונדז אין סאָד ניט ארײַנגיין.

קוקט זיך גוט צו צו די ענדערונגען, וואָס זײַנען פאָרגעקומען אין כ א ר י ק ס באהעפטן באם איבערשטעלן זיי.

סײַ נאָך דעם 1-טן באהעפט און סײַ נאָך דעם 3-טן באהעפט איז פאראן א קאָמע.

*) עס קאָן אויך זײַן אזוי: אז מע קאָן דערשטיקט ווערן, אזוי ענג איז...

די קאָמע קומט נאָך „רו״ אינעם 3-טן באהעפט, ווייל ווייטער גייט א באנ-דער באהעפט: דער פערזאָניקער ווערב „זאָל״ פונעם 4-טן באהעפט ציט זיך ניט צום סוביעקט פונעם פריערדיקן באהעפט.

ווייזט אָן די באהעפטן פון דער ווייטערדיקער פראזע:

ווער עס האָט נאָך פאָרשלאגן, זאָל זיי אריינטראָגן אין א שריפטלעכער פאָרם.

קלייבט פאנאנדער דידאָזיקע באהעפטן לויט זייער סוביעקט-און פרעדיקאט-צוזאמענשטעל.

**177.** אינעם קאפיטל „פרעדיקאט״ האָבן מיר שוין אָנגעוויזן, אז אָפט שטעלט מען אריין אן איבעריקן „איז״. נאָך אָפטער טוט מען עס אין א צונויפגעזעצטער פראזע. לעמאָשל:

1. אויב זיי וועלן ארבעטן שוואכער, איז מיר, די יונגע, וועלן זיי א העלף טאָן. (אָרלאנד) *
2. לויטן אָפמאך איז די אופגאבן, וואָס ביז אהער האָט די ציִאָניסטישע אָר-גאניזאציע געדארפט אויספילן, גייען איצט איבער צו דער פארברייטערטער אגענטור. (כאשין)

דידאָזיקע „איז״ן קאָן מען גאנץ לייכט אויסמיידן, איבערשטעלנדיק אייניקע ווערטער. לעמאָשל:

1. אויב זיי וועלן ארבעטן שוואכער, וועלן מיר, די יונגע, זיי א העלף טאָן.
2. לויטן אָפמאך גייען איצט איבער צו דער פארברייטערטער אגענטור די אופגאבן, וואָס ביז אהער האָט די ציִאָניסטישע אָרגאניזאציע געדארפט אויספילן.

[אָדער:

א) לויטן אָפמאך גייען איצט איבער די אופגאבן, וואָס ביז אהער האָט די ציִאָניסטישע אָרגאניזאציע געדארפט אויספילן, צו דער פארברייטערטער אגענטור.

ב) די אופגאבן, וואָס ביז אהער האָט די ציִאָניסטישע אָרגאניזאציע געדארפט אויספילן, גייען איצט איבער לויטן אָפמאך צו דער פארברייטערטער אגענ-טור. **]

**178.** אמאָל ענדערט זיך א פראזע גאנץ היפּש, אויב מע שטעלט איבער אירע באהעפטן. לעמאָשל:

1. זי האָט דערציילט די סטודענטן דעם שמועס, וואָס זי האָט געהאט מיט לענינען.

איבערשטעלן דידאָזיקע באהעפטן און ניט ענדערן זייער ווערטער-צוזאמענשטעל— דאָס איז אומעגלעך. מע מוז דעריבער אזוי שרייבן:

2. זי האָט געהאט מיט לענינען א שמועס, אין נאָכדעם האָט זי וועגן דעמדאָזיקן שמועס דערציילט די סטודענטן.

* פארוואָס מיר האָבן איינגעטיילט מיט קאָמעס די ווערטער „די יונגע״, וועלן מיר קלאָר מאכן אינעם קאפיטל „פארטרעטווערטער און אויסטייטשן״.

** דאָ זיינען מעגלעך נאָך אנדערע קאָמבינאציעס.

דאָ קומט שוין פאַר א גאַנץ היפּשע ענדערונג אין דעם ווערטער-צוזאַמענשטעל פון די באַהעפטן (וועגן אַנדערע ענדערונגען וועלן מיר ריידן ווײַטער).

אַמאָל טאָר מען ניט ענדערן דעם באַהעפטן-סיידער, כאָטש עס איז זייער לײַכט צו טאָן. לעמאָשל:

1. דער פאָרשטייער פון קאָמינטערן האָט געענדיקט זײַן רעדע, און דער גאַנ-צער זאַל האָט גענומען זינגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל".
2. דער גאַנצער זאַל האָט גענומען זינגען דעם „אינטערנאַציאָנאַל", און דער פאָרשטייער פון קאָמינטערן האָט געענדיקט זײַן רעדע.

ביידע **פּראַזעס** באַשטייען דאָ פון דיזעלבע באַהעפטן נאָר אין א פאַרקערטן סיי-דער. אין ביידע פאַלן באַשטייען די **באַהעפטן** פון דיזעלבע ווערטער און אין דעמ-זעלבן ווערטערסיידער. דאָס בינדוואָרט „און" איז אין ביידע פאַלן צווישן די באַ-העפטן. אזוי אַז אויסערלעך איז דאָס זייער א לײַכטע אָפּעראַציע, דידאָזיקע ענדע-רונג אינעם באַהעפטן-סיידער. אָבער לאָמיר זיך אַביסל אויפמערקזאַם באַציִען צום אינהאַלט פון די פריערדיקע פּראַזעס.

אין דער ערשטער פּראַזע דערציילט מען פריִער וועגן דער רעדע און נאָכ-דעם וועגן זינגען, אין דער צווייטער פּראַזע איז פריִער דאָס זינגען, און נאָכ-דעם — דאָס ענדיקן די רעדע. וואָס איז נאַטירלעכער, וואָס איז ווירקלעכער: דער ערשטער באַהעפטן-סיידער צי דער צווייטער? קלאָר, אַז דער ערשטער. דעריבער איז אזא באַהעפטן-סיידער ווי אין דער צווייטער פּראַזע ניט קיין גוטער, און עס מוז אין דעם פאַל בלײַבן דער באַהעפטן-סיידער פון דער ערשטער פּראַזע.

**179.** ענדערנדיק דעם באַהעפטן-סיידער, קומט אַמאָל אויס צו ענדערן די צײַט-פאָרמעס. לעמאָשל:

1. מײַן ברודער עליע ברענגט פון מאַרק א געטריקנט פישל,
   עסן מיר דאָס מיט ציבעלע. (שאָל.-אַליי‌כעם)
2. מיר עסן מיט ציבעלע דאָס געטריקנטע פישל,
   וואָס מײַן ברודער עליע ברענגט פון מאַרק.
3. מיר עסן מיט ציבעלע דאָס געטריקנטע פישל,
   וואָס מײַן ברודער עליע האָט געבראַכט פון מאַרק.

לויט דער צווייטער פּראַזע באַקומט זיך, אַז פריִער „עסן" מיר, און נאָכדעם „ברענגט" מען. אָבער מיר פאַרשטייען, אַז קאָלזמאַן מע האָט דאָס געטריקנטע פישל ניט געבראַכט, האָט מען עס עסן ניט געקאָנט. דעריבער איז ריכטיקער די דריטע פּראַזע, ווו מע עסט דאָס, וואָס מע האָט געבראַכט (פריִער).

[אין דער ערשטער פּראַזע האָבן מיר אויך געגנוואַרט אין ביידע באַהעפטן — ווי אין דער צווייטער. אָבער דאָ, אין דער ערשטער פּראַזע, איז עס מעגלעך, ווײַל אינעם ערשטן באַהעפט ברענגט מען, און נאָכדעם, אינעם צווייטן באַהעפט, עסט מען].

**180.** עס טרעפן אויך אזוינע פראזעס, ווו עס מוז בלײַבן נאָר דער באהעפטן-סײדער, װעלכער איז פאראן. לעמאָשל:

לאָזט טעוויע אראָפּ די פּאָלעס און גײט ארויס הינטער דער שטאָט, ווו ער האָט געוווינט. (פּערעץ)

קעדײי צו ענדערן דעמדאָזיקן באהעפטן-סײדער מוז מען מאכן גאָר א גרויסע אָפּעראציע, אָבער אויך דאן וועט זיך באקומען אן אומזין. לעמאָשל:

טעוויע האָט געוווינט הינטער דער שטאָט, לאָזט ער אראָפּ די פּאָלעס און גײט ארויס.

ס'איז דאָך קלאָר, אז מיר האָבן דאָ ניט קײן ברעקל לאָגיק אין דערדאָזיקער פראזע. דעריבער מאכן מיר דעם אויספיר, אז דער באהעפטן-סײדער פון **פּערעצעס** פראזע מוז בלײַבן, אויב מיר ווילן זאָגן דאָס, וואָס דאָרטן איז געזאָגט.

נאָך באשטימטער איז דער באהעפטן-סײדער אָפּטמאָל אין א פראזע, וואָס באַ-שטײט פון דרײַ, פיר און מער באהעפטן. לעמאָשל:

1. מײַן ברודער קריצט מיט די צײן און קוקט אף מיר, איך זאָל אים זאָגן, וואָס וועט זײַן פון מיר. (שאָל.-אלײכעם)

2. זי האָט זיך געכאפּט, אז אין אזא אויסזען האָט זי קריטשעווסקי קײנמאָל נאָך ניט געזען, און ער מוז זיך דעריבער געוויס כידעשן. (גאָדינער)

דאָס הײסט ניט, אז מע קאָן ניט איבערשטעלן דידאָזיקע באהעפטן. קאָנען קאָן מען, נאָר עס וועלן דאן פאָרקומען זײער גרויסע ענדערונגען.

פון די אלע בײַשפּילן איז קלאָר, אז מיר קאָנען בענויגײע דעם באהעפטן-סײ-דער זאָגן דאָסזעלבע, וואָס באם ווערטער-סײדער אין באהעפט:

1) עס זײַנען דאָ באהעפטן אין א צונויפגעזעצטער פראזע, וואָס לאָזן זיך זײער פרײַ איבערשטעלן. פונעם איבערשטעלן קומען קײנע ענדערונגען ניט פאָר: ניט אין דעם ווערטער-סײדער, ניט אין דעם אינהאלט און אפילע ניט אינעם באטאָנען. לעמאָשל:

ביסט ווידער אוועק אין קאָמיוגנט, איך בין ווידער אוועק אין פּארטײ.

2) אנדערע באהעפטן אין א צונויפגעזעצטער פראזע לאָזן זיך גאנץ פרײַ אי-בערשטעלן, נאָר עס קומען דערבײַ פאָר ניט קײן גרויסע ענדערונגען אינעם ווערטער-סײדער און אינעם באטאָנען. לעמאָשל:

איך וועל ארײַנגײן, אויב איך וועל צײַט האָבן.

3) עס זײַנען דאָ באהעפטן, וואָס באם איבערשטעלן זײ, ענדערט זיך גאנץ שטארק דער ווערטער-צוזאמענשטעל זײערער און צוזאמען מיט דעם אויך דער אינהאלט און דאָס באטאָנען. לעמאָשל:

י האָט דערצײלט די סטודענטן דעם שמועס, וואָס זי האָט געהאט מיט לעונען.

4) אנדערע באהעפטן לאָזן זיך אינגאנצן ניט איבערשטעלן אין די ראמען פון אײן פראזע. לעמאָשל:

לאָזט טעוויע אראָפּ די פּאָלעס און גײט ארויס הינטער דער שטאָט, ווו ער האָט געוווינט.

**181.** קוקט זיך צו צום ווײַטערדיקן באהעפטן-סיידער.

1. די גרענעץ איז מיט הערנער, האָב איך געמיינט.

2. איך האָב געמיינט, די גרענעץ איז מיט הערנער.

3. די גרענעץ, האָב איך געמיינט, איז מיט הערנער.

אַלע דרײַ פּראַזעס זײַנען צונויפגעזעצט פֿון דיזעלבע באַהעפטן. אין די ערשטע צוויי פּראַזעס איז דער סיידער אַזאַ: באַהעפט נאָך באַהעפט. אין דער דריטער פּראַזע איז שוין גאָר אַן אַנדער סיידער. דאָרטן איז אַ באַהעפט אין אַ באַהעפט.

לויטן סיידער פֿון באַהעפט אין באַהעפט זײַנען אויך די באַהעפטן פֿון די ווײַטערדיקע פּראַזעס

1. די גרויסע גאַס, האָב איך געזען, איז פֿול מיט מענטשן.

2. מײַן שוועגערן בראָכע, ווייסט איר דאָך, האָט אַ טעווע פֿון כאַלעשן.

דידאָזיקע צוויי פּראַזעס קאָן מען אויך שרײַבן, עס זאָל גיין אַ באַהעפט נאָך אַ באַהעפט. לעמאָשל:

1. איך האָב געזען, די גרויסע גאַס איז פֿול מיט מענטשן.
2. איר ווייסט דאָך, מײַן שוועגערן בראָכע האָט אַ טעווע פֿון כאַלעשן.

אָדער:

1. די גרויסע גאַס איז פֿול מיט מענטשן, האָב איך געזען.
2. מײַן שוועגערן בראָכע האָט אַ טעווע פֿון כאַלעשן, איר ווייסט דאָך.

**182.** אָפֿט שטעלט מען אַרײַן אין איין באַהעפט צוויי אַנדערע. לעמאָשל:

יענע צײַט, | אַזוי זאָגט בינאָמין |, איז גאַנץ טונעיאַדעווקע, | ווי גרויס זי איז |, געווען אין ערעץ-ייִסראָעל. (מענדעלע)

| |
|---|
| אַ באַהעפט, וואָס קומט צווישן אַן אַנדער באַהעפט, דאַרף מען פֿון ביידע זײַטן אויסטיילן מיט קאָמעס. |

אין מענדעלעס פּראַזע וועלן דעריבער זײַן פֿיר קאָמעס, וואָס וועלן אויס-טיילן די צוויי אַרײַנגעשטעלטע באַהעפטן „אַזוי זאָגט בינאָמין“ און „ווי גרויס זי איז“. אין דער צײַט ווען צווישן דרײַ באַהעפטן איינע נאָך די אַנדערע וועלן זײַן בלויז צוויי קאָמעס.

לאָמיר איצט פּרובירן איבערשטעלן די באַהעפטן פון מ ע נ ד ע ל ע ס פּראָזע. טוענ-
דיק דאָס, וועלן מיר באַמערקן פאָלגנדיקעס:

1) דעם ערשטן אינווייניקסטן באַהעפט קאָן מען איבערשטעלן. לעמאָשל:

א) יענע צײַט איז גאַנץ טונעיאַדעווקע געווען אין ערעץ-ייִסראָעל — אַזוי זאָגט בינײאָמין.

ב) בינײאָמין זאָגט אַזוי: יענע צײַט איז גאַנץ טונעיאַדעווקע געווען אין ערעץ-ייִסראָעל.

ג) יענע צײַט איז גאַנץ טונעיאַדעווקע, אַזוי זאָגט בינײאָמין, געווען אין ערעץ-ייִסראָעל.

2) דעם צווייטן אינווייניקסטן באַהעפט „ווי גרויס זי איז“ — קאָן מען ניט איבערשטעלן, ווײַל דערדאָזיקער באַהעפט איז ענג פאַרבונדן מיטן וואָרט „טונעיאַ-דעווקע“, און ער מוז דעריבער קומען גלײַך נאָך דעמדאָזיקן וואָרט.

פונדאַנען איז געדרונגען, אַז עס זײַנען דאָ אַזעלכע באַהעפטן, וואָס קאָנען קומען אי פאַר, אי נאָך, אי אינמיטן אַנדערע באַהעפטן („אַזוי זאָגט בינײאָמין“), און עס זײַנען פאַראַן אַזעלכע באַהעפטן, וואָס מוזן קומען גראָד אינמיטן אַ צווייטן באַהעפט גופא („ווי גרויס זי איז“).

183. קוקט זיך צו צו אַלע ווײַטערדיקע באַהעפטן און צו זייער סיידער.

ער וויל אים דערקלערן, וואָס עס האָט דאָ פּאַסירט, און פרעגן, וואָס זאָל ער איצט טאָן. (גאָדינער)

דער ערשטער באַהעפט איז דאָ „ער וויל אים דערקלערן און פרעגן“. דער סוב-



יעקט „ער“ ציט צו זיך דעם פּערזאָניקן ווערב „וויל“. די אינפיניטיוון „דערקלערן“ און „פרעגן“ צוזאַמען מיטן פּערזאָניקן ווערב שאַפן דאָ דעם פּרעדיקאַט (דעם „ער“ס טוונג).

דער צווייטער באַהעפט איז מיט אַ פּערזאָניקן ווערב „האָט“, וואָס ציט זיך ניט צום פריִערדיקן סוביעקט „ער“ (און דערפאַר איז עס מאַקע אַ באַזונ-דער באַהעפט). דער פּרעדיקאַט איז דאָ „האָט פּאַסירט“. דערדאָזיקער באַהעפט מוז קומען נאָר דאָ, ווו ער שטייט, ווײַל ער האָט אַ שײַכעס צום וואָרט „דערקלערן“ פונעם ערשטן באַהעפט. דעריבער שפּאַלט דער צווייטער באַהעפט דעם ערשטן און קומט ניט נאָך אים — נאָר אינמיטן.

דער דריטער באַהעפט האָט אַ סוביעקט „ער“ מיט אַ פּערזאָניקן ווערב „זאָל“, מיט אַ פּרעדיקאַט „זאָל טאָן“. דערדאָזיקער באַהעפט מוז אויך קומען דאָ, ווו ער שטייט, ווײַל ער האָט אַ שײַכעס צום וואָרט „פרעגן“ פונעם ערשטן באַהעפט.

מיר האָבן דאָ אין דערדאָזיקער פּראָזע דרײַ קאָמעס. די ערשטע צוויי קאָמעס טיילן אויס דעם צווייטן באַהעפט, און די דריטע קאָמע טיילט אָפּ דעם דריטן באַ-העפט פונעם פריִערדיקן טעקסט.

מע קאָן, אַז מע וויל, איבערשטעלן די באַהעפטן פון דער פריִערדיקער פּראָזע גאָדינערס, נאָר דאַן וועט מען מוזן צוגעבן עטלעכע ווערטער אין איין באַהעפט און

איבערשטעלן א פאָר ווערטער אין א צווייטן באהעפט; אויך דער אקצענט, דאָס באטאָנען, וועט זיך ענדערן, און עס וועט זיך אויך ענדערן די צאָל באהעפטן. לעמאָשל:

וואָס עס האָט דאָ פּאסירט, וויל ער אים דערקלערן, און וואָס זאָל ער איצט טאָן, וויל ער אים פרעגן.

## אופגאבע 24

I. שטעלט איבער די באהעפטן אין די וויַטערדיקע צונויפגעזעצטע פראזעס.

1) זיי ווילן ניט צוטרעטן צו דער ארבעט, קאָלזמאן ער באצאָלט זיי ניט. 2) די געדאנקען זיַינען מיר געקומען אפן קאָפּ, בעשאס דער סטאָליער איז געשטאנען און געמאָסטן די שאפע. 3) איצט וועט ער מיך ניט אָנרירן, וויַל איך בין א יאָסעם 4) מיַין ברודער עליע האָט גענומען מיך לערנען, וויאזוי איך זאָל טאָן. 5) איר האָט געדארפט זען, וויפל מענטשן עס האָבן זיך פארזאמלט. 6) וויפל טינט מיר האָבן, קאָן איך אייַך ניט זאָגן. 7) זיי פרעגן מיך, צי בין איך צופרידן. 8) די שוועסטער האָט געבעטן, טאָמער קאָנט איר איר לייַען א ביסל טינט. 9) וויפל מיר זיַינען אזוי געלאָפן, קאָן איך אייַך ניט זאָגן. 10) פיניע פרעגט אים, צי איז נאָך וויַט צו דער גרענעץ.

וועלכע ענדערונגען, באמערקט איר, קומען פאָר באם איבערשטעלן?

II. טיילט אויס מיט קאָמעס דעם אינווייניקסטן באהעפט אין די וויַטערדיקע צונויפגעזעצטע פראזעס.

1) פון דעם בערגל האָבן מיר זיך גענומען ווי זי האָט אונדז אָנגעזאָגט רעכטס 2) די גרויסע גאס האָב איך געזען איז פול מיט מענטשן. 3) יענע מיט דעם מעפל פילניצעס גיב איך א בליק איז שוין נישטאָ. 4) איך אָבער אזוי שריַיבט ביניאָמין האָב מיך ניט געקאָנט לאָזן איַינריידן. 5) אין ביידער באם קראנקן באם טישל ווו ס'האָט אונטער א בלויען אבאזשור דער לאָמפּ געברענט איז געזעסן דער אָרטיקער אָנגענומענער פעלשער. 6) פון קוואס דארפט איר וויסן איז בא אונדז באָרעך דער קוואסניק געוואָרן א גוויר. 7) מיַין שוועגערן בראָכע ווייסט איר דאָך האָט א טעווע פון כאלעשן. 8) מיַין ביַידל טו איך א בליק איז ארייַן אין קאלוזשע. 9) וויפל מיינט איר זאָל אצינד האלטן אזייגער? 10) דאָס גאנצע לאנד ווהין איך גיי און קאָן איַין מיטנעמען איז איין גאָרטן.

III. שטעלט איבער דעם סיידער פון די באהעפטן אין די פאָריקע פראזעס אף אזא אויפן, אז עס זאָל גיין א באהעפט נאָך א באהעפט און ניט אין א באהעפט (ווי דאָרטן איז).

לעמאָשל: פון דעם בערגל האָבן מיר זיך גענומען רעכטס, ווי זי האָט אונדז אָנגעזאָגט.

## 25. פארטרעטווערטער און אויסטיַיטשן

184. קוקט זיך צו צו דער וויַיטערדיקער פראזע.

**דער טאטע וועט היַינט ניט קומען, וויַל דער טאטע איז קראנק.**

אין אזוינע פאלן, ווי איר ווייסט עס בּיסטאָמע אליין, שריַיבט מען אינעם צווייטן באהעפט אָנשטאָט „דער טאטע“ — „ער“. מע טוט עס, נאטירלעך, קעדיי ניט איבערכאזערן דיזעלבע ווערטער.

דאָס וואָרט „ער“, וואָס קומט דאַן אָנשטאָט „דער טאַטע“, הייסט פאַרטרעט־וואָרט.

ווי מאָנאָטאָן עס וואָלט געווען אונדזער שפּראַך אָן פאַרטרעטווערטער, קאָן מען ווייזן מיט אַזאַ ביישפּיל.

אָן פאַרטרעטווערטער

מיין שוועגערן זאָגט אַליין אַף מיין שוועגערן, אַז מיין שוועגערן איז אַ שוועבעלע. מיין שוועגערן אַז עס קומט אָן די שלעכטע מינוט, וועט מיין שוועגערן אייך מאַכן מיט דער בלאָטע. אין אַ ווײַלע אַרום ווערט מיין שוועגערן ווייך, כאָטש לייגט מיין שוועגערן צו צו אַ מאַקע.

מיט פאַרטרעטווערטער

מיין שוועגערן זאָגט אַליין אַף זיך, אַז זי איז אַ שוועבעלע. איך אַז עס קומט אָן די שלעכטע מינוט, וועט זי אייך מאַכן מיט דער בלאָטע. אין אַ ווײַלע אַרום ווערט זי ווייך, כאָטש לייגט זי צו צו אַ מאַקע.

(שאָלעם-אַליכעם).

דאָס באַווייזט, אַז פאַרטרעטווערטער זיינען אַ גוט מיטל פאַר דער שפּראַך, און מע דאַרף זיי אין די נייטיקע פאַלן אָנווענדן.

קוקט זיך צו צו די ענדערונגען, וואָס קומען פאָר אין די ווייטערדיקע פּראָזעס באַם איבערשטעלן די באַהעפטן.

1. אָט אַזאַ מין זאַך האָט אויסגעלייענט ערגעץ אַף די בלעטער מיין ברודער עליע, באַלד ווי ער איז אַראָפּ פון קעסט.
2. באַלד ווי מיין ברודער עליע איז אַראָפּ פון קעסט, האָט ער אויסגעלייענט ערגעץ אַף די בלעטער אָט אַזאַ מין זאַך.
3. באַלד ווי ער איז אַראָפּ פון קעסט, האָט מיין ברודער עליע אויסגעלייענט ערגעץ אַף די בלעטער אָט אַזאַ מין זאַך.

מאַכט זיך קלאָר, פאַרוואָס איז די דריטע פּראָזע אַביסל צווייטייטיק.

מאַכט אָן אויספיר וועגן דעם באַנוץ פון פאַרטרעטווערטער איז אַזוינע פאַלן.

עס טרעפט, אַז מע מיידט גראָד אויס פאַרטרעטווערטער. דעריקער ווען מע וויל געבן אַ שפּראַך פון קינדער אָדער פון באָבע-מעיסעס. לעמאָשל:

און באָווע איז אוועקגעפאָרן, און באָווע האָט אַפּן וואָלף אוועקגעריטן, און באָווע איז פון דער הויפּט-שטאָט אַרויס, און באָווע איז דאַן אַף יענער מעדינע געקומען. (ניסטער)

185. מיר האָבן פריער געזאָגט, אַז פאַרטרעטווערטער זיינען אַ גוט מיטל אַף אויסצומיידן איינטאָניקייט, און מע דאַרף זיי אָנווענדן.

אָבער עס זיינען פאַראַן פאַלן, ווען אַ פאַרטרעטוואָרט מאַכט גראָד קאַליע: עס מאַכט צווייטייטיק די פּראָזע. לעמאָשל:

פאַרן שאָכן האָט מוישע קיין מוירע ניט, ווייל ער איז קראַנק.

דידאָזיקע פּראָזע קאָן באַטייטן פאָלגנדיקעס:

א) פאַרן שאָכן האָט מוישע קיין מוירע ניט, ווייל מוישע איז קראַנק.

ב) „ „ „ „ „ „ „, ווייל דער שאָכן איז קראַנק.

דעריבער איז גלײַכער אין אזא פאל שרײַבן אָן פארטרעטוווערטער, אָבער די פראזע זאָל זײַן אײנדײַטיק.

נאָך בעסער איז, ווען מע וועט אין דער פראזע איבערשטעלן די באהעפטן *. דאן וועט מען אויסמײַדן צו איבערכאזערן צוויי מאָל „שאָכן" אָדער צוויי מאָל „מוישע". לעמאָשל:

1. ווײַל דער שאָכן איז קראנק, האָט מוישע פאר אים קײן מוירע ניט.

2. ווײַל מוישע איז קראנק, האָט ער פארן שאָכן קײן מוירע ניט.

186. אמאָל מאכט א פארטרעטוואָרט שווערער דעם טעקסט. עס ווערט ניט צווײדײַטיק, נאָר מע פארשטײט ניט גלײַך דאָס, וואָס מע מײנט. לעמאָשל:

זאָל איך זײַן א נאָווי, אז דער זאק וועט פלאצן, און עס וועט זיך געבן א שאָט אויס פון אים עפּעס א געלע זאך! דאָס איז טאקע דער פּראָשעק, וואָס מײַן ברודער עליע פארטרײַבט מיט אים מײַז. ער האָט אזא שארפן רײעך, אז מע קאָן קאָן כאלעשן. (שאָל.-אל.)

פון דער ערשטער מינוט, לײענענדיק די פראזע „ער האָט אזא שארפן רײעך, אז מע קאָן כאלעשן", דוכט זיך אונדז, אז דאָס מײנט מען דעם „ברודער עליע" — דעם סוביעקט פונעם פריערדיקן באהעפט. אָבער שפּעטער אביסל כאפּן מיר זיך, אז געוויס מײנט די לעצטע פראזע דעם „פּראָשעק". ווען אָבער די לעצטע פראזע זאָל זיך אָנהײבן ניט מיטן פארטרעטוואָרט „ער" נאָר מיט די ווערטער „דער פּראָשעק", וואָלטן מיר אויסגעמיטן דעם פריערדיקן טאָעס.

דאָס באווײַזט, אז אפילו אין אזוינע פאלן, ווו קײן צווײדײַטיקײַט איז ניטאָ, נאָר ווײַבאַלד דאָס פארטרעטוואָרט מאכט שווערער דעם טעקסט, פארהאלט דעם לײענערס טעמפּ, — אויך אין אזוינע פאלן דארף מען זײַן זײער פאָרזיכטיק מיט באנוצן פארטרעטווערטער.

187. אמאָל קאָן מען אויסמײַדן א צווײדײַטיקײַט אָדער שווערקײַטן בא פארטרעטווערטער, פארבײַטנדיק אײן פארטרעטוואָרט אף א צווײטס. לעמאָשל:

דעם סטראזשניק, וואָס האָט אים געפּרווט אין הויז צו פארכאפּן, האָט ער געגעבן א פלעם אין פּיסק ארײַן מיט דער פויסט, אז ער האָט זיך באַלד איבערגעקוילערט און אין בלוט געבאָדן זיך. (ש. אש)

קעדײ עס זאָל זיך ניט דוכטן, אז „ער האָט זיך באַלד איבערגעקוילערט"... און „האָט ער געגעבן א פלעם... — מײנט דעמזעלבן מענטשן, איז גלײַכער די פריער-דיקע פראזע אזוי צו שרײַבן:

דעם סטראזשניק, וואָס האָט אים געפּרווט אין הויז צו פארהאלטן, האָט ער געגעבן א פלעם אין פּיסק ארײַן מיט דער פויסט, אז יענער האָט זיך באַלד איבערגעקוילערט און אין בלוט געבאָדן זיך.

א צווײדײַטיק פארטרעטוואָרט קאָן אמאָל זײַן אויך אין אן אײנפאכער פראזע, לעמאָשל:

ער האָט מיך געזידלט בא זיך אין צימער.

*) דאן וועט זיך אביסל ענדערן די באטאָנונג פון דעם אָדער יענעם באהעפט.

„בא זיך“ קאָן דאָ באַטײַטן אי באַ מיר, אי באַ אים. דעריבער איז דאָ גלײַכער ניט אָנצוקומען צו אזא פּאַרטרעטוואָרט ווי „זיך“, וואָס איז דאָ צווייִדײַטיק און שרײַבן בעסער „בא מיר“ אָדער „בא אים“.

188. קוקט זיך צו צו דער ווײַטערדיקער פּראַזע.

שאָלעם-אליכעמס פּאָלקיזם איז נאָך אין יענער צײַט געווען צופיל פּרימיטיוו, אז ער זאָל קאָנען פּרעטענדירן אף גרויסע רעכט.

דידאָזיקע פּראַזע איז צווייִדײַטיק איבערן פּאַרטרעטוואָרט „ער“. מע קאָן ניט וויסן, ווען מע מיינט דאָ מיטן „ער“: שאָלעם-אליכעמען צי זײַן פּאָלקיזם.

קעדיי אויסצומײַדן אזא צווייִדײַטיקײַט כּאַזערט מען אין אזוינע פֿאַלן נאָכאמאָל איבער דאָס וואָרט, וואָס איז דאָ פֿאַרביטן מיטן פּאַרטרעטוואָרט. לעמאָשל:

1. שאָלעם-אליכעמס פּאָלקיזם איז נאָך אין יענער צײַט געווען צופיל פּרימיטיוו, אז ער, דער פּאָלקיזם, זאָל קאָנען פּרעטענדירן אף גרויסע רעכט.
2. שאָלעם-אליכעמס פּאָלקיזם איז נאָך אין יענער צײַט געווען צופיל פּרימיטיוו, אז ער, שאָלעם-אליכעם, זאָל קאָנען פּרעטענדירן אף גרויסע רעכט.

נאָכן „ער“ שטעלט מען ארײַן ווערטער, וואָס טײַטשן אויס דעם „ער“. אזא אויסטײַטש טיילט מען אויס מיט קלאַמערן אָדער אָפּטער — מיט קאָמעס.

קוקט זיך צו צו די ווײַטערדיקע אויסטײַטשן און צו די אָפּשטעלצייכנס בא זיי

רעב געדאליע איז פֿון באטאָג אָן געווען שטארק אומעטיק און געפאלן און נישט געוווסט, וואָס מ'רעדט צו אים. זיצנדיק לעבן דעם מעכוטנס לינקער האנט, האָט ער די גאנצע צײַט געשוויגן. געהאט אן אראָפּגעלאָזענעם קאָפּ מיט יאָרדישע געדאנקען און געוווסט, אז אָט די אלע געסט זײַנען זיך שוין איצט אהער צונויפגעפאָרן נישט צוליב אים, רעב געדאליע דעם אָנזעצער, נאָר צוליבן רײַכן מעכוטן יאַנקעוו-יאָסלען, וואָס האָט בא א האלבן מיליאָן און קנאקט אפן געווירישן שטייגער; אז ער, דער גײַוועדיקער און מונטערער מעכוטן, וויס דערפֿון און קוקט זיך דערפֿאר צו אים נישט אום. און זיי, די געסט, האָבן דערפֿאר אף אים, רעב געדאליען, ראכמאָנעס און לאָזן אים אויך צו רו. (בערגעלסאָן)

189. אזוינע אויסטײַטשן קומען ניט נאָר אין א צונויפגעזעצטער פּראַזע נאָר אויך אין אן איינפאכער און ניט נאָר צוליב אויסמײַדן צווייִדײַטיקײַטן נאָר אויך צוליב קאָנקרעטיזירן. לעמאָשל:

1. דעם צווייטן טאָג יאָנטעוו זײַנען אלע, קינד און קייט, אוועק אין וואלד ארײַן. (אָפּאטאָשו)
2. מיר, בירגער פֿון ראטנרוסלאנד, ווייסן, אז די געשיכטע קאָן אמאָל האָבן קפיצעסאדערעך. (ליטוואקאָוו)

די ערשטע פּראַזע איז אן איינפאכע, די צווייטע — א צונויפגעזעצטע. אין ביידע פּראַזעס קומען די אויסטײַטשן אף צו קאָנקרעטיזירן: ווער „אלע“ און ווער „מיר“.

**190.** די אויסטײַטשן קומען ניט דאפקע גלײַך נאָכן וואָרט, וואָס זיי טײַטשן אויס. זיי קאָנען קומען אויך אביסל ווײַטער. לעמאָשל:

1. מע זאָגט: **ער** גייט אריבער, יוזי, צו אונדז. (בערגעלסאָן)
2. האָבן זיי אים אויסגעהערט, **די הארן**, האָבן זיי **אים** פארשטאנען, **דעם מיילער.** (ניסטער)

אין דער ערשטער פראזע טײַטשט אויס דאָס וואָרט „יוזי" דעם „ער". אין דער צווייטער פראזע טײַטשן אויס „די הארן" דעם „זיי" פונעם ערשטן באהעפט, און די ווערטער „דעם מיילער" טײַטשן אויס דעם „אים" פונעם צווייטן באהעפט. אין ביידע פראזעס, זעען מיר, שטייען די אויסטײַטשן ניט גלײַך נאָך דעם, וואָס זיי טײַטשן אויס, נאָר ווײַטער.

קוקט זיך צו צו די ווײַטערדיקע אויסטײַטשן, צו זייער אָרט אין פראזע און צו די קאָמעס בא זיי.

1. אן אײַזערן הארץ האָט ער געהאט, דער מענטש. (פערעץ)
2. ער איז דאָך ערשט מיט צען יאָר צוריק א קאפצן געווען, דער טאטע זייע־רער. (בערגעלסאָ)
3. און פארוואָס געפעלט זי אים טאקע אזוי שטארק, אָט דעם יונגן און רײַכן באָכער? (בערג.)

פרובירט איבערשטעלן די אויסטײַטשן אף אזא אויפן, זיי זאָלן גיין גלײַך נאָך די אויסגעטײַטשטע ווערטער. וויפל קאָמעס וועלן דאן זײַן אין יעדער פראזע? ווען איז דער אויסטײַטש מער באטאָנט: ווען ער איז אינמיטן פראזע, צי ווען ער איז אזוי ווי דאָ?

**191.** אמאָל קאָן מען ניט וויסן, צי דאָס איז אן אויסטײַטש צי א ווענדונג (וועגן ווענדונג זע אין ארײַנפיר). לעמאָשל:

ער איז נישטאָ אין דער היים, ליפקיס? (בערגעלסאָן)

דאָס וואָרט „ליפקיס" קאָן דאָ זײַן אי אן אויסטײַטש (ער, ליפקיס, איז...), אי א ווענדונג.

דאָסזעלבע איז אויך אינעם ווײַטערדיקן פאל.

אָט שטייט ער, כאיעם-מוישע, דאָרט, בא דער גרעבליע*. (בערגעלסאָן)

„כאיעם-מוישע" קאָן דאָ אויסטײַטשן דאָס וואָרט „ער": ער — כאיעם-מוישע. און עס קאָן אויך זײַן א וואָרט, וואָס צו דעם ווענדט זיך דער ריידער: כאיעם-מוישע. אָט שטייט ער דאָרט, בא דער גרעבליע.

אין אזוינע פאלן פארשטייט מען דעם אונטערשייד לויטן גאנצן טעקסט. און אָפט איז אפילע לויטן טעקסט אויך שווער פעסטצושטעלן. לעמאָשל:

אין, יצכאָק-בער, האָב אָנגעהויבן,
און דו, כאיעם-מוישע, מוזט ענדיקן. (בערגעלסאָן)

---

* וועגן דער קאָמע נאָכן וואָרט „דאָרט" וועלן מיר באלד ריידן.

„יִצחָק-בער״ איז דאָ אַן אויסטײַטש פֿונעם וואָרט „איך״. „כאַיעם-מוישע״ קאָן דאָ זײַן אי אַן אויסטײַטש פֿון „דו״, אי אַ ווענדונג. דאָ איז עס מאַשמאָעס גיכער אַן אויסטײַטש.

פּראַקטיש איז עס קײן כילעק ניט, וואָרעם סײַ אויסטײַטשן און סײַ ווענדונגען דאַרף מען אויסטײלן ניט קאָמעס.

**192.** אויסטײַטשן דאַרף מען ניט צונויפֿמישן מיט גלײַכאַרטיקע ווערטער. לעמאָשל:

1. ער, כאַיעם-מוישע און מײלעך — דאָס זײַנען אין טאָג גענומען אײן מענטש.
2. ער, כאַיעם-מוישע, און מײלעך — דאָס זײַנען אין טאָג גענומען אײן מענטש. (בערגעלסאָן)

אין דער ערשטער פֿראַזע האָבן מיר דרײַ גלײַכאַרטיקע ווערטער*. אַז מיר ווילן, קאָנען מיר זײ פֿאַרבינדן מיטן „און״ אָדער מיט דער קאָמע. לעמאָשל:

א) ער און כאַיעם-מוישע און מײלעך...

ב) ער, כאַיעם-מוישע, מײלעך...

אין אַלע פֿאַלן האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט דרײַ מענטשן.

אין דער צווײטער פֿראַזע האָבן מיר בלויז צוויי גלײַכאַרטיקע ווערטער: „ער און מײלעך״. „כאַיעם-מוישע״ איז דאָ אַן אויסטײַטש צום וואָרט „ער.״ דאָ האָבן מיר צו טאָן בלויז מיט צוויי מענטשן: ער (כאַיעם-מוישע) און מײלעך.

דער דאָזיקער אונטערשײד פֿון דער ערשטער און צווײטער פֿראַזע דריקט זיך אויס אויסערלעך אין די קאָמעס. אין דער ערשטער פֿראַזע האָבן מיר אײן קאָמע, ווײַל צווישן דעם צווײטן און דריטן גלײַכאַרטיקן וואָרט איז דאָ דער „און״. אין דער צווײטער פֿראַזע האָבן מיר צוויי קאָמעס, וואָס טײלן אויס דעם אויסטײַטש. דער „און״ אין דער צווײטער פֿראַזע פֿאַרבינדט ניט „כאַיעם-מוישע״ און „מײלעך״ נאָר „ער״ און „מײלעך״.

**193.** אַזוינע אויסטײַטשן קומען ניט נאָר בײַ פּאַרטרעטווערטער. זײ קומען, די אויסטײַטשן, אויך אין אַנדערע פֿאַלן. לעמאָשל:

1. קומט צו גײן אײנמאָל כאַיעם-מוישע — דער עלטערער פֿון די צוויי יִינגלעך — און זאָגט, אַז ער וויל שוין בעסער אַ שטענדיקן ווינטערדיקן טאָג. (בערגעלסאָן)
2. האָט אים באַגעגנט אַן אַלטיטשקער ראַקיטנער ייִד — דער ערשטער גאַנץ-פֿרײ אופֿגעשטאַנענער און צעקנײטשטער ראַקיטנער ייִד — און האָט גענומען אָף אים קוקן. (בערגעל.)

אָבער מיט אַזוינע אויסטײַטשן און נאָך מיט ענלעכע וועלן מיר זיך פֿאַרנעמען אינעם II טײל גראַמאַטיק. דערווײַל באַמיט זיך צו געדענקען דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבן גערעדט וועגן אויסטײַטשן פּאַרטרעטווערטער.

* כאַיעם-מוישע איז אײן וואָרט.

אויב מע וויל דעם אויסטײַטש נאָך שטאַרקער אויסטיילן, מע זאָל פאר און נאָך אים מאכן א לענגערע פאוזע, — דאן שטעלט מען ארום אים ניט קיין ק אָ מ ע ס נאָך ש ט ר י כ ן. לעמאָשל:

זיי — ע ר מ י ט מ י ר ל ע ן — וועלן ווינען נישט צוזאמען מיטן פאָטער. (בערג.)

אויך אין די פריערדיקע 2 בײַשפּילן האָבן מיר בא די אויסטײַטשן שטריכן.

## אופגאבע 25

I. שרײַבט אָן די ווײַטערדיקע פראזעס, ווו עס פאסט, מיט פארטרעטווערטער.

1) אז ביניאָמין האָט זיך אופגעכאפּט, האָט ביניאָמין נאָך אלץ געהאלטן ארומ-גענומען דאָס קעלבל. 2) די ווערטער האָבן געהערט צו דער רויפעטע. איך האָב דער-קענט דער רויפעטעס מאנצבילשע שטים. 3) איך האָב דעם שטעקן מיטן עפּל ניט אוועקגעוואָרפן; דער שטעקן מיטן עפּל זײַנען אליין ארויסגעפאלן. 4) פינצטערע און קאלטע זײַנען די נעכט געווען, און מיט איינזאמקײַט האָבן די נעכט געשמעקט. 5) די מאמע דערזעט, אז מײַן ברודער איז אויסער זיך, האָט מײַן מאמע מוירע, מײַן ברודער זאָל מיך ניט שלאָגן.

לעמאָשל: 1) אז ביניאָמין האָט זיך אופגעכאפּט, האָט ע ר...

II. טיילט אוים מיט קאָמעס אלע ווײַטערדיקע אויסטײַטשן און ווענדונגען. שטעלט אויך אלע איבעריקע נייטיקע צייכנס.

1). ער פרעגט זיך נאָך אף דיר זלאטעניו דער אמעריקאנער ער האָט פאר דיר א שטעלע אף דער מיל. 2) מיילעך האָט זי כאנקע בא אים געפרעגט ווו איז אײַער הינטל. 3) אייגנטלעך איז בענקשאפט גאָרנישט ניט ווערט מיילעך בענקען בענקט מען נאָך געשטאָרבענע. 4) אים דעם דאָקטער פלעגט מען אָפטמאָל צו איר קיין יא-נאָווע ארויסרופן. 5) ער דער דאָקטער איז ארוף אף עפעס א מאָדנער פור אף וועל-כער ער האָט בעשומויפן ארוף ניט געוואָלט. 6) זי איז טאקע א טויטער מענטש אָבער ער וויקטאָר איז אויך א קאנדידאט. 7) ער קען איר געבן צו פארשטיין וואָס פאר א טיפּ איז זי די מאמע אירע? 8) ער טוט אזא גוטן שידעך ועלוול ער נעמט זאָגט מען א שיין מיידל. 9) זי מירל וואָלט געווים צופרידן געווען ווען אָט די אומגליקלעכע פערד פייגערן אוים ביידע אין איין נאכט. 10) פון טאָמער אָן האָט זי געגלויבט אז ער דער פאָטער אירער איז א שטארקער און קען טאָן אלץ קעדיי צו זײַן שטאָלץ ניט צו פארלירן זיך.

## 26. גערונדיום - באהעפטן

194. פארגלײַכט די צוויי ווײַטערדיקע פאָרמעס.

1. ווען ער איז געקומען פון דער ארבעט, האָט ער זיך געלייגט שלאָפן.
2. ק ו מ ע נ ד י ק פון דער ארבעט, האָט ער זיך געלייגט שלאָפן.

ביידע פראזעס זײַנען צונויפגעזעצטע. דער לעצטער באהעפט איז אין ביידע פרא-זעס איין און דערזעלבער. דער ערשטער באהעפט אין ביידע פראזעס איז ל ו י ט ן א י נ ה א ל ט איין און דערזעלבער. אָבער לויט דער ג ר א מ א ט י ש ע ר סטרוקטור זײַנען דאָס פארשיידענע באהעפטן.

דער ע ר ש ט ע ר באהעפט פון דער ע ר ש ט ע ד פראזע איז מיט זײַן סטרוקטור אונדז גענוג באקאנט: דאָס איז א באהעפט, וואָס אנטהאלט א סוביעקט „ער", א פערזאָניקן ווערב „איז", א פארטיציפ „געקומען" און נאָך עטלעכע ווערטער. דאָס

אין דער טיפּ באהעפט, וואָס איז דער אָפּסטער אין אונדזער שפּראַך — סײַ אין דער גערעדטער און סײַ אין דער געשריבענער.

דער ערשטער באהעפט פון דער צווייטער פּראַזע איז פאַר אונדז אַ נײַעם דעריבער לאָמיר זיך אַביסל גרינדלעכער צוקוקן צו אים און פאַנאַנדערקלײַבן זײַן סטרוקטור.

דער אויסערלעכער אונטערשייד פון דער ערשטער און צווייטער פּראַזע איז אין דעם, וואָס אַנשטאָט די פיר ווערטער „ווען ער איז געקומען" פון דער ערשטער פּראַזע, האָבן מיר אין דער צווייטער בלויז איין וואָרט „קומענדיק". דאָס הייסט: דאָס וואָרט „קומענדיק" אנטהאַלט דאָ דעם באַטײַט פונעם בינדוואָרט „ווען", פונעם סוביעקט „ער" און פונעם פּרעדיקאַט „איז געקומען".

ענלעכעס איז אויך מיט די ווײַטערדיקע בײַשפּילן.

1. אַז דו וועסט אָפּאַרבעטן, זאָלסטו מיר געבן צו וויסן.

2. אָפּאַרבעטנדיק, זאָלסטו מיר געבן צו וויסן.

דאָ זעען מיר ווידער, אַז דאָס וואָרט „אָפּאַרבעטנדיק" פון דער צווייטער פּראַזע האָט דערמיט באַטײַט, וואָס דאָס בינדוואָרט „אַז", דער סוביעקט „דו" און דער פּרעדיקאַט „וועסט אָפּאַרבעטן" פון דער ערשטער פּראַזע.

| |
|---|
| אַזאַ פאָרם ווי דאָ באַ די ווערטער „קומענדיק" און „אָפּאַר-בעטנדיק" הייסט גערונדיום. |

195. דעם גערונדיום קען מען דערקענען לויט זײַן אויסזען און לויט זײַן באַ-טײַט:

אַ וואָרט, וואָס האָט אַ סופיקס „נדיק" (ענדיק), און וואָס באַ-טײַט אַ טוונג, איז אַ גערונדיום. לעמאָשל:

שרײַבנדיק, לויפנדיק, פאַלנדיק, קריכנדיק, טאַנצנדיק...

אויב אַ וואָרט באַטײַט אַ טוונג, נאָר דער סופיקס איז ניט „נדיק", איז עס ניט קיין גערונדיום. לעמאָשל:

1. איך ענדיק די אַרבעט.

2. איך זינדיק מיטן מויל.

„ענדיק" און „זינדיק" באַטײַטן אַ טוונג, נאָר זייער סופיקס (דער טייל וואָרט נאָכן וואָרצל) איז ניט „נדיק" נאָר „יק". דעריבער זײַנען דידאָזיקע צוויי ווערטער ניט קיין גערונדיומס (זיי זײַנען פּערזאָניקע ווערבן).

אין אַ גערונדיום-פאָרם וועלן דידאָזיקע צוויי ווערטער ווערן אַזוי:

1. ענדיקנדיק די אַרבעט.

2. זינדיקנדיק מיטן מויל.

אין די ווערטער „ענדיקנדיק" און „זינדיקנדיק" איז דער סופיקס „יקנדיק", נאָר דער גערונדיום-סופיקס איז „נדיק".

(דאָ האָבן מיר עפּעס ענלעכעס צו דעם, וואָס מיר האָבן געהאַט באַ דער נול-פאָרמע פון אַזעלכע פּערזאָניקע ווערבן ווי ענדיק, בלעטער, אָרגאַניזיר, —

ווו סופיקסן זײַנען פאראן, אָבער זיי זײַנען ניט קיין סופיקסן פונעם פערזאָניקן ווערב.

פיל גערונדיוּמס האָבן א סופיקס „ענדיק“. לעמאָשל:

נעמענדיק, מאָנענדיק, קלינגענדיק, טרינקענדיק, טומלענדיק, בליִענדיק, שרײַענ-דיק, רוענדיק, בויענדיק, שטייענדיק, סקריפענדיק.

דאָס זײַנען אלץ אזוינע ווערטער, וואָס ווען זיי קומען אלס פערזאָניקע ווערבן פון דער 4-טער אָדער 6-טער פערזאָנפאָרמע, האָבן זיי א סופיקס „ען“.

בא ווערבן, וואָס קומען מיט „זיך“ (זעט זײַט 117), שטעלט מען אמאָל ארײַן באם גע-רונדיוּם דעם „זיך“ גופא אינעם סופיקס. לעמאָשל:

פאקטיש האָט מען די רעזאָליוציע אויסגעארבעט, שטיצנזיכדיק אף די אָנ-ווײַזונגען פון די קרײַזן.

מע דארף דאָס אָבער ניט טאָן, און מע דארף שרײַבן:

שטיצנדיק זיך.

דעם „זיך“ שרײַבן באזונדער.

196. ריידנדיק וועגן ווערב, האָבן מיר אָנגעוויזן, אז דער פערזאָניקער ווערב, דער אינפיניטיוו און דער פארטיציפ פארייניקן זיך אין איין קלאס ווערב. דידאָזיקע פאריייניקונג קומט פאָר אפן סמאך פון דעם, וואָס א וואָרט, וואָס געהערט צו איינער פון דידאָזיקע דרײַ גרופעס, קאָן האָבן פאָרמעס אויך פון די איבעריקע צוויי.

אף זעמזעלבן סמאך קאָנען מיר פארעכענען אויך דעם גערונדיוּם פאר א ווערב, וואָרעם יעדעס וואָרט, וואָס האָט פאָרמעס פונעם פערזאָניקן ווערב, אינפי-ניטיוו און פארטיציפ, — קאָן אויך האָבן א גערונדיוּם-פאָרם. און אויך פארקערט: יע-דעס וואָרט, וואָס האָט א גערונדיוּם-פאָרם, קאָן אויך האָבן די איבעריקע פאָרמעס פונעם ווערב. לעמאָשל:

| | | | |
|---|---|---|---|
| שרײַב | שרײַבן ** | נעם | נעמען *) |
| שרײַבסט | געשריבן | נעמסט | גענומען |
| שרײַבט * | שרײַבנדיק | נעמט * | נעמענדיק. |

אף אזא אופן האָט שוין דער ווערב פיר גרופעס ווערטער; און אין אלע פאלן, ווען מיר זאָגן, האָבן געזאָגט און וועלן זאָגן — ווערב, מיינען מיר אלע פיר גרופעס.

[ביכלאל האָט דער ווערב פינף גרופעס ווערטער. די פינפטע גרופע פונעם ווערב האָט צוויי פאָרמעס ווערטער, וואָס זײַנען ענלעך אף דער ערשטער (נול-פאָרמע) און פינפטער פאָרמע פונעם פערזאָניקן ווערב. לעמאָשל:

1. גיי אומישנע שטעל זיך אוועק בא דער טיר און הער זיך צו
2. גייט „ שטעלט „ „ „ „ „ הערט „ „

וועגן דערדאָזיקער פינפטער גרופע פונעם ווערב וועלן מיר גענויער ריידן אינעם II-טן טייל.]

* אי ער, אי זי, אי מע, אי עס, אי איר.

** אי א פערזאָניקער ווערב (מיר און זיי), אי אן אינפיניטיוו.

**197.** דעם גערונדיום דאַרף מען ניט צונויפמישן מיט ווערטער, וואָס זעען אויס ווי ער, אָבער וואָס זײַנען ניט קיין גערונדיומס און בעמיילע ניט קיין ווערבן. לעמאָשל:

1. אַ פֿאַרבײַגײענדיק קינד איז געהאַרגעט געוואָרן,
2. פֿאַרבײַגײענדיק, איז דאָס קינד געהאַרגעט געוואָרן.

אין דער ערשטער פֿראַזע איז „פֿאַרבײַגייענדיק" ניט קיין גערונדיום, און אין דער צווייטער — יע.

לאָמיר פּרובירן אָנשרײַבן ביידע פֿריערדיקע פֿראַזעס אין מערצאָל:

3. פֿאַרבײַגײענדיקע קינדער זײַנען געהאַרגעט געוואָרן.
4. פֿאַרבײַגײענדיק, זײַנען די קינדער געהאַרגעט געוואָרן.

סײַ אין דער 2-טער און סײַ אין דער 4-טער פֿראַזע איז „פֿאַרבײַגייענדיק" אַ גערונדיום: אין אַלע פֿאַלן האָט ער דעם סופֿיקס „נדיק".

דאָס וואָרט „פֿאַרבײַגייענדיק" פֿון דער ערשטער פֿראַזע איז אין דער דריטער געוואָרן „פֿאַרבײַגייענדיקע", ווײַל עס הענגט דאָ אָפּ פֿונעם וואָרט „קינדער", וואָס איז דאָ אין מערצאָל.

פֿאַרגלײַכט דעם באַטײַט פֿון אַלע דרײַ ווערטער „פֿאַרבײַגייענדיק" און מאַכט זיך קלאָר, וואָס אונטערשיידט דעם ערשטן „פֿאַרבײַגייענדיק" פֿון די איבעריקע צוויי.

**198.** ניט קיין גערונדיום איז אויך דאָס וואָרט מיטן סופֿיקס „נדיק" אין דער ווײַטערדיקער פֿראַזע.

1. ער האָט זיך געמאַכט ניט וויסנדיק.

אַז דאָ איז עס ניט קיין גערונדיום, וועלן מיר דערזען, אויב מיר וועלן עס פֿאַרגלײַכן מיט אַ גערונדיום. לעמאָשל:

2. ער איז פֿאַרקראָכן טיף אין וואַלד, ניט וויסנדיק דעם וועג.

דאָ, אין דער צווייטער פֿראַזע, איז „וויסנדיק" אַ גערונדיום, און דערפֿאַר איז פֿאַרן „ניט", וואָס ציט זיך ניט צום פֿריערדיקן טעקסט נאָר צום ווײַטערדיקן, פֿאַראַן אַ קאָמע, און אין דער ערשטער פֿראַזע איז קיין קאָמע ניטאָ.

פֿאַרגלײַכט דידאָזיקע צוויי ווערטער „וויסנדיק" און פּרובירט געפֿינען דעם אונטערשייד צווישן זיי.

[צי קאָן מען שרײַבן אין ביידע פֿראַזעס אָנשטאָט „וויסנדיק" אַן אינפֿיניטיוו „וויסן"?]

**199.** קוקט זיך צו צו די ווײַטערדיקע באַהעפֿטן.

1. ווען איך בין געגאַנגען אַהיים, בין איך געפֿאַלן.
2. ווען איך בין געגאַנגען אַהיים פֿון דער אַרבעט, בין איך געפֿאַלן.

אין דער ערשטער פֿראַזע ענדיקט זיך דער ערשטער באַהעפֿט מיטן וואָרט „אַהיים". אין דער צווייטער פֿראַזע איז עס דאָס לעצטע וואָרט פֿונעם ערשטן באַהעפֿט ניט „אַהיים" נאָר „אַרבעט". דעריבער איז אין דער ערשטער פֿראַזע די קאָמע (צווישן באַהעפֿטן) נאָך „אַהיים", און אין דער צווייטער — נאָך „אַרבעט".

דאָסזעלבע וועט אויך זײַן אין די ווײַטערדיקע גערונדיום-באַהעפטן:

1. גייענדיק אהיים, בין איך געפאלן.
2. גייענדיק אהיים פון דער ארבעט, בין איך געפאלן.

אויך דאָ איז די קאָמע אין דער ערשטער פראזע נאָך „אהיים", און אין דער צווייטער — נאָך „ארבעט".

| |
|---|
| א גערונדיום און די ווערטער, וואָס בינדן זיך מיט אים, טיילט מען אָפּ פונעם איבעריקן טעקסט מיט א קאָמע. |

**200.** קוקט זיך צו צו די ווײַטערדיקע באהעפטן.

1. **הערנדיק דידאָזיקע ווערטער,** בין איך פארצאפלט געוואָרן.
2. איך בין פארצאפלט געוואָרן, **הערנדיק דידאָזיקע ווערטער.**
3. איך בין, **הערנדיק דידאָזיקע ווערטער,** פארצאפלט געוואָרן.

אלע דרײַ פראזעס זײַנען דאָ צונויפגעזעצטע. אין יעדער פראזע איז דאָ פאראן א געווײנלעכער געשלאָסענער באהעפט און א גערונדיאַלער באהעפט. אין דער ערשטער פראזע איז פריִער דער גערונדיאַלער באהעפט און נאָכדעם דער געווײנלעכער. אין דער צווייטער פראזע איז דער גערונדיום-באהעפט שוין נאָך דעם געווײנלעכן. און אין דער דריטער פראזע איז דער גערונדיאַלער באהעפט ניט פאר און ניט נאָך נאָר אין דעם צווייטן באהעפט גופא.

אין די ערשטע צוויי פראזעס האָבן מיר צו איין קאָמע, ווײַל עס גייט א באַהעפט נאָך א באהעפט. אין דער דריטער פראזע, ווו א באהעפט קומט צווישן א צווייטן באהעפט, האָבן מיר שוין נאטירלעך צוויי קאָמעס, וואָס טיילן אויס דעם אינווייניקסטן באהעפט (דעם גערונדיאַלן) פונעם איבעריקן טעקסט.

עס טרעפן אויך פראזעס מיט עטלעכע גערונדיום-באהעפטן. לעמאָשל:

און ארויסזאָגנדיק דעמדאָזיקן גרויסן געדאנק, האָט ער, פאַרשלאָגנדיק עטלעכע פלענער, פארענדיקט זײַן רעדע. (א. רייזען)

**201.** קוקט זיך צו צום „און" און צו די קאָמעס אין די ווײַטערדיקע פראזעס.

1. פלוצעם האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און, נישט אופהייבנדיק דעם אראָפּגעלאָזטן קאָפּ, געפרעגט. (בערגעלסאָן)
2. זי איז צוגעגאנגען, און צובײַסנדיק די אונטערשטע ליפּ, האָט זי אים באלד גענומען שנעלן אין נאָז. (בערג.)

איןביידע פראזעס האָבן מיר גערונדיומס, וואָס קומען צווישן ווערטער פון אן אנדער באהעפט.

אין דער ערשטער פראזע איז די קאָמע נ א כ ן „און", ווײַל דער „און" בינדט זיך ניט מיטן גערונדיום נאָר מיטן פארטיציפּ „געפרעגט".

אין דער צווייטער פראזע בינדט זיך שוין דער „און" מיטן גערונדיום, דעריבער איז די קאָמע פ א ר ן „און".

לייענט דורך דאָס ווײַטערדיקע און קוקט זיך צו צו אלע קאָמעס.

שוועך איז שוין געווען אַן עק דערגיין, צי, פאָרנדיק אין קרײַז-שטאָט, האָט מירל געוווּסט, אז זי וועט זיך דאָרט מיט אים טרעפן, צי דאָס טרעפן זיך איז שוין א צופעליקע און אומגעריכטע זאך אפילע פאר גיטעלען מיטן קאסיר געווען. (בערגעלסאָן)

פארוואָס מע דארף דאָ אזא צאָל קאָמעס און אין אזעלכע ערטער. — איז אײַך קלאָר?

**202.** אמאָל שטעלט מען אוועק דעם גערונדיום-באהעפט אין אזא אָרט, וואָס עס מאכט שווערער פארשטיין דעם טעקסט. לעמאָשל:

1. דער צענטראלער קאָמיסאריאט פאר ייִדישע נאציאָנאלע איניאָנים האָט, באקענענדיק זיך מיט דער ארבעט און טעטיקײט פון דער צענטראל-ביוראָ פון די ייִדישע קעהילעס און אויך מיט דער טעטיקײט פון די קעהילעס גופע, אויסגעפונען.... * (ש. אגורסקי)

דאָ איז זייער א גרויסער גערונדיום-באהעפט. דער שרײַבער האָט אים אוועקגעשטעלט צווישן דעם הילפּפערזאָניקן ווערב „האָט" און דעם פּארטיציפּ „געפונען" פון א צווייטן באהעפט. דאָס הייסט, ער האָט זייער דערווײַטערט איין טייל פּרעדיקאט פונעם צווייטן, און דאָס פארשווערט אביסל אופנעמען דעמדאָזיקן טעקסט. דעריבער וואָלט בעסער געווען, ווען מע שרײַבט דעם פריערדיקן טעקסט אין אזא סיידער:

2. באקענענדיק זיך מיט דער ארבעט און טעטיקײט פון דער צענטראל-ביוראָ פון די ייִדישע קעהילעס און אויך מיט דער טעטיקײט פון די קעהילעס גופע, **האָט דער צענטראלער קאָמיסאריאט פאר ייִדישע נאציאָנאלע איניאָנים אויסגעפונען....**

דאָ איז שוין דער פּארטיציפּ אסאך נעענטער צום הילפּפערזאָניקן ווערב, דאָ איז אויך דער פּרעדיקאט נעענטער צום סוביעקט, און דאָס מאכט דעמדאָזיקן טעקסט מער פארשטאנדיק.

אויב מע וויל שוין, ווי עס האָט עפּשער געוואָלט א ג ו ר ס ק י, אז אָנהייבן זאָל זיך דערדאָזיקער טעקסט מיטן סוביעקט, קאָן מען דאַן מאכן אזא ווערטער-סיידער:

3. **דער צענטראלער קאָמיסאריאט פאר נאציאָנאלע איניאָנים,** באקענענדיק זיך מיט דער ארבעט און טעטיקײט פון דער צענטראל-ביוראָ פון די ייִדישע קעהילעס און אויך מיט דער טעטיקײט פון די קעהילעס גופע, **האָט אויסגעפונען....**

**203.** דער גערונדיום, ווי מיר האָבן געזען אין די ערשטע בײַשפּילן פונעם דאָזיקן לימעד, איז א גאנץ באקוועמע פאָרם, ווײַל זי פארשפּאָרט שפּראך-ענערגיע: אָנשטאָט א בינדוואָרט, א סוביעקט און א פּרעדיקאט קומט בלויז איין וואָרט.

* דער איבעריקער טעקסט איז פאר אונדז דאָ ניט וויכטיק. דעריבער רײַסן מיר איבער די פּראזע אלס א סימען, אז דעם איבערײַס מאכן מיר און ניט א ג ו ר ס ק י, שטייט דאָ א פּירפּינטל און ניט קיין דרײַפּינטל.

אָבער עס זײַנען פאראן פאלן, ווען א גערונדיום פארשפּאָרט גאָרנישט. לעמאָשל
1. דער כ. קאלינין, ארויסגייענדיק פון וואגאָן, איז באגעגנט געוואָרן דורך פּאָרשטייער פון אויספּירקאָם און גובקאָם.

דאָ פאָרשפּאָרט דער גערונדיום גאָרנישט; אָנעם גערונדיום וואָלט נאָך געווען די פראזע אביסעלע קירצער און פּאָשעטער.

2. ווען דער כ. קאלינין איז ארויס פון וואגאָן, האָבן אים באגעגנט פּאָרשטייער פון אויספּירקאָם און גובקאָם.

דעריבער איז אין אזוינע פאלן גלײַכער אויסצוקומען אָנעם גערונדיום.

ביכלאל דארף מען זיך ניט שטענדיק יאָגן נאָכן גערונדיום, ווײַל ניט אלעמאָל איז ער צוגעפּאסט*.

## אופגאבע 26

I. שטרײַכט אונטער אלע ווײַטערדיקע גערונדיומס און שטעלט אינעם ווײַטערדיקן טעקסט אלע גייטיקע אָפּשטעלצייכנס.

די פּארטיי טאָר ניט זײַן אין עק פון די מאסן זי דארף גיין פונפאָרנט באלײַכטנדיק זיי דעם וועג ניט אופהערנדיק אָנצוווײַזן דעם ענדציל קעמפנדיק אקעגן די טאָעסן פון דער מאסע הייבנדיק די אָפּגעשטאנענע. (עסטער)

II. שרײַבט אָן אלע ווײַטערדיקע פראזעס מיט א גערונדיום-באהעפט.

1) ווען איך האָב דערהערט די דאָזיקע ווערטער, בין איך פארצאפּלט געוואָרן.
2) ווען ער האָט גע־שיפּט דאָ אפן טײַכל, איז ער שיר ניט דערטרונקען געוואָרן.
3) אז זי איז געקומען אהיים, האָט זי זיך גלײַך גענומען פארן שרײַבן.
4) ווען ער האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ, האָט ער בייז א קוק געטאָן אף מיר.
5) ערשט ווען זיי זײַנען צוגעפאָרן האָבן זיי דערזען זייער גרויס אומגליק.

לעמאָשל: דערהערנדיק די דאָזיקע ווערטער, בין איך פארצאפּלט געוואָרן.
(ניט פארגעסט צו שטעלן נאָכן גערונדיום-באהעפט די קאָמע).

---

* [אינטערעסאנטע פאקטן, וויאזוי ש אָ ל ע ם-א ל יי כ ע ם האָט זיך באמיט אויסצומײַדן דעם גערונדיום, ברענגט דער כ׳ א ו י ס ל ע נ ד ע ר (די ײִדישע שפראך״, נומ. 2, 1927. קיעוו).

שאָלעם-אלייכעם האָט אין 1903 יאָר פאריכט זײַן ראָמאן „סטעמפּעניו״, וואָס איז לעכאטכילע דערשינען אין 1888 יאָר. און אָט וואָס שאָלעם-אלייכעם האָט געטאָן מיטן גערונדיום:

„ס ט ע מ פּ ע נ י ו״

| פון 1888 יאָר. | פון 1903 יאָר. |
| --- | --- |
| 1. „האָט מוישע-מענדל גענומען שאצ די קאָרעלן און, ב א ט ר א כ ט נ ד י ק זיי בא ראָכעלען אפן שיינעם ווײַסן האלדז, האָט ער געטראָפן...״. | 1. „האָט מוישע-מענדל גענומען שאצן די קאָרעלן בא ראָכעלען אפן שיינעם ווײַסן האלדז און האָט געטראָפן...״. |
| 2. „די אלע... האָבן זיך שטארק פארוווּנדערט, ק ו ק נ ד י ק אף זײַן בלאס פּאָנעם מיט זײַן אָפּגעלאָזטקײַט״... | 2. „די אלע... האָבן זיך שטארק פארוווּנדערט אף זײַן בלאס פּאָנעם מיט זײַן אָפּגעלאָזטקײַט...״. |

פון די בײַשפּילן זעען מיר, ווי באקוועמער און גרינגער עס זײַנען די מוסטערן פונ־לינקס, אָן דעם גערונדיום, לעגאבע די רעכטע גערונדיום-באהעפטן.

דאָס באווײַזט, אז ש אָ ל ע ם - א ל יי כ ע ם האָט געהאלטן, אז ווו עס לאָזט זיך, דארף מען אויסקומען אָנעם גערונדיום. און אז שאָלעם-אלייכעם האָט דאָ ריכטיק געהאנדלט,—איז דאָך איבעריק צו דערווײַזן.]

III. טײלט אָפּ מיט דער קאָמע די װײַטערדיקע גערונדיװם-באַהעפטן.

1) איך שװײַג ניט װיסנדיק װאָס צו זאָגן.
2) ער איז אײנמאָל שיר ניט דערטרונקען געװאָרן שיפנדיק דאָ אפן טײַכל.
3) זײ האָבן דורכגײענדיק דאָס צימער צו קײנעם אפילע קײן װאָרט נישט אױסגערעדט.
4) דעמאָלט יאָגט מען די פלעקלעך מיט אַן אימפּעט אין דער געלעכערטער זױל אַרײַן צוטאַנצנדיק מיטן העמערל.
5) עס װערט אים גרינגער אפן האַרצן מײנענדיק אַז ער האָלט שױן מיט אים אַף אַ שטיקל װעג.

IV. שטעלט איבער די גערונדיװם-באַהעפטן אין אַלע פריערדיקע פראַזעס, זײ זאָלן קומען, דידאָזיקע באַהעפטן, ניט דאָרטן, װו זײ שטײען איצט, נאָר אין אַנדערע ערטער.

קוקט זיך צו צו אַלע ענדערונגען, װאָס קומען דאָ פאָר באַם איבערשטעלן. פאַרגלײַכט עס מיטן איבערשטעלן באַהעפטן ביכלאַל.

װאָס קומט פאָר באַם איבערשטעלן דעם גערונדיװם-באַהעפט אין דער פינפטער פראַזע? פאַרװאָס?

V. שטעלט די קאָמע צװישן אַלע װײַטערדיקע באַהעפטן. נעמט נאָר ניט אָן פאַר קײן גערונדיװם אַזױנע װערטער, װאָס זעען נאָר אױס װי אַ גערונדיװם אָבער זײַנען עס ניט.

1) אַז ער האָט אױפגעעפנט די אױגן האָט ער ליגנדיק אין װאָגן זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעװײנט. 2) אַז ער האָט אױפגעעפנט די אױגן האָט ער זיך געפונען ליגנדיק אין װאָגן. 3) איך בין צום טײַך געקומען טרינקען רו און אָפּגעבן זיך שמײכלענדיק דעם װינטער. 4) די פאַרעלטערטע פאָרם פונעם ספּעקטאַקל האָט אָפּשװאַכנדיק דעם אינטערעס װײניק אױכגענומען באַם עולם. 5) די פרימיטיװע (אײנפאַכע) און פאַרעלטערטע פאָרם האָט אָפּשװאַכנדיק געװירקט אױך אפן פאַרנעם פונעם אינהאַלט. 6) איז אַנטקעגן איר רײַטנדיק אַף אַ װײַס פערד אַרױס דער כאָלדאַט. 7) אַ גאַנצן טאָג האָלט ער אין אײן אַרומפאָרן רײַטנדיק. 8) איך האָב אים אַמאָל געהערט רײדנדיס. 9) ער איז שטאַרק הײזעריק געװאָרן רײדנדיק אַ גאַנצן טאָג. 10) ער האָט אַלץ מיטגענומען אװעקפאָרנדיק פון דער הײם.

## 27. גערונדיװם־באַהעפטן

**204.** פאַרגלײַכט די װײַטערדיקע פראַזעס.

1. װען **ער** איז געקומען פון דער אַרבעט, האָט **ער** זיך גענומען פאַרן באַריכט.
2. װען **זי** איז געקומען פון דער אַרבעט, האָט זי זיך גענומען פאַרן באַריכט.
3. װען **זי** איז געקומען פון דער אַרבעט, האָט **ער** זיך גענומען פאַרן באַריכט.

לאָמיר איצט פּרובירן אָנשרײַבן דידאָזיקע דרײַ פראַזעס מיט אַ גערונדיװם-פאָרם:

1. קומענדיק פון דער אַרבעט, האָט ער זיך גענומען פאַרן באַריכט.

2. „ „ „ „ האָט זי „ „ „ „ „

3. ?

אין די ערשטע צוויי פראזעס איז זייער לײַכט צו פארוואנדלען די ערשטע באַ-העפטן אין א גערונדיום-פאָרם. אָבער מיט דער דריטער פראזע איז שוין גאָר עפּעס אנדערש. לאָמיר זען:

3א. קומענדיק פון דער אַרבעט, האָט ער זיך גענומען פארן באריכט.

3ב. „ „ „ „ „ זי „ „ „ „

די פראזע 3א גיט ניט ריכטיק איבער דעם אינהאלט פון דער פראזע 3: לויט דער פראזע 3 האָט ער זיך גענומען..., ווען זי איז געקומען, און אין דער פראזע 3א באקומט זיך, אז ער האָט זיך גענומען..., ווען ער איז געקומען.

אויך די פראזע 3ב גיט ניט ריכטיק איבער דעם אינהאלט פון דער פראזע 3, ווארעם ניט „זי האָט זיך גענומען פארן באריכט" נאָר ער.

פונדאנען איז געדרונגען, אז די דריטע פראזע קאָן ניט קומען מיט א גערונ-דיום-באהעפט.

דעריבער קאָנען מיר מאכן אן אויספיר, אז עס זײַנען דאָ אזוינע צונויפגעזעצטע פראזעס, וואָס קאָנען קומען מיט גערונדיום-באהעפטן (1-טע און 2-טע פראזע), און אזוינע, וואָס קאָנען ניט האָבן קיין גערונדיום-באהעפט (3-טע פראזע).

לאָמיר איצט פּרובירן דערגיין, וועלכע פראזעס קאָנען דאָס האָבן גערונדיום-באהעפטן, און וועלכע—ניט.

**205.** לאָמיר זיך ווידער נעמען פאר די פריערדיקע דרײַ מוסטער-פראזעס.

די אַלע דרײַ פראזעס זײַנען צונויפגעזעצטע. יעדע פראזע באשטייט פון צוויי באהעפטן. יעדער באהעפט איז דאָ א געשלאָסענער און האָט א סוביעקט.

דער אונטערשייד פון די דרײַ פראזעס באשטייט אין פאָלגנדיקעס:

אין די ערשטע צוויי פראזעס זײַנען די סוביעקטן פון ביידע באהעפטן אין יעדער פראזע פּאַקטיש איינס און דאָסזעלבע. אז מיר ווילן, קאָנען מיר פון די ערשטע צוויי פראזעס מאכן ניט קיין צונויפגעזעצטע נאָר צוויי איינפאכע. לעמאָשל:

1. ער איז געקומען פון דער ארבעט און האָט זיך גענומען פארן באריכט.

2. זי איז געקומען פון דער ארבעט און האָט זיך גענומען פארן באריכט.

אָבער פון דער דריטער צונויפגעזעצטער פראזע מאכן אן איינפאכע קאָן מען ניט, ווײַל די צוויי סוביעקטן פון ביידע באהעפטן זײַנען גאָר פארשיידענע פער-זאָנען: געקומען פון דער ארבעט איז זי, און פארן באריכט גענומען זיך האָט ער.

פונדאנען איז געדרונגען, אז מיט א גערונדיום-באהעפט קאָן א פראזע קומען דאן, ווען די פערזאָניקע ווערבן פון אירע באהעפטן ציִען זיך צו איין און דערזעלבער פערזאָן אָדער צו איין און דעמזעלבן געגנשטאנד.

**206.** קוקט זיך צו צו די ווײַטערדיקע באהעפטן.

1. אז דער ברודער איז אוועקגעפאָרן, האָט ער אלץ מיטגענומען.

2. אז די שוועסטער איז אוועקגעפאָרן, האָט זי אלץ מיטגענומען.

דאָ האָבן מיר אין יעדער פראזע צוויי באהעפטן.

אין דעם ערשטן באהעפט פון דער ערשטער פראזע איז דער סוביעקט „ברודער“. אין דעם צווייטן באהעפט איז דער סוביעקט „ער“.

אין דעם ערשטן באהעפט פון דער צווייטער פראזע איז דער סוביעקט „שוועסטער“, אין דעם צווייטן באהעפט איז דער סוביעקט „זי“.

פון גראמאטישן שטאנדפונקט זיינען די סוביעקטן פון יעדער פראזע פארשיידענע. זיי וואָלטן אויך געווען פארשיידענע, ווען אפילו אין דער ערשטער פראזע זאָל זיין צוויי מאָל „ער“, אָדער אין דער צווייטער פראזע — צוויי מאָל „זי“ (זעט זייט 126).

אָבער פאקטיש באצייכענען די ווערטער „ברודער“ און „ער“ אין דער ערשטער פראזע איין און דיזעלבע פערזאָן, און איין און דיזעלבע פערזאָן באצייכענען אויך די ווערטער „שוועסטער“ און „זי“ פון דער צווייטער פראזע.

דעריבער קאָן מען דידאָזיקע צוויי פראזעס ברענגען אויך מיט א גערונדיום-פאָרם. לעמאָשל:

1. אוועקפאָרנדיק, האָט ער אלץ מיטגענומען.

2. אוועקפאָרנדיק, האָט זי אלץ מיטגענומען.

[ווען מע האָט צו טאָן מיט אזוינע באהעפטן ווי דידאָזיקע, איז גלייכער צו שרייבן די פראזע מיטן גערונדיום-באהעפט אזוי:

1. אוועקפאָרנדיק, האָט דער ברודער אלץ מיטגענומען.

2. אוועקפאָרנדיק, האָט די שוועסטער אלץ מיטגענומען].

אָבער ס'איז לאַכלוטן אומעגלעך צו ברענגען מיט א גערונדיום-באהעפט די ווייטערדיקע פראזע.

ווען ער איז ארייַנגעגאנגען אין קלוב, האָט שוין דער אוילעם זיך גענומען פאנאנדערגיין.

דאָ זיינען ניט נאָר גראמאטיש נאָר אויך פאקטיש פארשיידענע סוביעקטן אין די צוויי באהעפטן, דעריבער קאָן דאָ קיין רייד ניט זיין וועגן א גערונדיום-פאָרם.

**207.** מע דארף ניט מיינען, אז אויב די סוביעקטן פון א צונויפגעזעצטער פראזע באצייכענען פאקטיש איין און דיזעלבע פערזאָן, — דאן קאָן שוין אומבאדינגט אזא פראזע קומען מיט א גערונדיום-פאָרם. לעמאָשל:

זינט איר לעבט, האָט איר נאָך אזא גאָרטן ניט געזען.

ברענגען דאָ אָנשטאָט דעם ערשטן באהעפט א גערונדיאַלן קאָן מען ניט, כאָטש די סוביעקטן פון ביידע באהעפטן באצייכענען פאקטיש איינס און דאָסזעלבע.

און עס טרעפט אמאָל אויך פאַרקערט: מע באַנוצט אַ גערונדיום-באַהעפט אין אַזאַ פאַל. לעמאָשל:

קומענדיק אפן פאַרם (פערמע), איז שוין געווען אַזייגער פינף. (א. רייזען)

ביידע באַהעפטן זײַנען דאָ אָן סוביעקטן. אלפּי סייכל פאַרשטייען מיר, אַז דער ערשטער באַהעפט, דער גערונדיאַלער, רעדט וועגן אַ מענטשן; דער צווייטער באַהעפט דערציילט וועגן דער צײַט. אַזוי אַז עס קאָן קיין רייד ניט זײַן וועגן איין און דעמזעלבן פאַקטישן טוער אין ביידע באַהעפטן. פונדעסטוועגן ברענגט דאָ רייזען אַ גערונדיום-באַהעפט.

[אונדז דוכט, אַז דידאַקטיקע פראַזע רייזענס איז טאַקע צוליבן גערונדיום ניט גאָר איבעריקס גוט, און גלײַכער איז, ווען מע שרײַבט אין אַזאַ פאַל אָנעם גערונדיום: ווען איך בין (מיר זײַנען) געקומען אפן פאַרם, איז שוין...]

**208.** מיט אַ גערונדיום קומען אמאָל אויך אַזוינע פראַזעס ווי פאָלגנדיקע:

1. פאָרנדיק אַזוי, פליט מיר דורך אין קאָפּ גאָר אַ נײַע מאַכשאָווע. (שאָלעם-אַלייכעם)

2. פאָרנדיק קיין ראַדאָוויל, האָט זיך אָורוצקין מינוטנווײַז געדאַכט, אַז ער שלעפּט אָף זיך איבעריקן פּאַכעד און מאָרעשכוירע. (אָרלאַנד)

אויך דידאַקטיקע פראַזעס זײַנען ניט אַזוי געבויט ווי גאָר די ערשטע פונעם דאָזיקן לימעד, אָבער דאָ איז שוין אויך ניט אַזוי ווי אין רייזענס פראַזע. בײַ רייזענען איז גאָר ניט אָנגערופן קיין פּערזאָן (אָדער געגנשטאַנד), וואָס זאָל זײַן דער פאַקטישער (ניט גראַמאַטישער) טוער פונעם גערונדיום; דאָ, צי בײַ שאָלעם-אַלייכעמען, צי בײַ אָרלאַנדן, איז דער פאַקטישער טוער אָנגערופן, נאָר ער איז ניט קיין סוביעקט: בײַ שאָלעם-אַלייכעמען — „מיר", בײַ אָרלאַנדן — „אָורוצקין".

שאָלעם-אַלייכעמס און אָרלאַנדס פראַזעס וואָלטן גראַמאַטיש געווען אַלציינס ווי די פריערדיקע מיטן „ברודער" און „שוועסטער", ווען מע זאָל זיי בויען אַזוי:

1. פאָרנדיק אַזוי, טראַכט איך זיך וועגן גאָר אַ נײַעם געדאַנק *

2. פאָרנדיק קיין ראַדאָוויל, האָט אָורוצקי מינוטווײַז געקלערט (זיך פאָרגעשטעלט), אַז ער שלעפּט אָף זיך...

אויב אָבער שאָלעם-אַלייכעמס און אָרלאַנדס פראַזעס זײַנען פאַרשטאַנדיק און זײַנען דעריבער געזעצלעך, דאַרף מען אָבער אויסמײַדן אַזוינע פראַזעס ווי די ווײַטערדיקע.

זײַענדיק פון דער נאַטור אַ גריך, איז זײַן צימער פול מיט פּלאַסטישער קונסט. (א. רייזען)

---

*) אונדז אינטערעסירט דאָ נאָר די גראַמאַטישע סטרוקטור, ניט דער אינהאַלט פון דער פראַזע. דעריבער מעגן מיר זיך ניט איבערצוגעבן פּינקטלעך דעם אינהאַלט מיט דיזעלבע ווערטער ווי בײַ שאָלעם-אַלייכעמען. אויסערדעם, עס איז אויך ניט לײַכט צו טאָן.

אונדז דוכט, אז אין אזא פאל מאכט דער גערונדיום-באהעפט די פראזע שווערע
צום פארשטיין, און ס'איז גלײַכער צו שרײַבן אָנעם גערונדיום:
ווײַל ער איז פון דער נאטור א גריך, איז זײַן צימער...

**209.** לייענט דורך אופמערקזאם די ווײַטערדיקע פראזעס און מאכט זיך קלאָ
ווער איז דער פאקטישער טוער פון אלע ווײַטערדיקע גערונדיומס.

1. יעדעס מאָל, וואָס מירל האָט זיך אין צווייטן עק כיידער מיטן געהילף פראָוויזער סאפיאנען, פארנומען, האָט זי זיך דאָ, אפן בעט זיצנדיק, מי איר גאנצן היפשן קערפּער נעענטער צו ליפּקיסן צוגערוקט און, קוקנדי צו דער וואנט, אים היינטן-ארום מיט אן עלנבויגן אין דער זײַט געקלאפּ
(בערגעלסאָן)

2. דער ליגנערישער גאנג פון דער בורזשואזיע באשטייט דערין, וואָס ני געבנדיק די ראטן קיין מאכט, סאבאָטירנדיק יעדן ערנסטן טריט זייערן אײַנהאלטנדיק די רעגירונג אין די אייגענע הענט, אײַנהאלטנדיק די מאכ איבער דער ערד און איבער די בענק, לייגט זי ארוף די שולד פאר דע צעשטערונג אף די ראטן. (לענין)

פרובירט אָנשרײַבן דידאָזיקע פראזעס ניט מיט גערונדיאַלע באהעפטן נאָר מי
געוויינלעכע געשלאָסענע. זעט, עס זאָל זײַן א פאסנדיקער ווערטער- און באהעפטן
סיידער. לייגט אכט אף די אָפּשטעלצייכנס און אף די בינדווערטער.

אף וויפל אונטערשיידן זיך אײַערע נײַ-געבילדעטע פראזעס פון בערגעל
סאָנס און לענינס: אין דער צאָל ווערטער, אין דער פינקטלעכקײַט, אין דע
אויסדריקלעכקײַט און אין דער צוועקמעסיקײַט.

פארגלײַכט די צוויי ווײַטערדיקע פראזעס.

מיטן גערונדיום

די גרופע פארורטיילט די סטודענטן, וועלכע, באהאלטנדיק זיך אונטער א שלייער פון קלוימערשטער „אקאדעמי-שער אומפעיִקײַט", נעמען אָן מיטלען אף צו פארלאָזן דעם אוניווערסיטעט.

אָנעם גערונדיום

די גרופע פארורטיילט די סטודענטן וועלכע באהאלטן זיך אונטער א שלייע פון קלוימערשטער „אקאדעמישער אומ פעיִקײַט" און נעמען אָן מיטלען אף צו פארלאָזן דעם אוניווערסיטעט.

פארגלײַכט די צאָל אקטן, טוונגען אין ביידע פראזעס.
פארגלײַכט אין ביידע פראזעס די צאָל קאָמעס.
אין וואָסער פאל איז בעסער די רעכטע פראזע, און ווען איז גלײַכער צו ברענ
גען די לינקע?

**210.** קוקט זיך צו צו די ווײַטערדיקע פראזעס.

1. קומענדיק פון דער ארבעט, האָט ער גענומען שרײַבן.
2. קומענדיק פון דער ארבעט.

לויט דער אינטאָנאציע זײַנען ביידע פראזעס דערציילעריש: ביידע רעד
מען ארויס מיט א רויִקער פארענדיקטער אינטאָנאציע. אָבער לויטן אינהאלט אי

ארענדיקט בלויז די ערשטע פראזע. די צווייטע פראזע איז אָן אן עק: וואָס ווער ט האָט געטאָן, „קומענדיק פון דער ארבעט", — דאָס איז ניט באוווסט.

פארענדיקט וואָלט די צווייטע פראזע געווען אין אזא פאל:

— ווען האָט ער גענומען שרייַבן?

— קומענדיק פון דער ארבעט.

דאָ איז עס שוין אן ענטפער אף א פראגע, דעריבער ווערט עס קלאָר.

פונדאנען איז געדרונגען, אז דער גערונדיום-באהעפט קאָן קומען אליין אין א ראזע נאָר אלס ענטפער אף א פראגע; אין אנדערע פאלן מוז ער קומען מיט נאָך באהעפט. דערבייַ דארף מען האָבן, אז דער צווייטער באהעפט זאָל לויט זייַן ינהאלט זייַן א פארענדיקטער. לעמאָשל:

דערוויסנדיק זיך, אז די פּאָליציי האָט ארומגערינגלט די געבייַדע פונעם צענטראל-קאָמיטעט, האָבן די ארבעטער זיך אהין א לאָז געטאָן.

נאָך „צענטראל-קאָמיטעט" קאָן מען זיך דאָ ניט אָפּשטעלן, דער געדאנק איז ניט ארענדיקט. פארענדיקט ווערט דידאָזיקע פראזע נאָר אדאנק דעם לעצטן באהעפט.

דאָסזעלבע איז אויך מיטן ווייַטערדיקן.

1. אָנעמענדיק א רעזאָליוציע.
2. אָנעמענדיק א רעזאָליוציע, וואָס עס האָט פאָרגעשלאָגן דאָס קעמערל...
3. אָנעמענדיק א רעזאָליוציע, וואָס עס האָט פאָרגעשלאָגן דאָס קעמערל, און וואָס עס האָבן פריִער באטראכט אלע קרייַזן...

אומעטום, אין אלע דרייַ פאלן, האָבן מיר דאָ ניט קיין פארענדיקטן אינהאלט. עריבער מוז דאָ אין אלע דרייַ טעקסטן קומען נאָך א באהעפט, וואָס זאָל זיי פאר-נדיקן. לעמאָשל:

4 ..., האָט מען זיך פארפליכטעט זי אויסצופילן.

דערדאָזיקער טעקסט 4 מאכט פארענדיקט אלע פריִערדיקע דרייַ.

**211.** ניט פארענדיקט לויטן אינהאלט קאָן אמאָל זייַן א פראזע אויך אָנעם ערונדיום. לעמאָשל:

1. ווען מע האָט אָנגענומען א רעזאָליוציע...
2. ווען מע האָט אָנגענומען א רעזאָליוציע, וואָס עס האָט פאָרגעשלאָגן דאָס קעמערל...
3. ווען מע האָט אָנגענומען א רעזאָליוציע, וואָס עס האָט פאָרגעשלאָגן דאָס קעמערל, און וואָס עס האָבן פריִער באטראכט אלע קרייַזן...

סייַ די ערשטע אייַנפאכע פראזע און סייַ די צווייטע און דריטע צונויפגעזעצטע ראזעס זייַנען ניט קיין פארענדיקטע לויטן אינהאלט*. פארענדיקט וואָלטן זיי געוואָרן, ווען מע זאָל צושטעלן צו יעדן פריִערדיקן טעקסט נאָך אזא באהעפט. עמאָשל:

..., האָט זיך די פארזאמלונג געענדיקט.

* לויט דער אינטאָנאציע קאָנען דידאָזיקע פראזעס זייַן אי פארענדיקט, אי ניט. נאטירלעך דארף מען טרעבן, אז די אינטאָנאציע און דער אינהאלט פון א פראזע זאָלן אין זייער פארענדיקטקייט צונויפפאלן.

אָדער פאַרענדיקט וואָלטן די פריערדיקע דריי טעקסטן געווען, ווען מע זאָל אומעטום פאַרמעקן דאָס בינדוואָרט „ווען".

לייענט דורך אופמערקזאַם די וויטערדיקע פראַזע.

כ. אַלסקי, געבנדיק אַ בילד פון די געשעעניש, וואָס קומען איצטער פאָר אין דער וועלט, און אָנווייזנדיק, ווי די אינטערנאַציאָנאַלע אימפּעריאַליסטישע בורזשואַזיע האָט זיך אָרגאַניזירט אין דער אַזוי גערופענער „פעלקער-ליגע" קעדיי נאָך בעסער צו גרופּירן אַרום זיך די רוסלענדישע בורזשואַזיע און די קאָנטער-רעוואָליוציאָנערע עלעמענטן, אַז גראָד באַ אַזאַ סיטואַציע איז נאָך מער נייטיק, עס זאָל באַ אונדז זיין אַן איינהייטלעכע מעכטיקע אַרמיי פון אַלע קאָמוניסטישע עלעמענטן, אַן אינטערנאַציאָנאַלע פּאַרטייישע אָרגאַניזאַציע.

וואָסערע כעסרוינעס געפינט איר אין דערדאָזיקער פראַזע? וואָס איז איר הויפּט-כעסאָרן? וואָס דאַרף מען טאָן קעדיי אויסצומיידן די כעסרוינעס, וואָס איר ווייזט אָן?

## אופגאַבע 27

I. מאַכט פון אַלע וויטערדיקע פראַזעס צונויפגעזעצטע אָן אַ גערונדיום.

1) איבערקומענדיק די בערגלעך, וועט איר גיין גלייך.
2) נאָכקרימענדיק מיך שטאַרק, כאַפּט ער אין אימפּעט פונעם טיש אַ שער.
3) שטייענדיק לעבן איר, האָט דער קאַסיר געהאַט אַ שטאַרק פאַרקנייטשטן שטערן.
4) ליגנדיק פאַרטראַכט אַזוי אַ היפּשע צייט, הערט בעניאָמין אַ קאָל פון גלעקלעך.
5) דערמאָנענדיק זיך אין העגדעש, איז מיר אַ פּראָסט איבער דעם לייב איבערגעגאַנגען.

לעמאָשל: ווען (אַז) איר וועט איבערקומען די בערגלעך, וועט איר גיי גלייך.

לייגט אַכט אויף די צייט-פאָרמעס: ביידע באַהעפטן פון יעדער פראַזע זאָלן שטימען לויט דער צייט.

ניט פאַרגעסט צו שטעלן צווישן באַהעפטן די קאָמע.

II. מאַכט פון די ערשטע פיר צונויפגעזעצטע פראַזעס איינפאַכע.

לעמאָשל: איר וועט איבערקומען די בערגלעך און גיין גל



III. מאַכט פראַזעס מיט אַ גערונדיום פון די וויטערדיקע, וואָס לאָזן זיך.

1) אַז איך בין געקומען אַהיים, האָב איך שוין די מאַמע ניט געטראָפן.
2) אַז קיינער איז ניטאָ, דראַפּע איך מיך אַרויף אויף אַלע קישנס.
3) אַז די מאַמע איז געקומען אַהיים, האָט זי שוין מיך ניט געטראָפן.
4) ווען די פאַרזאַמלונג וואָלט זיך פאַרצויגן, וואָלט זי אונדז אויסגעמאַטערט.
5) ווען ער האָט געענדיקט ריידן, האָט זיך דער אוילעם אַ לאָז געטאָן צו דער עסטראַדע.

לעמאָשל: קומענדיק אַהיים, האָב איך שוין די מאַמע ניט געטראָפן.

ניט פאַרגעסט צו אָפּטיילן דעם גערונדיום און די ווערטער, וואָס ציען זיך צו אים, מיט אַ קאָמע.

## 28. פּאַרטיציפּישע באַהעפטן און אַנדערע

**212.** פאַרגלײַכט די ווײַטערדיקע פּראַזעס:

1. ווען די קינדער זײַנען געקומען אַהיים, האָבן זיי געטראָפן די גאַנצע מי־שפּאָכע.
2. קומענדיק אַהיים, האָבן די קינדער געטראָפן די גאַנצע מישפּאָכע.
3. געקומען אַהיים, האָבן די קינדער געטראָפן די גאַנצע מישפּאָכע.

(שאָלעם־אַלייכעם)

לויטן אינהאַלט זײַנען אַלע דרײַ פּראַזעס ענלעכע. זיי אונטערשיידן זיך אָבער לויט זייער גראַמאַטישער סטרוקטור.

די ערשטע צוויי פּראַזעס זײַנען אונדז שוין גוט באַקאַנט מיט זייערע באַהעפטן. אַ נײַס איז פאַר אונדז די גראַמאַטישע סטרוקטור פון דער דריטער פּראַזע. פאַר פיל ייִדישע קאַנטן איז אַזאַ סטרוקטור אַ נײַס ניט נאָר אין ביכל; זיי האָבן בכלל פון אַזעלכע פּראַזעס ניט געהערט.

ווען מיר קוקן זיך צו צו דער דריטער פּראַזע, זעען מיר, אַז דער ערשטער באַהעפט איז דאָ געמאַכט אַפן זעלבן אופן ווי דער ערשטער באַהעפט אין דער צווייטער פּראַזע. נאָר אין דער צווייטער פּראַזע איז אַ גערונדיום, און דאָ, אין דער דריטער, איז ניט קיין גערונדיום נאָר אַ פּאַרטיציפּ (לימעד 17).

פאַרגלײַכט דעם פּאַרטיציפּ אין ביידע פאָלגנדיקע פּראַזעס:

1. געקומען אַהיים, זײַנען מיר שוין זייער שפּעט.

2. געקומען אַהיים, זײַנען מיר אַרײַנגעפאַלן אַף אַ יאָנטעוו.



אין דער ערשטער פּראַזע האָבן מיר בלויז איין באַהעפט: דער סוביעקט „מיר“ קומט מיט אַ פּרעדיקאַט „זײַנען געקומען“.

אין דער צווייטער פּראַזע האָבן מיר שוין צוויי באַהעפטן: דער ערשטער באַהעפט איז דאָ „געקומען אַהיים“.

צום צווייטן באַהעפט געהערן די איבעריקע ווערטער. די ווערטער „געקומען אַהיים“ זײַנען אַ באַזונדער באַהעפט, ווײַל זיי בינדן זיך ניט מיט די איבעריקע ווערטער.

מיר וויסן, אַז „געקומען“ איז אַ פּאַרטיציפּ, און אַז אַ פּאַרטיציפּ קומט מיט אַ הילפפערזאָניקן ווערב „האָבן“ אָדער „זײַן“ (און אַמאָל מיט „וועלן“). אָבער דאָ קומט מיטן הילפפערזאָניקן ווערב „זײַנען“ דער פּאַרטיציפּ „אַרײַנגעפאַלן“, „געקומען“ בינדט זיך דאָ ניט מיט „זײַנען“; דאָ האָבן מיר צו טאָן מיטן זעלבן טיפּ פּאַרטיציפּ וואָס אין עם פּרעדיקן בײַשפּיל: אַ פּאַרטיציפּ, וואָס האָט דעמזעלבן אינהאַלט, וואָס עס האָט אַ גערונדיום אָדער אַ געווײַנטלעכער געשלאָסענער באַהעפט.

> אַזאַ פּאַרטיציפּ און די ווערטער, וואָס בינדן זיך מיט אים,
> טיילט מען אָפּ פונעם איבעריקן טעקסט מיט אַ קאָמע.

**213.** א גערונדיום-באהעפט, ווי מיר האָבן עס קלאָר געמאכט אין די פריערדיקע לימודים, קאָן קומען פ א ר, נ א ך און צ ו י ש ן א צווייטן באהעפט. א פארטיציפ-באהעפט קאָן קומען נאָר פ א ר א צווייטן באהעפט.

א גערונדיום-באהעפט זעלבסט באצייכנט ניט קיין צייט-פאָרם; ער באצייכנט דערי־בער דיזעלבע צייט, וואָס דער צווייטער באהעפט. לעמאָשל:

1. קומענדיק אהיים, שרייב איך אָן א מעלדונג.
2. „ „ , האָב איך אָנגעשריבן א מעלדונג.
3. „ „ , וועל איך אָנשרייבן א מעלדונג.

דאָ האָבן מיר דריי צייט-פאָרמעס: געגנוואַרט, פארגאנגענהייט און צוקונפט. דער גערונדיום קאָן קומען מיט א צווייטן באהעפט אין די אלע צייטן, אָבער ער ער אליין באטייט ניט קיין צייט.

דער פארטיציפ-באהעפט באצייכנט שטענדיק פארגאנגענהייט, אפילע דאַן, ווען דער צווייטער באהעפט זאָל באצייכענען געגנוואַרט. לעמאָשל:

1. אויסגעהערט דעם פאָרטראָג, האָט די פארזאמלונג באשלאָסן צו נעמען שעפּטום איבערן ראיאָן.
2. אויסגעהערט דעם פאָרטראָג, באשליסט די פארזאמלונג צו נעמען שעפּטום איבערן ראיאָן.

אין דער ערשטער פראזע איז דער צווייטער באהעפט אין פארגאנגענהייט. אין דער צווייטער פראזע איז ער אין געגנוואַרט. אָבער דער ערשטער באהעפט, דער פארטיציפּישער, רעדט אין ביידע פאלן וועגן א טוּונג אין פארגאנגענהייט.

דערפאַר איז טאקע בעסער ברענגען א פארטיציפּישן באהעפט און ניט קיין גע־רונדיאַלן אין אזא פאל ווי ווייטער:

1. א ו י ס ה ע ר נ ד י ק דעם פאָרטראָג, באשליסט די פארזאמלונג צו נעמען שעפּטום איבערן ראיאָן.
2. א ו י ס ג ע ה ע ר ט דעם פאָרטראָג, באשליסט די פארזאמלונג צו נעמען שעפּטום איבערן ראיאָן.

אין דער ערשטער פראזע איז אינעם ערשטן באהעפט א גערונדיום. דער גערונ־דיום אליין באצייכנט ניט קיין צייט, הייסט עס, אז ביידע טוּונגען קומען פאָר איינ־צייטיק: מע הערט און מע באשליסט. אָבער מיר ווייסן, אז דאָס באשליסן קומט נ א כ ן הערן, דעריבער איז ריכטיקער צו שרייבן ווי אין דער צווייטער פראזע: פריער א ו י ס ג ע ה ע ר ט און איצט ב א ש ל י ס ט מען.

**214.** א פארטיציפּ קאָן קומען, ווי מיר האָבן ערשט געזען, מיט א צווייטן באהעפט, וואָס זאָל זיין אין פארגאנגענהייט אָדער אין געגנוואַרט. דער צווייטער באהעפט זאָל זיין אין צוקונפט, — דאָס איז בא אזא פארטיציפּ ניט שייעך. דאָס קאָן נאָר געמאָלט זיין אין אזא פאל, אויב דער פארטיציפּ זאָל קומען צוזאמען מיט א גערונדיום. לעמאָשל:

ה א ָ ב נ ד י ק א ו ס ג ע ה ע ר ט דעם פאָרטראָג וועט די פארזאמלונג באשליסן...
דאָס איז דאָסזעלבע ווי די סטרוקטור —

ווען די פארזאמלונג וועט האָבן אויסגעהערט דעם פאָרטראָג וועט זי באשליסן... (וועגן אזוינע קאָנסטרוקציעס האָבן מיר גערעדט אף זייט 119).

אין אלע פריערדיקע פראזעס איז דער פארטיציפ גאָר פונאָנהייב. אָבער דאָס איז ניט קיין מוז. ער קאָן קומען, דער פארטיציפ, אויך ניט פונאָנהייב, ווי אויך ניט פונאָנהייב קאָן קומען דער גערונדיום. לעמאָשל:

1. דעם פאָרטראָג אויסהערנדיק, באשליסט די פארזאמלונג...
2. דעם פאָרטראָג אויסגעהערט, באשליסט די פארזאמלונג...

דאָ האָבן מיר א גאנץ געוויינטלעכע דערשיינונג פון איבערשטעלן ווערטער אין זיין און דעמזעלבן באהעפטס גופע.

215. מיט א קאָמע דארף מען אָפטיילן אויך אזוינע באהעפטן ווי פאָלגנדיקע:

1. אויסגעפארבט אין געלער פארב, איז די פאבריק איצט געשטאנען און שטום... צוגעדעקט פאר דער וועלט דעם רויש פון מאשינען. (אבטשוק)
2. דערטרונקען אין זיין גרוסן שעפסענעם פעלץ, פארוויקלט מיט א שאל פונויבן, איז דער דאָקטער סאָפקאָלסאָף ארויסגעקומען פון זיין שטוב.* (בערגעלסאָן)

די באהעפטן, וואָס מיר האָבן דאָ אויסגעטיילט, אונטערשיידן זיך פון די פאָריקע פארטיציפּישע. דאָ זיינען אזוינע באהעפטן, ווו ס'איז אָפּגעשפּאָרט דער גערונדיום „זייענדיק" (זיינענדיק).

פארגלייכט די צוויי ווייטערדיקע פראזעס:

1. דאָס ערשטע מאָל אף דער פאבריק בלאָנדזעט גיטעלע איבער די פינצטערע קאָרידאָרן.
2. דאָס ערשטע מאָל אף דער פאבריק, בלאָנדזעט גיטעלע איבער די פינצטערע קאָרידאָרן. (אבטשוק)

דעם פארשיידענעם אינהאלט פון דידאָזיקע צוויי פראזעס וועלן מיר גיכער דערזען, ווען מיר וועלן זיי איבערבויען אף אזא אויפן:

2. גיטעלע בלאָנדזעט דאָס ערשטע מאָל אף דער פאבריק איבער די פינצטערע קאָרידאָרן.
4. גיטעלע בלאָנדזעט איבער די פינצטערע קאָרידאָרן, ווייל זי איז דאָס ערשטע מאָל אף דער פאבריק.

די צוויי באהעפטן פון דער לעצטער פראזע קאָן מען איבערשטעלן. דאן וועלן מיר האָבן פאָלגנדיקעס:

5. ווייל גיטעלע איז דאָס ערשטע מאָל אף דער פאבריק, דעריבער בלאָנדזעט זי איבער די פינצטערע קאָרידאָרן.

* אין דעם פאל אינטערעסירט אונדז ניט די ערשטע קאָמע נאָר די צווייטע. די ערשטע קאָמע קומט דאָ צווישן גלייכארטיקע ווערטער; אויב נאָך „פלאץ" וועט קומען דער „און", וועט די קאָמע ארויספאלן. אָבער נאָך „פונויבן" קען קיין „און" ניט קומען; דאָס איז א קאָמע ניט צווישן גלייכאָרטיקע ווערטער נאָר צווישן באהעפטן.

דידאַזיקע פראַזע קאָן מען ברענגען אויך מיט א גערונדיום-באהעפט. לעמאָשל
6. זײַענדיק דאָס ערשטע מאָל אױף דער פאבריק, בלאָנדזעט גיטעלע איבער די פינצטערע קאָרידאָרן.

דעמדאָזיקן „זײַענדיק״ שפּאָרט מען אמאָל אָפּ, און דאן האָבן מיר אזא פראזע ווי אבטשוקס, וואָס מיר האָבן פריִער געבראכט (2).

דעריבער האָבן מיר אין דער פראזע 2 נאָך „פאבריק״ א קאָמע, און אין דער פראזע 1 איז קיין קאָמע ניטאָ. אין דער פראזע 2 האָבן מיר צוויי באהעפטן, אין דער פראזע 1 איז עס אלץ איין באהעפט.

דאָס באווײַזט, ווי פּאָרזיכטיק און פּינקטלעך מע דארף זײַן מיט שטעלן די קאָמע (און ביכלאל אָפּשטעל-צייכנס). ווײַל אָן דעם, צי עס שטייט א קאָמע צי ניט קאָן זיך אמאָל וועגדן דער אינהאלט פון א גאנצער פראזע.

**216.** לייענט דורך אופמערקזאם די ווײַטערדיקע פראזע און טראכט זיך ארײַן אין איר סטרוקטור.

1. אראָפּגעוואָרפן די רעקלעך און די אונטערשטע העמדער, פארקאשערט ד הויזן ביז די קני, האָבן די קויל-אָפּגעברענטע ארבעטער זיך געטאָפּטשע די ערשטע טעג אינעם אופגערודערטן שווארצן גרונט (אָרלאנד)

פארגלײַכט דידאָזיקע פראזע מיט די ווײַטערדיקע.

2. אראָפּוואַרפנדיק די רעקלעך און די אונטערשטע העמדער, פארקאשערנ דיק די הויזן ביז די קני, האָבן די קויל-אָפּגעברענטע ארבעטער זיך גע טאָפּטשעט די ערשטע טעג אינעם אופגערודערטן שווארצן גרונט.
3. ווען די קויל-אָפּגעברענטע ארבעטער האָבן אראָפּגעוואָרפן די רעקלעך או די אונטערשטע העמדער, האָבן פארקאַטשעט די הויזן ביז די קני, האָבן ז זיך געטאָפּטשעט די ערשטע טעג אינעם אופגערודערטן שווארצן גרונט.

וועלכע פון דידאָזיקע דרײַ פראזעס איז דאָ מער צוגעפאסט? פארוואָס?

קלײַבט פאנאנדער די ווײַטערדיקע פראזע, מאכט זיך קלאָר איר סטרוקטו ווײַזט אָן די צאָל באהעפטן און דערקלערט, פארוואָס האָבן מיר דאָ אזא צאָ קאָמעס און אין אזעלכע ערטער.

אין טומל פון דער רעקלאמע זײַנען אָן א שיר איבערגעטריבן געוואָ די אופטוען פונעם אינסטיטוט, און איבערגעכאזערט צען מאָל, זײַנען שו צען מאָל אויסגעוואקסן די ביבליאָטעק, דער ארכיוו פונעם אינסטיטוט, זײַ אויסגאאבן. (מ. עריק)

**217.** מיר האָבן פריִער געזאָגט, אז א פארטיציפּ-באהעפט קומט נאָר פאר צווייטן באהעפט און ניט נאָך אָדער צווישן אים.

דאָך זײַנען פאראן פאלן, ווען אזא באהעפט קומט אויך נאָך אָדער צווישן צווייטן. לעמאָשל:

1. פריִער האָבן מיר דאפקע, צווישן אונדז גערעדט, זיך אביסל דע שראָקן.

דאָ האָבן מיר א פּאַרטיציפּ „גערעדט", וואָס בינדט צו זיך די ווערטער „צווישן ונדז". דערדאָזיקער באהעפט קאָן קומען אי פאר, אי נאָך דעם צווייטן באַהעפט, עמאָשל:

2. צווישן אונדז גערעדט, האָבן מיר פריִער דאפקע זיך אביסל דער-שראָקן.

3. מיר האָבן פריִער דאפקע זיך אביסל דערשראָקן, צווישן אונדז גע-רעדט.

*עס קאָן אָבער ניט געמאָלט זײַן, אז מע זאָל קאָנען איבערשטעלן די ווײַטער-יקע באהעפטן.

4. אויסגעהערט דעם פּאָרטראָג, באשליסט די פאַרזאמלונג צו נעמען שעפּטום איבערן ראיאָן.

מע קאָן ניט ברענגען דע פּאַרטיציפּ-באהעפט „אויסגעהערט דעם פּאָרטראָג" — ־וישן די ווערטער פונעם צווייטן באהעפט אָדער נאָך אים.

דאָס באווײַזט, אז דער פּאַרטיציפּ-באהעפט „צווישן אונדז גערעדט" שיידט זיך ־נטער פון אלע אנדערע פּאַרטיציפּישע באהעפטן. ער האָט ניט דעם באטײַט פון געווײנטלעכן פּאַרטיציפּ-באהעפט. „צווישן אונדז גערעדט" — דאָס איז א מין ווערטל, ־מין באמערקונג, וואָס מע מאכט אין רייד.

פאַרגלײַכט לעמאָשל ביידע ווײַטערדיקע „צווישן אונדז גערעדט".

5. פריִער האָבן מיר דאפקע, צווישן אונדז גערעדט, זיך אביסל דערשראָקן.

6. פריִער האָבן מיר דאפקע צווישן אונדז גערעדט זייער אסאך.

דאָ איז דאָך קלאָר, אז אין דער פראזע 6 האָבן מיר איין באהעפט. דער סוביעקט ־יר" קומט דאָ מיט א פּרעדיקאַט „האָבן גערעדט". אלע איבעריקע ווערטער בינדן ־ דאָ מיט דידאָזיקע „האָבן גערעדט".

אָבער אין דער פראזע 5 (ווי אין פראזע 1) קומט דער סוביעקט „מיר" מיטן ־עדיקאַט „האָבן זיך דערשראָקן". דער פּאַרטיציפּ „גערעדט" און די ווערטער, וואָס ־נדן זיך מיט אים, זײַנען דעריבער א באזונדער באהעפט. דערפאר האָבן מיר אין ־רדאָזיקער פראזע צוויי קאָמעס, וואָס טיילן אויס דעמדאָזיקן באזונדערן באהעפט.

**218.** אזעלכע באהעפטן ווי דער פריִערדיקער „צווישן אונדז גערעדט", וואָס זיי ־נען אָפּ צו מאכן די אָדער יענע באמערקונג, זײַנען אויך פאראַן מיט פערזאָניקע ־ערבן. לעמאָשל:

1. בא פאַרשטאָפּטע אויערן, דוכט זיך אים אויס, איז זײַן געזאנג העכער און שטארקער.

„דוכט זיך אים אויס" האָבן מיר אויסגעטיילט מיט קאָמעס, ווײַל דאָס איז א ־זונדער באהעפט. און א באזונדער באהעפט איז עס דערפאר, וואָס דער פערזאָניקער ־רב „דוכט" (זיך) ציט זיך ניט צום סוביעקט „געזאנג".

פאַרגלײַכט לעמאָשל די פריִערדיקע פראזע מיט דער ווײַטערדיקער.

2. בא פאַרשטאָפּטע אויערן דוכט זיך אים אויס זײַן געזאנג העכער און שטאר-קער. (גאָדינער)

קלאָר, אז דאָ איז איין באהעפט. דאָ איז דער פערזאָניקער ווערב „דוכט" (זיך) אָפּהענגיק פונעם סוביעקט „געזאנג". אויב מיר וועלן די סוביעקטן פון דיביידע פראזעס ברענגען אין מערצאָל, וועלן מיר האָבן פאָלגנדיקעס:

3. בא פארשטאָפּטע אויערן, דוכט זיך אים אויס, זײַנען זײַנע געזאנגען העכער און שטארקער.

4. בא פארשטאָפּטע אויערן דוכטן זיך אים אויס זײַנע געזאנגען העכער און שטארקער.

דאָס ווײַזט ביז גאָר בולעט דעם אונטערשייד פונעם פערזאָניקן ווערב „דוכט" (זיך) אין דער פראזע 1 און 2. דאָס דערקלערט אויך גאנץ גענוג, פארוואָס „דוכט זיך אים אויס" פון דער פראזע 1 איז א באזונדער באהעפט, און פארוואָס זי דארף קומען, דידאָזיקע פראזע, מיט צוויי קאָמעס.

פארגלײַכט די ווײַטערדיקע פראזעס און קלײַבט זיי פאנאנדער.

1. די קינדערלעך זאָלן געזונט זײַן, זאָלן אויסוואקסן גרויסע.
2. די קינדערלעך, זאָלן געזונט זײַן, קוקן ארויס אפן טאטן. (פּערעץ)

פארוואָס איז אין דער ערשטער פראזע איין קאָמע, און אין דער צווייטער — צוויי? וואָס פאר א ראָליע שפּילט די קאָמע אין דער ערשטער פראזע, און וואָס — אין דער צווייטער? ווו קאָן דער „און" פארבײַטן די קאָמע, און ווו — ניט?

דערקלערט אלע ווײַטערדיקע קאָמעס.

אויסגעבעט אף דער ערד, האָבן מיר זיך אויסגעצויגן ביידע, איך און מײַן ברודער עליע, ווי די גראפן, צוגעדעקט זיך ביידע מיט איין קאָלדרע (זײַנע האָט מען פארקויפט), און ס'איז מיר געווען זייער אײַנגענעם צו הערן פון מײַן עלטערן ברודער, אז אף דער ערד צו שלאָפן איז גאָר ניט אזוי שלעכט.
(שאָל.-אל.)

## אופגאבע 28

I. טיילט אָפּ מיט דער קאָמע די ווײַטערדיקע פארטיציפּישע באהעפטן.

1) ארויסגעגאנגען פון שטאָט האָבן מיר דערזען א בערגל. 2. פארטויבט פון די צאָרעס זײַנע לאָזט ער זיך איצט פירן. 3) ארויסגעשפּרונגען פון וואגאָן האָט זיך דער שוואָגער געלאָזט גלײַך צום וואלד. 4) אויסגעהערט דעם זון האָט דער אלטער אָנגעזאָטלט די גאָז מיט א פּאָר ווײַסע זילבערנע ברילן. 2) אָבער אויך דאָ ניט געפונעם קיין נאכעם האָט ער זיך פארטיפט אין היסטאָרישע איבערלעבענישן.

II. ברענגט אָנשטאָט די פריערדיקע פארטיציפּישע באהעפטן גערונדיאלע.
לעמאָשל: ארויסגייענדיק פון שטאָט, האָבן מיר דערזען א בערגל.
פארגעסט ניט אף די אָפּשטעלצייכנס. מאכט קלאָר, מיט וואָס טיילט זיך דאָ אויס די צווייטע פראזע פון די איבעריקע.

III. ברענגט אָנשטאָט די פריערדיקע פארטיציפּישע באהעפטן געוויינטלעכע געשלאָסענע. לעמאָשל: ווען מיר זײַנען ארויס(געגאנגען) פון שטאָט, האָבן מיר דערזען א בערגל. וואָס פאר א בינדוואָרט וועט דאָ זײַן אין דער צווייטער פראזע?

IV. מאכט פארטיציפּישע באהעפטן אָנשטאָט די אלע ווײַטערדיקע ערשטע.
1) ווען ער האָט געענדיקט די ארבעט, האָט ער געמאכט א שפּאַציר.

2) אז וואָווע איז פארנאכט דורכגעגאנגען דאָס שטעטעלע, האָט ער זיך גע-וואונדערט, וואָס דער מארק איז אזוי אָפּגעראמטער.
3) ווען זי האָט זיך אופגעכאפּט, האָט זי נישט געדענקט, וואָס פאר א פּאָנעם ער האָט.
4) ווען זי האָט זיך צוריק אהיים אומגעקערט, האָט זי שוין די שטוב שטארק באלויכטן געטראָפן.
5) ווען מיר ענדיקן די ארבעט, נעמען מיר זיך ווידער פאר גרייטן די אופ-גאבעם פונעם אוניווערסיטעט.

## 29. שפּאָרעוודיקע באהעפטן

**219.** קוקט זיך צו צו דער ווײַטערדיקער פראזע.

ארבעט גיט ברויט, פוילקײַט גיט נויט.

אין ביידע באהעפטן פון דערדאָזיקער צונויפגעזעצטער פראזע כאזורט זיך איבער איין און דערזעלבער פרעדיקאט (פערזאָניקער ווערב „גיט”). דאָס מאכט אביסל אומעטיק, איינטאָניק דאָס ריידן און שרײַבן. קעדיי אויסצומײַדן דידאָזיקע איינטאָניקײַט קאָן מען דעם „גיט” פונעם צווייטן באהעפט אָפּשפּאָרן און אָנשרײַבן אף אזא אויפן:

ארבעט גיט ברויט, פוילקײַט — נויט.

אזא באהעפט ווי דער צווייטער אין דער לעצטער פראזע — הייסט שפּאָרעוודיקער אָדער עליפּטישער (עליפּסישער) *.

קוקט זיך צו צו דער ווײַטערדיקער אָפּשפּאָרונג.

נאָטע האָט ארויסגעלאָזט זײַנע טויבן, דער בעקער — זײַנע. (ש. אש)

דאָ האָט ש. אש אינעם צווייטן באהעפט אָפּגעשפּאָרט דרײַ ווערטער: דעם פרע-דיקאט „האָט ארויסגעלאָזט” און דאָס וואָרט „טויבן”.

אזא אָפּשפּאָרונג קאָן פאָרקומען אין עטלעכע באהעפטן נאָכאנאנד. לעמאָשל:

1. האָבן גרעזלעך גענומען שפּראָצן, ביימער — בליִען, וואלד און וואסער — מיטצוזינגען. (אָפּאטאָשו)

קלאָר, אז אזא פראזע איז אסאך בעסער פון:

2. האָבן גרעזלעך גענומען שפּראָצן, ביימער האָבן גענומען בליִען, וואלד און וואסער האָבן גענומען מיטצוזינגען.

אי מע ברענגט דאָ אויס אומזיסט צײַט: שרײַבן און לייענען אָדער רײדן און הערן איבעריקע ווערטער, אי די פראזע אינגאנצן ווערט אומעטיקלעך פון די ווער-טער, וואָס כאזערן זיך עטלעכע מאָל איבער. דעריבער איז גלײַכער אין אזוינע פאלן אָפּשפּאָרן דאָס, וואָס עס כאזערט זיך איבער אין די באהעפטן פון א צונויפ-געזעצטער פראזע, און לאָזן עס בלויז אין איין באהעפט.

אינעם דאָזיקן לימעד וועלן מיר זיך פארנעמען ניט מיט אלע טיפּן אָפּשפּאָרונגען נאָר בלויז מיט איינעם: מיט באהעפטן, וואָס בא זיי איז אָפּגעשפּאָרט דער פרעדיקאט.

[ אין די בײַשפּילן, וואָס מיר וועלן ברענגען, וועלן אמאָל זײַן אָפּגעשפּאָרט נאָך ווערטער, נאָר מיר וועלן אף דעם דערווייל ניט לייגן קיין אכט. ]

* פונעם וואָרט עליפּס (פארפעלונג).

220. אין די שפּאָרעוודיקע באהעפטן קאָן פאַרפעלט זײַן דער פּרעדיקאַט אויך אין אַזוינע פאַלן:

1. די באָרד וואַקסט, און די צאָרעס — אויך. (בערגעלסאָן)
2. איך הייס בערל קאַלבאַס, זי — מיריאַם-דוואָשע. (פּערעץ)

אינעם ערשטן באַהעפט פון דער ערשטער פּראָזע איז דער פּרעדיקאַט „וואַקסט" — אין איינצאָל. אינעם צווייטן באַהעפט פון דערדאָזיקער פּראָזע האָט געדאַרפט זײַן דער פּרעדיקאַט אין מערצאָל („וואַקסן"). פונדעסטוועגן שפּאָרט דאָ בערגעלסאָן אָפּ אין דעם צווייטן באַהעפט דעם פּרעדיקאַט.

ענלעכעס איז אויך אין פּערעצעס פּראָזע. אינעם צווייטן באַהעפט וואָלט דער פּרעדיקאַט (דער פּערזאָניקער ווערב) געווען ניט אין דערזעלבער פאָרם, וואָס דער פּרעדיקאַט פונעם ערשטן באַהעפט. פונדעסטוועגן איז דער צווייטער באַהעפט א שפּאָרעוודיקער, מיט א פאַרפעלטן פּרעדיקאַט.

פונדאַנען איז געדרונגען, אַז מע קאָן פאַרפעלן דעם פּרעדיקאַט אין א צווייטן באַהעפט אויך דאַן, ווען ער איז בלויז ענלעך אָדער נאָענט צום פּרעדיקאַט פונעם ערשטן באַהעפט.

אינעם צווייטן באַהעפט פון א צונויפגעזעצטער פּראָזע פאַרשפּאָרט מען אַמאָל צוזאַמען מיטן פּרעדיקאַט אויך דעם סוביעקט, וואָס כאַזערט זיך איבער. לעמאָשל:

זײַן בין איך א קירזשנער, נאָר דריקער — א שטרײַמלמאַכער. (פּערעץ)

אינעם שפּאָרעוודיקן באַהעפט איז דאָ פאַרפעלט אי דער פּרעדיקאַט „בין", אי דער סוביעקט „איך".

221. קוקט זיך צו צו אַלע ווײַטערדיקע באַהעפטן:

דער טאַטע האָט שרײַבן ניט געקאָנט, האָט ער דעם כעזשבן פון דער געמאַכטער אַרבעט געפירט אַף דער פאַרויכערטער וואַנט. אַן אופגעניייטן מאַנטל האָט ער אין ווינקל אַף דער פאַרויכערטער וואַנט באַצייכנט מיט א ראָד, א פּאָר הויזן — מיט א ציילעם, א וועסט — מיט א דרײַעק, א רעקל — מיט א קעסטל.

שאַבעס פאַרנאַכט האָט ער דעם אויסגעדאַרטן באַלעבאָס צו דער פאַרשמירטער וואַנט צוגערופן און גענומען רעכענען:

— פאַר דרײַ ציילעמס, וואָס דמיטרי האָט געמאַכט, קומט מיר פון דיר אָנדערהאַלבן רובל, פאַר צוויי רעדער — פיר רובל, פאַר דרײַ קעסטלעך — פיר רובל. צאָל געלט! (דאַניעל)

ציילט צו, וויפל האָט איר דאָ געשלאָסענע באַהעפטן און וויפל שפּאָרעוודיקע ווײַזט אָן, וואָסערע ווערטער זײַנען אין אַלע שפּאָרעוודיקע באַהעפטן פאַרפעלט.

קוקט זיך צו צו דעם ווײַטערדיקן טעקסט.

איז דעמאָלט געגאַנגען די קלעזמערשע קאַפּעלע איבערן שטאָט און געשפּילט אַפן אומגליק. פון איין זײַט — די קאַפּעלע, פון דער צווייטער — דאָס שוואַרצע קעסטל. (מאַרקיש)

דערדאָזיקער טעקסט באשטייט פון צוויי פראזעס. די ערשטע פראזע אנטהאלט אין געשלאָסענעם באהעפט, די צווייטע פראזע אנטהאלט צוויי שפּאָרעוודיקע באהעפטן. אין ביידע לעצטע באהעפטן איז פארפעלט דער פרעדיקאט, וואָס איז דאָ אין דעם באהעפט פון דער פאָריקער פראזע.

דאָס באווײַזט, אז אפילע א גאנצע פראזע קאָן אמאָל קומען נאָר מיט שפּאָרעוודיקע באהעפטן, אויב אין דער פראזע איז פארפעלט א פרעדיקאט, וואָס איז דאָ אין דער פאָריקער פראזע.

עס טרעפן אויך פראזעס מיט שפּאָרעוודיקע באהעפטן ווי פאָלגנדיקע:

פאָרנט—פעלדער און הימל, הינטן—פעלדער און הימל. (מארקיש)

דאָ זײַנען פארפעלט אזוינע פרעדיקאטן, וואָס ס'איז זייער שווער זיי אָנצוווײַ לויט דער פריערדיקער פראזע (מיר ברענגען זי ניט) איז אויך אומעגלעך צו וויסן, וואָס דאָ איז פארפעלט. אָבער אז ס'איז פארפעלט א פרעדיקאט* (און עפשער אויך א סוביעקט), — דאָס פילן מיר.

אונדז אינטערעסירט אָבער דערווײַל אזא טיפּ שפּאָרעוודיקער באהעפט, ווו ס'איז פארשפּאָרט א פרעדיקאט, וואָס איז פאראן אינעם פריערדיקן באהעפט אָדער אין דער פריערדיקער פראזע. דעריבער וועלן מיר זיך ניט פארנעמען מיט אזוינע פראזעס ווי די לעצטע מארקישעס.

**222.** קוקט נאָכאמאָל דורך אלע פריערדיקע פראזעס מיט שפּאָרעוודיקע באהעפטן און לייגט אכט אף די אָפּשטעל-צייכנס.

אינעם שפּאָרעוודיקן באהעפט שטעלט מען אָנשטאָט דעם פארפעלטן פרעדיקאט א שטריך. די קאָמע צווישן די באהעפטן מוז מען אויך שטעלן. לעמאָשל:

1. ריידן אָבער איז ער ניט מעכויעוו, שמייכלען — אוואדע ניט. (בערגעלסאָן)
2. אָט דער וועט דורך די גרענעץ, און אָט דער — ניט. ( „ )

קוקט זיך צו צו אלע ווײַטערדיקע אָפּשטעלצייכנס.

ביידע ליגן איבערגעקערט: יוזי — אין שמאָלן שטאָלענעם בעטל, מולי — אף דער ארײַנגעשטעלטער קויקע. דער לאָמפּ איז אויסגעלאָשן. די אויגן — באנאכטיק געשלאָסן. דער קאָפּ — באטאָגיק וואך. (בערגעלסאָן)

מאכט זיך קלאָר, פארוואָס שטייען אזעלכע אָפּשטעלצייכנס. ווײַזט דאָ אָן די פאלן, ווו עס קאָנען קומען אויך אנדערע צייכנס, ניט דאפקע די, וואָס בערגעלסאָן ברענגט דאָ.

**223.** א שפּאָרעוודיקער באהעפט קאָן קומען אויך אין אן איינפאכער פראזע. לעמאָשל.

1. דער טאָג — ווי א מײַכל מיט רויך. (בערגעלסאָן)
2. דער וועג — א פארטאָגיק-ניטדערשלאָפענער, א פינף-שאָעדיקער. (בערגעלסאָן)

דאָ איז געוויס פארפעלט דער הילפפערזאָניקער ווערב „איז". בערגעלסאָן אָט אפּאָנעם דאָ בעסער געוואָלט האָבן א פאוזע קעדיי צו מאכן נאָך לענגער.

* פאָרנט ציִען זיך, ליגן, זעען זיך, זײַנען אויסגעשפּרייט... פעלדער און הימל.
הינטן „ „ „ „ „ „ ... „ „ „

נאָך דויערהאפטיקער דעם „טאָג“ און דעם „וועג“; דעריבער האָט ער פארפעלט אין ביידע באהעפטן דעם „איז“ און געשטעלט דעם שטריך — א צייכן, וואָס פאָדערט א לענגערע פּאוזע.

שווערער איז אָנצווויַיזן, וואָס איז פאַרפעלט אין דער וויַיטערדיקער פראזע.

3. ערגעץ אונטער ווארשע — שטעטעלעך צעזייטע. (מארקיש)

נאָך „ווארשע“ קאָן מען דאָ אריַינשטעלן „געפינען זיך“, „זיַינען פאראן“, „ליגן“, „זיַינען צעוואָרפן“ און נאָך אלערליי אנדערע פרעדיקאטן.

דאָס באוויַיזט, אז אמאָל פילן מיר קאָנקרעט דעם פרעדיקאט, וואָס איז פארפעלט אינעם שפּאָרעוודיקן באהעפט, און אמאָל איז זייער שווער אָנצווויַיזן, וואָס קאָנקרעט איז פארפעלט.

און אמאָל איז קימאט אומעגלעך צו אָנוויַיזן, וואָס עס איז פארפעלט אינעם שפּאָרעוודיקן באהעפט. לעמאָשל:

4. נאָך האלבער נאכט. די לעמפּ—פארדרייט. (מארקיש)

אין דער ערשטער פראזע איז קיין פרעדיקאט גאָר ניטאָ. אין דער צווייטער פעלט דער הילפפערזאָניקער ווערב „זיַינען“ אָדער די ווערטער „האָט מען“. וואָסערע ווערטער האָט מ א ר ק י ש פארפעלט אין דער ערשטער פראזע, — דאָס איז אומעג־לעך צו זאָגן, וויַיל דאָ האָבן מיר אזא באהעפט, וואָס רופט נאָר אָן די ציַיט. וואָס עס קומט פאָר, דאָס וויל דער שריַיבער אינעם דאָזיקן באהעפט ניט זאָגן. דאָס הייסט: מיר האָבן דאָ פאקטיש אן אָפענעם באהעפט. (זעט 73 זיַיט)

דאָס באוויַיזט, אז דער שפּאָרעוודיקער באהעפט איז אן איבערגאנג־פאָרם פונעם געשלאָסענעם צום אָפענעם באהעפט (אָדער פארקערט: פון אָפענעם — צום געשלאָ־סענעם). אייניקע שפּאָרעוודיקע באהעפטן זיַינען זייער נאָענט צו געשלאָסענע (דער טאָג — ווי א מיַיכל מיט רויך), און אייניקע — צו אָפענע (נאָך האלבער נאכט).

אזוי ווי מיר פארנעמען זיך דערוויַיל מיטן שפּאָרעוודיקן באהעפט דעריקער צוליב די אָפּשטעלצייכנס, וועלן מיר דעריבער וויַיטער האָבן צו טאָן מיט דעם טיפּ שפּאָרעוודיקן באהעפט, ווו עס פילט זיך א מער קאָנקרעטער פרעדיקאט; מיט דעם טיפּ באהעפט, וואָס איז זייער נאָענט צו א געשלאָסענעם, אָבער ער איז ניט קיין געשלאָסענער, וויַיל עס פעלט בא אים דער פרעדיקאט (דער פערזאָניקער ווערב).

**224.** קוקט זיך צו צו אלע וויַיטערדיקע באהעפטן און אָפּשטעלצייכנס.

אף די פעלזן — ווינטן אף די יאמען — שטורעמס.
אף די וועגן — נעצן. קוואָרים — אינדערהיים.
ווארטן אונטער גרענעצן אָדלערדיקע טורמעס,
ווארטן אונטער כוואליעס אָפּגרונטן געהיים.

אף די היטלען — שטערן. אף די פּלייצעס העלט זיך.
אומעט — אף די הענט. און אין ביינער — שלאכט.
יאָגט זיך שלוימע־בער צו יאמען און צו פעלזן,
גייט אזריל די גרענעץ גאנוועענען באנאכט.

אף די היטלען — שטערן, אף דער ברוסט — א רימען.
אף די פּיס — אן אומרו. און אין הארצן — פרייד:
מע וועט מיט שלוימע-בערן, מע וועט מיט אים זיך רימען,
און אזרילן וועט מען זינגען אין די רייד. (מארקיש)

ציילט צו, וויפל האָבן מיר דאָ געשלאָסענע און שפּאַרעוודיקע באהעפטן.
פּרובירט זיך אויך קלאָר מאַכן, פארוואָס מארקיש ברענגט דאָ אזוי פיל שפּאַרעוודיקע באהעפטן אָנשטאָט געשלאָסענע.
פארגלייַכט די צוויי ווייַטערדיקע שורעס.
1. העמדער — אופגעשפּיליעט. לייַבער — אופגעכראסטעט. (מארקיש)
2. אופגעשפּיליעטע העמדער. אופגעכראסטעטע לייַבער.
מאכט זיך קלאָר, פארוואָס זייַנען די ערשטע צוויי באהעפטן (פראזעס) שפּאַרעוודיקע, און פארוואָס זייַנען די לעצטע צוויי ניט קיין שפּאַרעוודיקע נאָר אָפענע.
[מיר וועלן עס נאָך ספּעציעל פאנאנדערקלייַבן אינעם II טייל גראמאטיק.]

**225.** אויב אין א שפּאַרעוודיקן באהעפט איז פארפעלט דער פערזאָניקער ווערב „איז", און מע רעדט ארויס (אָדער מע וויל, מע זאָל ריידן) דעמדאָזיקן באהעפט אָן א פּאוזע, דאן שטעלט מען ניט קיין שטריך. לעמאָשל:
1. א טייַערע מעציִע אין אמעריקע זיך אויסלערנען שרייַבן. (שאָל.-אל.)
2. א פארגעניגן צו שמעקן די זיסע רייכעס פון אלע זייַטן. (מענדעלע)
אָבער אין די פאלן, ווען אָנעם „איז" איז שווערער צו אופנעמען דעם באהעפט, און דער „איז" איז פארפעלט, — דארף מען דעם שטריך שטעלן. לעמאָשל:
די דריטע אינדוסטריאַליזיר-האלוואָע — רעאליזירט אף טויזנט רובל.
אויב מע זאָל דאָ דעם שטריך ניט שטעלן, קאָן מען מיינען, אז דאָס וואָרט „רעאליזירט" איז דאָ א פערזאָניקער ווערב, און אז די „דריטע אינדוסטריאַליזיר-האלוואָע רעאליזירט" עפּעס. נאָר אז מיר קומען צו „אף טויזנט רובל", דערפילן מיר, אז מיר האָבן געהאט א טאָעס: ניט די אינדוסטריאַליזיר-האלוואָע רעאליזירט, נאָר זי איז רעאליזירט. אָבער אז מיר שטעלן דעם שטריך, גרייטן מיר צו דעם לייענער צו א פּאוזע, וואָס איז אָפט פאראן בא א פארשפּאָרונג.
נאָך בעסער איז צו שרייַבן אזוינע באהעפטן מיטן „איז" און ניט פארפעלן אים. ווייַל מיטן „איז" איז דאָך גרינגער צו אופכאפּן ריכטיק דעם אינהאלט אין אזוינע פאלן.

**226.** באזונדערס דארף מען ניט פארשפּאָרן דעם „איז" אין אזוינע פראזעס ווי די ווייַטערדיקע.
1. דער כ. קאשען ארעסטירט.
2. א באלעגוף פארמישפּעט צום טויט.
אָנעם „איז" זייַנען דידאָזיקע באהעפטן צווייטייַטיק: עס קאָן זייַן, אז קאשען* ארעסטירט, אָדער קאשען איז ארעסטירט; עס קאָן זייַן, אז א באלעגוף פארמישפּעט צום טויט (אנדערע), אָדער ער אליין איז פארמישפּעט.

* אן אָנגעזעענער קאָמוניסט אין פראנקרייַך.

נאטירלעך מיר שטויסן זיך אָן, אז מע האָט דאָ געמיינט מיטן „איז“, ווײַל דער־ווײַל קאָן נאָך קאשען אין פראנקרײַך ניט ארעסטירן אנדערע, און קיין באלעגוף זיצט באַ אונדז ניט אין די געריכט־אָרגאנען. אָבער מע דארף לעכאטכילע אזוי שרײַבן, אז מע זאָל זיך ניט דארפן אָנשטויסן, נאָר די סטרוקטור פונעם באהעפט, פון דער פראזע זאָל זײַן וואָס פינקטלעכער און דײַטלעכער.

דעם „איז“ ווי אויך אנדערע פערזאָניקע ווערבן (פרעדיקאטן) פארפעלט מען דערי־קער אין קעפלעך פון צײַטונגען, אין אפישן, אין לאָזונגען. לעמאָשל:

1. די ארבעטער־פארטיי — פאר א ברייטער קאָאליציע.
2. דער פרילינג־פארזיי — די וויכטיקסטע טאָג־פראגע.*
3. די מאכט — די ראטן, די ערד — די פויערים, שאָלעם — די פעלקער, ברויט — די הונגעריקע.

[ווענן אנדערע פאלן, ווען מע ווענדעט אָן דעם שפּאָרעוודיקן באהעפט אָנ־שטאָט דעם געשלאָסענעם, — ריידן מיר דערווײַל ניט, ווײַל פאר דער פראקטישער ארבעט איז עס ניט אזוי וויכטיק].

## אופגאבע 29.

I. שטעלט אלע נייטיקע אָפּשטעלצייכנס אין די ווײַטערדיקע טעקסטן:
1) בלינד זײַנען פענצטער די לאָדנס פארהאקט.
2) און עס ליבן זיך די מענער אין די פרויען און די שטאָלצע מענער.
3) דאָס צימער איז ניט געווען צוגעראמט ערגעץ אין א ווינקעלע א בערגעלע סעמעטשקע־שאָלעכץ אף דער וואנט פארעלטערטע דיאגראמעס.
4) ער האָט דאָרט דערזען קרומע פענצטער פון אן אונטערשטיבל אף איינעם פון די פענצטער קרײַקעס פון געוואנט אף א צווייטן א קליין שנײַדערש אייל־קענדעלע פון יענער זײַט פענצטער א שטעפערײַ פון א ניי־מאשין.
5) אזוי האָבן זיך געצויגן וואָכן און כאדאָשים כאדאָשים און יאָרן די וואנט איז אלץ געוואָרן שווארצער און פארויכערטער די רעדער און ציילעמס גערדיכטער און פארפלאָנטערטער און דער קאָפּ באַ זײַן טאטן שווערער און פארשיקערטער.

II. שרײַבט אָן אלע פריערדיקע טעקסטן מיט ניט קיין פארפעלטע פרעדיקאטן: אלע באהעפטן זאָלן זײַן געשלאָסענע באמיט זיך ארײַנצושטעלן וואָס פאַ־סנדיקערע פרעדיקאטן.

III. טיילט אײַן אלע ווײַטערדיקע באהעפטן אין דרײַ גרופּעס: געשלאָסענע, שפּאָרעוודיקע און אָפענע. (קיין שטריך אין די שפּאָרעוודיקע באהעפטן שטעלן מיר בעקיוון ניט).

1) די העצע פון די סאָציאַל־פאשיסטן קעגן דער דײַטשישער קאָמפּארטיי. 2) די ענגלישע רעגירונג מאָביליזירט פּאָליציי און מיליטער. 3) גרויסע דעמאָנסטרא־ציעס אין דײַטשלאנד. 4) דעם פארזיי־שעטעך האָט מען פארברייטערט. 5) דער פאר־זיי־שעטעך אלץ ברייטער און ברייטער. 6) אין דײַטשלאנד גרויסע דעמאָנסטראציעס. 7) די פויערים גייען מאסנווײַז אין די קאָלווירטן. 8) די באצויונג פון די פויערים צו די קאָלווירטן. 9) 5 אזייגער אפן פלאץ א מיטינג ווענן די לעצטע געשעענישן אין כינע. 10) די לעצטע געשעענישן אין כינע האָבן אופגעבראכט אלע אר עטער.

ניט פארגעסט צו שטעלן דעם שטריך אין די שפּאָרעוודיקע באהעפטן.

* מיר דערמאָנען נאָכאמאָל, אז מע דארף זען שטארק אונטערשיידן דעם בינדצייכן און דעם שטריך, שטעלנדיק זיי, דארף מען זיך באמיִען מאכן דעם שטריך וואָס לענגער און דעם בינדצייכן וואָס קירצער.

## 30. אונטערגעוואָרפענע באהעפטן

**227**. פארגלײַכט די פיר ווײַטערדיקע פראזעס.

1. ער האָט א באָכער, און דער באָכער פארדינט געלט.
2. ער האָט א באָכער, דער באָכער פארדינט געלט.
3. ער האָט א באָכער, וואָס ער פארדינט געלט.
4. ער האָט א באָכער, וואָס פארדינט געלט.

דער אינהאלט פון אלע פיר פראזעס איז קימאט דערזעלבער. דער אונטערשייד איז דאָ אין דער גראמאטישער סטרוקטור (געבוי).

די ערשטע דרײַ פראזעס זײַנען צונויפגעזעצטע. יעדע פון זיי באשטייט פון צוויי געשלאָסענע באהעפטן, וואָס אנטהאלטן אי פערזאָניקע ווערבן, אי סוביעקטן.

לאָמיר איצט פאנאנדערקלײַבן די פערטע פראזע.

די פערטע פראזע באשטייט אויך פון צוויי באהעפטן. דער ערשטער באהעפט איז דערזעלבער וואָס אין די פריִערדיקע פראזעס: א געשלאָסענער, מיט א סוביעקט. דער צווייטער באהעפט איז אויך א געשלאָסענער, ווײַל ס׳איז דאָ א פערזאָניקער ווערב „פארדינט“, וואָס ציט זיך ניט צום פריִערדיקן סוביעקט „ער“. דערפאר טאקע שטייט אויך אין דער פערטער פראזע צווישן די באהעפטן א קאָמע.

צי האָבן מיר אינעם צווייטן באהעפט פון דער פערטער פראזע א סוביעקט?

אלפי סייכל פארשטייען מיר, אז דער געלט-פארדינער איז דאָ „דער באָכער“. אָבער ס׳איז דאָך קלאָר, אז דאָס וואָרט „באָכער“ פונעם ערשטן באהעפטן קאָן ניט זײַן קיין סוביעקט פון א צווייטן באהעפט.* און אז „וואָס פארדינט געלט“ איז א באזונדער באהעפט, — האָבן מיר שוין פריִער באוויזן.

לאָמיר זיך צוקוקן צו די ווײַטערדיקע פראזעס.

1. ער האָט א באָכער, וואָס פארדינט געלט.
2. ער האָט באָכערים, וואָס פארדינען געלט.

דאָ זעען מיר נאָך בוילעטער, אז דער צווייטער באהעפט הענגט אָפּ פון „באָכער“ און פון „באָכערים“. אויב אין דער ערשטער פראזע איז אינעם ערשטן באהעפט „באָכער“, אין איינצאָל, איז אויך אין איינצאָל דער פערזאָניקער ווערב פונעם צווייטן באהעפט („פארדינט“); אויב אין דער צווייטער פראזע האָבן מיר „באָכערים“, אין מערצאָל, איז אויך אין מערצאָל דער פערזאָניקער ווערב („פארדינען“).

און דאָך האָבן מיר דאָ אין יעדער פראזע ניט איין באהעפט נאָר צוויי: אין ביידע ערשטע באהעפטן פון ביידע פראזעס איז דער פערזאָניקער ווערב „האָט“,

* געדענקט, וואָס מיר האָבן מיט אײַך וויפל מאָל אָפּגערעדט, אז „א סוביעקט איז א וואָרט, וואָס ציט צו זיך דעם פערזאָניקן „ווערב“.

וואָס ציט זיך צום סוביעקט „ער". אין די צווייטע באהעפטן פוןביידע פראזעס זיינען פאראן פערזאָניקע ווערבן, וואָס ציִען זיך ניט צו די פריִערדיקע סוביעקטן („ער"). הייסט עס, אז דאָס זיינען נייע באהעפטן.

ס'איז קלאָר, אז פון גראמאטיש שטאנדפונקט זיינען דאָ די סוביעקטן ניט „באָכער" און ניט „באָכערים". און באווייזן קאָנען מיר עס אף אזא אויפן:

3. ער האָט א באָכער, וועלכער פארדינט געלט.

4. ער האָט באָכערים, וועלכע פארדינען געלט.

דאָ זעען מיר זייער קלאָר די פיר סוביעקטן פון דידאָזיקע פיר באהעפטן. מיר זעען דאָ אויך, אז „באָכער" און „באָכערים" זיינען ניט קיין סוביעקטן, נאָר די סוביעקטן „וועלכער" און „וועלכע" הענגען אָפּ פון „באָכער" און „באָכערים".

פונדאנען איז געדרונגען, אז דאָ האָבן מיר צו טאָן מיט גאָר אן אנדער אָפּהענגיקייט, ווי מיר האָבן ביז איצט געהאט; אז דאָס איז ניט קיין פרעדיקאטיווע אָפּהענגיקייט, ניט דעם פרעדיקאטס אָפּהענגיקייט פונעם סוביעקט, נאָר איין באהעפט הענגט דאָ אָפּ פון א וואָרט, וואָס געפינט זיך אין א צווייטן באהעפט.

**228.** פארגלייכט די צוויי וויטערדיקע פראזעס:

1. איציק ארבעט בא לייבע דעם שניידער און ווינט ניט וויט פון אונדז.

2. איציק ארבעט בא לייבע דעם שניידער, וואָס ווינט ניט וויט פון אונדז.

אין דער ערשטער פראזע האָבן מיר איין באהעפט מיט צוויי פערזאָניקע ווערבן, וואָס ציִען זיך צו איין און דעמזעלבן סוביעקט „איציק". „איציק" טוט דאָרטן צוויי זאכן: ער „ארבעט" און „ווינט".

אין דער צווייטער פראזע האָבן מיר שוין צוויי באהעפטן. דער ערשטער באהעפט איז „איציק ארבעט בא לייבע דעם שניידער". נאָכדעם גייט א צווייטער באהעפט מיט א פערזאָניקן ווערב „ווינט", וואָס ציט זיך ניט צום פריִערדיקן סוביעקט „איציק". דערפאר איז עס טאקע א באזונדער געשלאָסענער באהעפט.

דער צווייטער באהעפט פון דער צווייטער פראזע האָט א שייכעס צום ערשטן באהעפט; די ווערטער „וואָס ווינט ניט וויט פון אונדז" זיינען שייעך צו „לייבע דעם שניידער". אָבער „לייבע דער שניידער" איז ניט דער סוביעקט פון „ווינט". דאָס איז לייכט צו ווייזן, ברענגענדיק אָנשטאָט „וואָס" א וואָרט „וועלכער".

לאָמיר איצט פארגלייכן אזוינע צוויי פראזעס.

1. יודל דער שרייבער האָט עפשער זעכציק מיידלעך, וואָס ער לערנט זיי שרייבן.

2. יודל דער שרייבער האָט עפשער זעכציק מיידלעך, וואָס לערנען זיך בא אים שרייבן.

ביידע פראזעס זײַנען צונויפגעזעצטע. אין ביידע פראזעס זײַנען די באהעפטן געשלאָסענע. די ערשטע צוויי באהעפטן פֿין ביידע פראזעס זײַנען אבסאָליוט די-זעלבע. די לעצטע צוויי באהעפטן פון ביידע פראזעס אונטערשיידן זיך שוין אביסל איינער פונעם צווייטן.

1) אין דער ערשטער פראזע איז אינעם צווייטן באהעפט פאראן א סוביעקט. אין דער צווייטער פראזע איז אינעם צווייטן באהעפט קיין סוביעקט ניטאָ.

2) אין דער ערשטער פראזע אז מע זאָל ארויסווארפן דאָס וואָרט „ער", וועט זיך באקומען אן אומקלאָרקייט. אין דער צווייטער פראזע האָט מען ארויסגעלאָזט א וואָרט „זיי", און ס'איז גאנץ קלאָר, וואָס מע מיינט.

3. אין דער ערשטער פראזע קאָן מען ניט פארבײַטן דעם „וואָס" אף „וועלכער". אין דער צווייטער פראזע קאָן מען אָנשטאָט „וואָס" שרײַבן „וועלכע".

אזא באהעפט ווי „וואָס לערנען זיך בא אים שרײַבן" — הייסט **אונטערגעוואָרפענער**.

(אונטערגעוואָרפענע באהעפטן זײַנען פאראן פארשיידענע טיפּן. צוליב דער פראקטישער ארבעט איז ביז גאָר וויכטיק פאנאנדערקלײַבן דעם טיפּ, מיט וועלכן מיר פארנעמען זיך דאָ. דעריבער וועלן מיר וועגן אנדערע טיפּן דערווײַל ניט ריידן).

**229**. קוקט זיך צו צו די ווײַטערדיקע אונטערגעוואָרפענע באהעפטן:

1. ער איז א ווײַלע געשטאנען אף די ברייטע **טרעפּ**, וואָס פירן פון וואָקזאל אין שטאָט ארײַן. (גאָדינער)

2. גאָרן האָט געכאַפּט א קוק אף די עלטערע שוואכערע **יִדן**, וואָס זײַנען געשטאנען ארום אים און האָבן געהערט מיט אָפענע מײַלער. (אָרלאנד)

אין ביידע פראזעס זײַנען די צווייטע באהעפטן אונטערגעוואָרפן א וואָרט פון זייערע ערשטע באהעפטן. אין דער ערשטער פראזע ווארפט אונטער אונטער זיך דעם צווייטן באהעפט דאָס וואָרט „טרעפּ"; אין דער צווייטער פראזע—דאָס וואָרט „יִדן".

אין ביידע פראזעס פארשפאָרט דאָס בינדוואָרט „וואָס" דעם סוביעקט „זיי" פון די צווייטע באהעפטן, דאָס הייסט, אז מע וויל, קאָן מען נאָך ביידע „וואָסן" שטעלן א וואָרט „זיי". אז מע וויל, קאָן מען אויך אָנשטאָט דידאָזיקע „וואָסן" שטעלן א וואָרט „וועלכע".

קוקט זיך צו צו די ווײַטערדיקע פראזעס און פארגלײַכט זיי מיט די צוויי פריִער-דיקע.

3. זײַן פלויניסטע איז געווען די פארנאָסע-געבערן פון א גאס-אפטייקל, וואָס זי האָט זיך געמאכט. (מענדעלע)

4. אין קעשענע האָט ער געהאט א פופצנטהאלבן גראָשן, וואָס ער האָט פארן אוועקגאנג ארויסבאקומען בא זײַן פלויניסטע אונטער דער קישן. (מענדעלע)

דאָ איז שוין אנדערש די באהעפטן-באציִונג אין יעדער פראזע. דאָ קאָן מען שוין ניט אויסקומען אָן דעם „זי" פונעם צווייטן באהעפט אין דער ערשטער פראזע

אָדער אָנעם „ער“ פונעם צווייטן באהעפט אין דער צווייטער פראזע. און אויב אפילע מיר וועלן דאָ אָנשטאָט דעם „וואָס“ אין דער צווייטער פראזע שטעלן „וועלכע“, וועט אלץ דער סוביעקט פונעם לעצטן באהעפט זײַן „ער“ און ניט „וועלכע“. אָבער אין גאָדינערס און אָרלאנדס פראזעס, ווען מיר שטעלן אָנ-שטאָט „וואָס“ א וואָרט „וועלכע“, — זעען מיר בוילעט, אז „וועלכע“ איז א סוביעקט. פונדאנען איז קלאָר, אז די באהעפטן פון דידאָזיקע פיר מוסטער-פראזעס זײַנען פאר-בונדן לויט צוויי פארשיידענע אויפאַנים. ווי מיר האָבן שוין געזאָגט, וועלן מיר זיך דעריקער פארנעמען מיט דעם אויפן באהעפטן-פארבינדונג, וואָס איז דאָ אין גאָ-דינערס און אין אָרלאנדס פראזעס.

230. אין אונטערגעוואָרפענער באהעפט קאָן אליין אויך אונטערווארפן אונטער זיך א צווייטן באהעפט. לעמאָשל:

אין דעמדאָזיקן באנד גייען ארײַן **ארטיקלען** וואָס האָבן א שײַכעס נאָר צו ליטעראטור און צו אייניקע **פראגן**, וואָסזײַנען מיט ליטעראטור ענג פאר-בונדן.

דער צווייטער באהעפט איז דאָ אונטערגעוואָרפן א וואָרט „ארטיקלען“ פונעם ערשטן באהעפט. דער דריטער באהעפט איז אונטערגעוואָרפן א וואָרט „פראגן“ פונעם צווייטן אונטערגעוואָרפענעם באהעפט.

אין ביידע אונטערגעוואָרפענע באהעפטן קאָן מען נאָך „וואָס“ ארײַנשטעלן א וואָרט „זיי“, אָדער מע קאָן אָנשטאָט „וואָס“ אין ביידע פראזעס שרײַבן „וועלכע“

סכעמאטיש קאָן מען דידאָזיקע באהעפטן-פארבינדונג אזוי פאָרשטעלן.

אין דעמדאָזיקן באנד
גייען ארײַן **ארטיקלען**,

וואָס האָבן א שײַכעס נאָר צו
ליטעראטור און צו אייניקע **פראגן**,

וואָס זײַנען מיט ליטעראטור
ענג פארבונדן.

אין באהעפט קאָן אמאָל קומען מיט עטלעכע אונטערגעוואָרפענע באהעפטן. לעמאָשל:

פונעם וואלד , וואָס האָט זיך געטונקלט בא פארנעפלטע האָריזאָנטן,
פונעם כוטער , וואָס האָט געפינטלט מיט פריילעכע פײַערלעך אפן בארג,
פונעם אוילעם , וואָס האָט מיט אָפענע מײַלער געוואַרט אף זײַן וואָרט,
האָט געאָטעמט אף אים ווילדע גוורע. (אָרלאנד)

אָן די אונטערגעוואָרפענע באהעפטן וואָלט די פּראזע געווען אזא:

פונעם וואלד, פונעם כוטער, פונעם אוילעם האָט געאָטעמט אף אים ווילדע גוורע.

די סכעמע פון אָרלאנדס פראזע איז לעערעך אזא:

פונעם וואלד, | פונעם כוטער, | פונעם אוילעם, | האָט געאָטעמט אף אים א ווילדע גוורע.

וואָס האָט זיך געטונקלט בא פארנעפּל-טע האָריזאָנטן

וואָס האָט געפינטלט מיט פריילעכע פײַ-ערלעך אפן בארג

וואָס האָט מיט אָפענע מײַלער גע-ווארט אף זײַן וואָרט

אין דער פּראזע האָבן מיר דאָ זעקס קאָמעס: צו צוויי קאָמעס אף אויסצוטיילן פונעם איבעריקן טעקסט די דרײַ אינווייניקסטע (אונטערגעוואָרפענע) באהעפטן.

קוקט זיך צו צו די ווײַטערדיקע באהעפטן:

ער איז צוגעגאנגען צו שעפּטלען, וואָס האָט געמאכט א נײַ צעטל פון די ארבעטער, וואָס בלײַבן בא די קאנאלן, און געבעטן, מע זאָל אים פארשרײַבן פאר א קאָראָסטענער. (אָרלאנד)

די סכעמע פון דערדאָזיקער פראזע איז אזא:

ער איז צוגעגאנגען צו שעפּטלען, | און געבעטן, מע זאָל אים פארשרײַבן פאר א קאראָסטענער.

וואָס האָט געמאכט א נײַ

צעטל פון די ארבעטער,

וואָס בלײַבן בא די קאנאלן

דאָ האָבן מיר פאָלגנדיקע באהעפטן:

1) ער איז צוגעגאנגען צו שעפּטלען און געבעטן,

2) מע זאָל אים פארשרײַבן פאר א קאָראָסטענער.

ווײַטער האָט דער ערשטער באהעפט אַן אונטערגעוואָרפענעם באהעפט

3) וואָס האָט געמאכט א נײַ צעטל פון די ארבעטער. און דערדאָזיקער אונטערגעוואָרפענער באהעפט ווארפט אונטער זיך נאָך א באהעפט:

4) וואָס בלײַבן בא די קאנאלן.

דערפאר האָבן מיר דאָ בא אָרלאנדן קאָמעס אין אזא צאָל און אין אזעלכע ערטער.

## אופגאבע 30

I. שטעלט די קאָמע צווישן די באהעפטן אין די וויַטערדיקע צונויפגעזעצטע פּראזעס.

1) קוואס איז אזא מין געטראנק וואָס קאָסט וואָלוול. 2) זיי פאָרן צו זייער זון וואָס וווינט אין אמעריקע. 3) ער האָט זיך פארליבט אין א מיידל, וואָס ארבעט מיט אים אין פאבריק. 4) די קוסטארן בויען אן אייגענע געביַידע וואָס וועט זיַין צוגעפּאסט צו דער גאנצער קולטור-ארבעט. 5) הונדערט רובל א מאָנאט קאָן פארדינען יעדער אייַנציקער ווער עס וועט זיך באקאָנען מיטן אינהאלט פון אונדזער בוך וואָס קאָסט סאַכאקל איין רובל.

II. שטעלט אריַין נאָך די וויַטערדיקע „וואָס"ן דעם סוביעקט, וואָס מע פארשפּאָרט, און אין קלאמערן טיַיטשט אים אויס.

1) מיט זייערע ברייטע פּאָלעס האָבן זיי זיך געמענט גליַיכן צו א שיף, וואָס גייט געשווינד אף אירע אויסגעשפּרייטע זעגלען.

2) איר מויעך האָט נאָך געקלערט וועגן דער טויטער שטאָט און וועגן דער אקושאָרקעס פּאָנעם, וואָס האָט זיך אזוי מאָדנע אומגעביטן בעשאסן לייענען.

3) ער האָט בא זיך אין די אויגן אויסגעזען ווי א שיפסקאפּיטאן, וואָס פירט אליין א שיף אין יאם.

4) עס וועקט זיי אלעמאָל אן אנדער שטיל-בלאָנדזשענדיק ווינטל, וואָס קומט אהין צווישן די יונגע ביימער צו לויפן.

5) ביניאָמין האָט דאָרט דערזען אין דער מיט טיַיך א גאנץ גרויס אָרט, וואָס איז געוועזן גרין באוואקסן און מיט זיַין גרינקיַיט די אויגן פארנומען.

לעמאָשל: מיט זייערע ברייטע פּאָלעס האָבן זיי זיך געמענט גליַיכן צו א שיף, וואָס (די שיף) גייט געשווינד אף אירע אויסגעשפּרייטע זעגלען.

III. שטעלט די קאָמע אין די וויַטערדיקע פּראזעס פארן „וואָס" נאָר צווישן באהעפטן. אויב נאָכן „וואָס" איז ניט קיין באזונדער באהעפט, זאָלט איר קיין קאָמע ניט שטעלן.

1) עפּשער האָסטו אים וואָס מיטצוגעבן? 2) ווער איז אזא דאָקטער וואָס מאכט פון טויט לעבעדיק? 3) עפּעס איז ער אויך א שטיקל קענער וואָס קוקט אריַין אין א סייפער. 4) דאָס גרעזעלע שפּראָצט ארויס פון דער נאָר וואָס אָפּגעדעקטער ערד. 5) ער איז פארכאפּט געוואָרן פונעם ניַיעם געדאנק וואָס איז אים איַינגעפאלן. 6) איך בין מיך נויהעג זיך אן אייַצע צו האלטן מיט מיַין וויַיב בא יעדער זאך וואָס קומט מיר פאָר. 7) עלטערע ייִדן האָבן זיך געפונען פון וואָס צו ריידן. 8) וויכטיק זיַינען אויך די רעפאָרמעס וואָס זיַינען פאָרגעקומען די לעצטע ציַיט.

## 31. אונטערגעוואָרפענע באהעפטן

231. מיר האָבן שוין געזאָגט, אז אן אונטערגעוואָרפענער באהעפט קאָן קומען מיט וואָס אָדער מיט וועלכע, וועלכער, וועלכעס.*

געוויינטלעכער איז פאר ייִדיש דער אונטערגעוואָרפענער באהעפט זאָל קומען מיט „וואָס". לעמאָשל:

1. ער האָט א באָכער, וואָס גלוסט צו א באס. (פּעריעץ)

2. קוואס איז אזא מין געטראנק, וואָס קאָסט וואָלוול. (שאָלעם-אלייכעם)

* אן אונטערגעוואָרפענער באהעפט קאָן קומען אויך מיט אנדערע בינדווערטער. מיר ריידן בלויז וועגן „וואָס" און „וועלכע". וויַיל בא דער פּראקטישער ארבעט דארף מען באזונדערס זיי אונטערשיידן.

3. א קאטאָוועס אזא טײַך, וואָס איז עפּשער א הונדערט מאָל גרעסער פון טונעיאַדעוקער. (מענדעלע)

4. עטלעכע ייִדן, וואָס גייען ארום באָטל, שטייען אין ליידיקן מארק ארום א שליטן, וואָס האָט הייך־אָטשערעט צו פארקויפן געבראכט. (בערגעלסאָן)

5. אין דעמדאָזיקן באנד גייען אַרײַן ארטיקלען, גרעסערע און קלענערע, וואָס האָבן א שײַכעס נאָר צו ליטעראטור און צו אייניקע פראגן, וואָס זײַנען מיט ליטעראטור ענג פארבונדן. (ליטוואקאָוו)

נאָר אָפטמאָל איז גראָד בעסער, דער אונטערגעוואָרפענער באהעפט זאָל קומען ניט מיט „וואָס" נאָר מיט „וועלכער", „וועלכע". לעמאָשל:

ער (פערעץ) איז דער ערשטער שרײַבער פון גרויסער קוואליפיקאציע, וועלכער האָט בא זײַן ערשטן ארויספאָר פארבונדן זײַן שאפונג מיט דער אופקומענדיקער ארבעטער־באוועגונג. (ליטוואקאָוו)

דאָ איז גראָד בא ליטוואקאָוו „וועלכער" און ניט „וואָס". פארוואָס? מאַש־מאָעס דערפאר, ווײַל ליטוואקאָוו האָט מוירע געהאט, אז אויב ער וועט נאָך „קוואליפיקאציע" אָנהייבן דעם אונטערגעוואָרפענעם באהעפט מיט „וואָס", וועט מען מיינען, אז עס איז אונטערגעוואָרפן דעם וואָרט „קוואליפיקאציע". דאן וועט זיך באקומען, אז די „קוואליפיקאציע" האָט פארבונדן זײַן שאפונג מיט דער אופקומענדיקער „ארבעטער־באוועגונג". אָבער ווײַבאלד עס שטייט „וועלכער", איז קלאָר, אז דער צווייטער באהעפט איז אונטערגעוואָרפן דעם וואָרט „שרײַבער", — און דאָס, דידאָזיקע קלאָרקייט, האָט טאקע ליטוואקאָוו ארײַנגעטראָגן מיטן וואָרט „וועלכער".

(ווען עס וואָלט געווען אונטערגעוואָרפן דער „קוואליפיקאציע", וואָלט זיך דער אונטערגעוואָרפענער באהעפט אָנגעהויבן ניט מיט וועלכער נאָר מיט וועלכע).

דיזעלבע קלאָרקייט האָט אפּאָנעם אויך געוואָלט דער שרײַבער פון דער ווײַטערדיקער פראזע.

מיט גרויס אינטערעס הערט מען אויס די אינפאָרמאציע פונעם כאווער, וועלכער האָט אויסגענומען באם אוילעם. („עמעס")

דער שרײַבער וויל באטאָנען, אז דער כאווער האָט אויסגענומען. ווען ער זאָל דאָ שרײַבן „וואָס האָט אויסגענומען", וואָלט מען מיינען, אז די אינפאָרמאציע האָט אויסגענומען און ניט דער כאווער. דעריבער איז אויך דאָ „וועלכע" בעסער פון „וואָס".

פארגלײַכט די צוויי ווײַטערדיקע פראזעס:

1. דאָס איז דער נײַער עטאפּ פון דער ברויט־קאמפאניע, וועלכער איז עפּשער ניט זייער שווער, נאָר וועלכער איז שטארק וויכטיק.

2. דאָס איז דער נײַער עטאפּ פון דער ברויט־קאמפאניע, וועלכע איז עפּשער ניט זייער שווער, נאָר וועלכע איז שטארק וויכטיק.

וועלכן וואָרט פון דעם ערשטן באהעפט זײַנען אונטערגעוואָרפן די לעצטע באהעפטן פון דער ערשטער פראזע, און וועלכן — אין דער צווייטער פראזע?

פּרובירט זיך קלאָר מאכן, פאַרוואָס איז דאָ וועלכער אָדער וועלכע בעסער פון וואָס.

דאָס איז אַלץ גערעדט געוואָרן וועגן „וואָס" און „וועלכע" בא באַהעפטן, וואָס זײַנען אונטערגעוואָרפן א וואָרט אָדער ווערטער פון אן אנדער באַהעפט. אָבער בא אַנדערע טיפּן באַהעפטן, קומט שטענדיק דאָס בינדוואָרט „וואָס" און ניט „וועלכע". לעמאָשל:

> און ווײַל מיר האָבן איינער דעם אַנדערנס לאָשן ניט פאַרשטאַנען, האָט ער ניט געוווּסט, וואָס איך ווײַז אים, און איך האָב ניט געוווּסט, וואָס ער ווײַזט מיר. (מענדעלע)

מאַכט זיך קלאָר, מיט וואָס אונטערשיידט זיך די באַציִונג פון די באַהעפטן אין דערדאָזיקער פראַזע אין פאַרגלײַך מיט אַלע פריִערדיקע באַהעפטן פונעם דאָזיקן לימעד.

232. אויב אין א פראַזע קומט אן אונטערגעוואָרפענער באַהעפט, וואָס ער וואַרפט אונטער זיך אויך אונטער א באַהעפט, שרײַבט מען אָפט אַזוי:

> דאָס זײַנען געווען אונדזערע פאַרשוינען, וואָס אין א קורצער צײַט נאָך יענער מײַסע, וועלכע עס האָט מיט זיי זיך געטראָפן אף דער קלאַטקע, זײַנען זיי אָנגעקומען קיין גלופּסק (מענדעלע).

דאָ, זעען מיר, הייבט מענדעלע אָן דעם ערשטן אונטערגעוואָרפענעם באַהעפט (אין פראַזע איז עס דער צווייטער באַהעפט) מיט „וואָס", און דעם צווייטן אונטערגעוואָרפענעם — מיט „וועלכע", כאָטש אויך דעם צווייטן וואָלט מען קאָנען אָנהייבן מיט „וואָס". ווי ער (מענדעלע) טוט עס לעמאָשל אין דער ווײַטערדיקער פראַזע:

> מיט זייערע ברייטע פּאָלעס, וואָס האָבן געשוועבט אפן ווינט, האָבן זיי זיך געמעגט גלײַכן צו א שיף, וואָס גייט געשווינד אף אירע אויסגעשפּרייטע זעגלען. (מענדעלע)

קוקט זיך צו צום „וואָס" און „וועלכע" אין דער ווײַטערדיקער פראַזע:

> זי זאָגט, אַז זי האָט ליב א מענטשן, וואָס איז פאַרנומען, וואָס האָט א יאָך, וואָס האָט אן אַרבעט, וועלכע באַפרידיקט אים.

דאָ האָבן מיר פיר אונטערגעוואָרפענע באַהעפטן. די ערשטע דרײַ אונטערגעוואָרפענע באַהעפטן זײַנען שײַעך צום וואָרט „מענטשן", דער פערטער אונטערגעוואָרפענער באַהעפט איז שײַעך צו „אַרבעט". אָנשטאָט „וועלכע באַפרידיקט אים" קאָן מען דאָ אויך שרײַבן „וואָס באַפרידיקט אים".

אָבער דאָ איז גראָד בעסער, אַז די ערשטע דרײַ אונטערגעוואָרפענע באַהעפטן זאָלן קומען מיט „וואָס". ווײַל זייער באַציִונג צום וואָרט „מענטשן" איז א גלײַכאַרטיקע: מע קאָן צווישן זיי שטעלן דעם „און". דער באַהעפט „וועלכע באַפרידיקט אים" באַציט זיך שוין ניט צו „מענטשן" נאָר צום וואָרט „אַרבעט". אויב מיר זאָלן דעמדאָזיקן באַהעפט אָנהייבן ניט מיט „וועלכע" נאָר מיט „וואָס", וואָלט מען לעכאַטכילע אויך דאָס געלייענט מיטן זעלבן טאָן ווי די פריִערדיקע דרײַ אונטערגעוואָרפענע באַהעפטן. אָבער ווײַל דאָ איז „וועלכע" און ניט „וואָס", וועט מען גיכער אויפכאַפּן דעם אונטערשייד פון דעמדאָזיקן באַהעפט אין פאַרגלײַך מיט די פאָריקע דרײַ.

טכעמאטיש קאָן מען די פּאָריקע פּראָזע אזוי פאָרשטעלן:
זי זאָגט, אז זי האָט ליב א מענטשן,

וואָס איז פארנומען + וואָס האָט א יאָך + וואָס האָט אן ארבעט,

וועלכע באפרידיקט אים.

לייענט דורך די ווײַטערדיקע פּראָזע און טראַכט זיך אַרײַן אין איר אינהאַלט.

1. עס מערקן זיך אָן אינווייניק פון דידאָזיקע פּארטייען לינקע פליגלען, **וועל-כע** ווילן ראַטעווען זייער ווירקונג אף די מאסן, **וועלכע** טרעטן ארויס פאר צערײַסן די קאָאַליציע מיט דער בורזשואזיע. (עסטער)

ווער טרעט דאָ ארויס „פאר צערײַסן די קאָאַליציע“? די „לינקע פליגלען“ פון די פּארטייען צי די מאסן?

פארגלײַכט דידאָזיקע פּראָזע מיט די ווײַטערדיקע.

2. עס מערקן זיך אָן אינווייניק פון דידאָזיקע פּארטייען לינקע פליגלען, **וואָס** ווילן ראַטעווען זייער ווירקונג אף די מאסן, **און וואָס** טרעטן ארויס פאר צערײַסן די קאָאַליציע מיט דער בורזשואזיע.

3. עס מערקן זיך אָן אינווייניק פון דידאָזיקע פּארטייען לינקע פליגלען, **וואָס** ווילן ראַטעווען זייער ווירקונג אף די מאסן, **וועלכע** טרעטן ארויס פאר צערײַסן די קאָאַליציע מיט דער בורזשואזיע.

מאכט זיך קלאָר דעם אינהאַלט-אונטערשייד פון דער 2-טער און 3-טער פּראָזע, און מיט וואָס זײַנען דידאָזיקע צוויי פּראָזעס בעסער פון דער 1-טער*.

מאכט זיך אויך קלאָר, פארוואָס איז אין דער ווײַטערדיקער פּראָזע „וועלכע“ בעסער פון „וואָס“. און אויב שרײַבן מיטן „וואָס“ אָנשטאָט „וועלכע“, — דארף מען וואָס צוגעבן, די פּראָזע זאָל זײַן קלאָר און אײַנדײַטיק.

די ראַטן האָבן געגעבן די פילמיליאָניקע מאסן יענע פאָרם פון אָרגאַניזי-רונג און שאפונג, וועלכע האָט מיט איטלעכן טאָג באפעסטיקט די דיקטא-טור פונעם ארבעטער-קלאס, וועלכע האָט געגעבן די מעגלעכקײַט צו לייזן די שווערסטע אופגאבן. (עסטער)

**233.** בא באהעפטן, וואָס קומען מיט אינווייניקסטע באהעפטן, מאכט מען אָפט-מאָל טאָעסן מיט דער פּרעדיקאַטיווער מיטשטימונג. לעמאָשל:

1. די שוועריקײַטן, וועלכע אונדזער לאנד מאכט דורך, שפּיגלט זיך אָפּ אפן אוואנגארד („עמעס“)

* דאָס איז אלץ געריכטיק געוואָרן, אויב מע וויל דאפקע אײן פּראָזע, אניט, קאָן מען נאָך בעסער מאכן, פּרובירט.

קלאָר, אז דאָ איז א טאָעס. דער סוביעקט פונעם ערשטן באהעפט איז דאָך — „די שוועריקייטן". דער סוביעקט איז אין מערצאָל, דארף דער פערזאָניקער ווערב אויך זײַן אין מערצאָל און ניט אין איינצאָל. דעריבער דארף מען די פריִערדיקע פראזע שרײַבן אזוי:

2. די שוועריקײַטן, וועלכע אונדזער לאנד מאכט דורך, שפיגלען זיך אָפּ אפן אוואנגארד.

פארגלײַכט די צוויי פראזעס.

1. די ראיאָנען, וואָס זײַנען שוין קאָלעקטיוויזירט, וועלן צושטעלן דאָס ברויט צו דער צײַט.

2. די ראיאָנען, וואָס זײַנען שוין קאָלעקטיוויזירט, וועט מען נאָך דארפן באזאָרגן מיט מאשינעס.

אין ביידע פראזעס איז פאראַן אן אינווייניקסטער באהעפט, וואָס איז אונטערגעוואָרפן דעם וואָרט „ראיאָנען" פונעם ערשטן באהעפט.

אין דער ערשטער פראזע איז „ראיאָנען" דער סוביעקט פונעם באהעפט „די ראיאָנען וועלן צושטעלן דאָס ברויט צו דער צײַט". דער פערזאָניקער ווערב „וועלן" איז דאָ דעריבער אין מערצאָל.

אין דער צווייטער פראזע איז שוין אינעם דאָזיקן באהעפט דער פערזאָניקער ווערב „וועט" אין איינצאָל, ווײַל דאָ איז שוין דער סוביעקט ניט „ראיאָנען" נאָר „מען".

די ווערטער „וואָס זײַנען שוין קאָלעקטיוויזירט" דארף מען אויסטיילן מיט קאָמעס פון ביידע זײַטן אלציינס אין ביידע פראזעס.

אין ביידע פראזעס קאָן מען דעם אינווייניקסטן באהעפט אויך אזוי שרײַבן:
1) וועלכע זײַנען שוין קאָלעקטיוויזירט.
2) וואָס זיי זײַנען שוין קאָלעקטיוויזירט.

**234.** דעם אונטערגעוואָרפענעם באהעפט דארף מען אויסטיילן מיט קאָמעס אויך דאַן, ווען ער איז אונטערגעוואָרפן דעם סוביעקט פון א צווייטן באהעפט. לעמאָשל:

1. די יידישע ארבעטער, וואָס (וועלכע) זײַנען געווען אין דער אָקופּאציע, האָבן ניט געהאט די גינסטיקע באדינגונגען צו א וועלכער ניט איז רעוואָלוציאָנערער אנטוויקלונג.
(דימאנשטיין)

דאָ זעען מיר, אזביידע פערזאָניקע ווערבן פון ביידע באהעפטן („האָבן" און „זײַנען") זײַנען אין מערצאָל. מיר זעען אויך, אז דאָס איז דערפאר, וואָס דאָ איז דאָס וואָרט „ארבעטער" אין מערצאָל.* אויב מיר וועלן ברענגען דאָס וואָרט „ארבעטער" אין איינצאָל, וועלן דאָ די פערזאָניקע ווערבן אויך ווערן אין איינצאָל. לעמאָשל:

2. דער יידישער ארבעטער, | האָט ניט געהאט די גינסטיקע באדינגונגען צו א וועלכער ניט איז רעוואָליוציאָנערער אנט־וויקלונג.

וואָס (וועלכער) איז געווען אין דער אָקופּאציע

פונדעסטוועגן, ווי מיר האָבן דאָס שוין עטלעכע מאָל דערקלערט, איז דאָ „ארבעטער" דער סוביעקט בלויז פון איין באהעפט, און פונעם צווייטן, פונעם אונטער־געוואָרפענעם, איז דאָ דער סוביעקט פארפעלט.

אז מע וויל, קאָן מען אין דער ערשטער פראזע אָנשטאָט דעם „וואָס" שרײַבן „וועלכע" אָדער נאָכן „וואָס" ארײַנשטעלן א וואָרט „זיי". אין דער צווייטער פראזע קאָן מען אָנשטאָט דעם „וואָס" שרײַבן „וועלכער" אָדער נאָכן „וואָס" ארײַנשטעלן א וואָרט „ער".

אז „ארבעטער" איז דאָ ניט קיין סוביעקט פונעם אונטערגעוואָרפענעם באהעפט, קאָן מען דערווײַזן אף אזא אויפן: לאָמיר אביסל ענדערן דעם אונטערגעוואָרפענעם באהעפט:

3. די יידישע ארבעטער, | האָבן ניט געהאט די גינסטיקע באדינגונגען צו א וועלכער ניט איז רעוואָליוציאָנערער אנטוויק־לונג.

וועלכע (וואָס) מע האָט פארהאלטן אין דער אָקופּאציע

דאָ זעען מיר גאנץ בוילעט, אז „ארבעטער" איז א סוביעקט בלויז פונעם ערשטן באהעפט; פונעם אונטערגעוואָרפענעם באהעפט איז איצט דער סוביעקט „מע". אָבער

* ארבעטער איז אזא וואָרט, וואָס סײַ אין איינצאָל און סײַ אין מערצאָל האָט עס דיזעלבע פאָרם. מיר אונטערשיידן די צאָל לויט אנדערע סימאָנים: אויב „ארבעטער" קומט מיט „אן" אָדער מיט „דעם" אָדער מיט „דער", איז עס איינצאָל, אויב — אָן „אן", אָדער מיט „די" איז עס מערצאָל.

דער אונטערגעוואָרפענער באהעפט איז אויך דאָ פארבונדן מיטן וואָרט „ארבעטער“. וואָרעם אויב מיר זאָלן שרייבן „ארבעטער“ אין איינצאָל, וועט דאן ווערן אזוי:

4. דער יידישער ארבעטער, | , האָט ניט געהאט...

וועלכן (וואָס) מע האָט פארהאלטן...

פונדאנען איז געדרונגען, אז פונעם וואָרט „ארבעטער“ הענגען דאָ אָפּ די ווערטער וועלכע, וועלכער, וועלכן אָדער וואָס, אָבער דער פערזאָניקער ווערב פונעם אונטערגעוואָרפענעם באהעפט הענגט פון „ארבעטער“ ניט אָפּ.

נאָך בוילעטער וועלן מיר זען די געבונדנקייט פונעם אונטערגעוואָרפענעם באהעפט מיטן וואָרט „ארבעטער“ אין אזא פאל.

5. איך האָב געטראָפן די יידישע ארבעטער, | , אין זייער א געדריקטער שטימונג.

וואָס זיינען געווען אין דער אָקופּאציע

6. איך האָב געטראָפן דעם יידישן ארבעטער, | , אין זייער א געדריקטער שטימונג.

וואָס איז געווען אין דער אָקופּאציע

דידאָזיקע צוויי ביישפּילן באווייזן, אז דער אונטערגעוואָרפענער באהעפט איז פארבונדן מיטן וואָרט „ארבעטער“ אומאָפּהענגיק פון דעם, צי „ארבעטער“ איז א סוביעקט צי ניט.

דאָס אלץ באווייזט, אז אין די ערשטע צוויי מוסטער-פראזעס האָבן מיר א צופעליקן צונויפאל פון צוויי אָפּהענגיקייטן:

1) דער פערזאָניקער ווערב „האָבן“ הענגט אָפּ פונעם סוביעקט „ארבעטער“.

2) דאָס וואָרט „ארבעטער“, וואָס איז דאָ א סוביעקט, ציט צו זיך די ווערטער וועלכע אָדער וועלכער, וואָס זיי, דידאָזיקע ווערטער, זיינען סוביעקטן פון די אונטערגעוואָרפענע באהעפטן, און אלס אזוינע ציען זיי צו זיך די פערזאָניקע ווערבן פון דידאָזיקע באהעפטן.

[אין די אלע זעקס פראזעס זײַנען מיטן וואָרט „ארבעטער" אויף פארבונדן די ווערטער די ייִדישע, דער ייִדישער, דעם ייִדישן. דאָס איז נאָך א טיפּ אָפּהענגיקייַט, וואָס דערווייַל פארשווייַגן מיר עס].

טראכט זיך אריַין אין די סוביעקטן פון אלע וויַיטערדיקע באהעפטן און פרו-בירט מאכן סכעמעס פון אלע וויַיטערדיקע פראזעס.

1. די ייִדישע ארבעטער זײַנען געווען אין דער אָקופּאציע און האָבן ניט גע-האט די גינסטיקע באדינגונגען צו א וועלכער ניט איז רעוואָלוציִאָנערער אנטוויקלונג.
2. די ייִדישע ארבעטער, וואָס זײַנען געווען אין דער אָקופּאציע, וואָס האָבן ניט געהאט די גינסטיקע באדינגונגען צו א וועלכער ניט איז רעוואָלוציִאָ-נערער אנטוויקלונג, האָבן פארשפּעטיקט צו דער אָקטיאבער-רעוואָלוציע.

## אויפגאבע 31

I. שטעלט אלע נייטיקע אָפּשטעלצייכנס אינעם וויַיטערדיקן טעקסט.

האגאם דער צאריזם וועלכער האָט געטרוימט אופצוהענגען אפילע גוטשקאָוון האָט פארפאָלגט אויך די מענשעוויקעס האָט ארעסטירט די ארבעטער-גרופּע פונעם מיליטעריש-אינדוסטריעלן קאָמיטעט דאָך האָבן די מענשעוויקעס די גאנצע צייַט ארויסגעגעבן לעגאלע זשורנאלן זאמלביכער זיי האָבן געהאט א פראקציע אין דומע טשכעידזע טשכענקעלי און די איבעריקע מענשעוויקעס פלעגן ארויסטרעטן מיט רעדעס וועלכע פלעגן זיך דרוקן אין צייַטונגען זייערע נעמען זײַנען געווען באקאנט די מענשעוויקעס האָבן געארבעט אין פארשיידענע אנשטאלטן און האגאם זייערע פארבינדונגען מיט די זאוואָדן און פאבריקן זײַנען געווען נישטיקע און זייער וויר-קונג אפן באוווסטזיניקן טייל פון די ארבעטער איז געווען זייער קליין האָבן זיי דאָך גרינגער געקאָנט פארכאפּן אונטער זייער ווירקונג די געוואלטיקע אָפּגעשטאנענע מאסן וועלכע האָבן דערוואכט ערשט אין די טעג פון דער רעוואָלוציע. (עסטער)

מאכט זיך קלאָר, צי מע קאָן דאָ אָנשטאָט „וועלכער" און „וועלכע" שרייַבן „וואָס".

II. וויַיזט אָן אין די וויַיטערדיקע פראזעס די ווערטער, וואָס ציִען צו זיך די וויַיטערדיקע אונטערגעוואָרפענע באהעפטן.

1) דער פּראָצעס פון פאנאנדערוויקלען די קלאסן-סטירעס, וועלכן מיר האָבן שוין געשילדערט, האָט נאָך דער קאָרנילאָוו-אדע זיך פארטיפט.
2) די איבערוואלן אין דער פּעטערבורגער שטאָטישער דומע, וואָס זײַנען פאָרגעקומען אין 1917 יאָר, האָבן געגעבן שלעכטע רעזולטאטן.
3) דער דעקרעט וועגן דער ערד, וועלכן ס'האָט אָנגענומען דער 2-טער ראטן-צוזאמענפאָר, איז זייער גיך געוואָרן באקאנט אין די ברייטע קרייַזן פונעם פּויערטום, וועלכע האָבן זיך באצויגן צו אים העכסט מיטפילנדיק.

III. שטעלט אין די וויַיטערדיקע פראזעס אלע נייטיקע אָפּשטעלצייכנס.

1) אין דער אָרגאניזאציע וואָס איז געשאפן געוואָרן אױף צו פארטיידיקן די שטאָט זײַנען אריַין פאָרשטייער פון אסאך פארטייען.
2) די בורזשואזיע וואָס האָט זיך געניייטיקט אין נײַע טעריטאָריעס האָט גע-שטויסן די מעלוכע אױף נײַע אוואנטיורעס.
3) די פאָלקסמאסע וואָס האָט געשטורעמט די פעסטונג האָט ניט באגעגנט קיין ווידערשטאנד פון דער פּאָליציי.

IV. לייענט דורך אופמערקזאםביידע ווײַטערדיקע טעקסטן און מאכט זיך קלאָר, ווו זײַנען די אונטערגעוואָרפענע באהעפטן בעסער פארבונדן („וועלכע" — „וואָס"): אינעם ערשטן טעקסט צי אין צווייטן?

1) די אלע דעקרעטן עטעמען מיטן הייםן אטעם פון דער רעוואָליוציע. דאָס זײַנען ניט בלויז רעגירונגס-אקטן, געשעפט-דאָקומענטן. דאָס זײַנען פראָקלאמאציעס, וועלכע שיםן פײַערדיקע פונקען אין די מויכעס פון די מאסן, וועלכע קערן איבער די קעפּ, רײַסן אונטער די זײַלן פון דער אלטער וועלטאָנשויונג, עפענען פאר זיי גרענעצלאָזע פערספּעקטיוון פון א נײַ לעבן. (עסטער)

2) אויך דאָ באמערקן מיר דיזעלביקע דערשײַנונג, וועלכע מיר האָבן שוין ניט איינמאָל פארצייכנט. דאָס איז א טיפּישע באוועגונג, א באוועגונג פונונטן, א באוועגונג, וועלכע ווערט געבוירן דורך דעם קלאסן-אינסטינקט פון די מאסן, וואָס פילן די סאקאָנע, וואָס פילן, אז די בורזשואזיע גרייט א בלוטבאָד, וואָס פילן, אז מע דארף זיך באוואָפענען קעדיי זיך צו באשיצן. (עסטער)

## 32. אונטערגעוואָרפענע באהעפטן

**235.** קוקט זיך צו צו דער ווײַטערדיקער פראזע.

ער איז געגליכן געווען צו א שיף אין יאם, וואָס האָט זיך געזעצט אף א זאמד.

דאָ האָבן מיר צוויי באהעפטן, וואָס איינער פון זיי איז אונטערגעוואָרפן א וואָרט פונעם צווייטן (פּרעדיקן). דערבײַ זעען מיר, אז דער אונטערגעוואָרפענער באהעפט שטייט ניט גלײַך נאָך „שיף", וואָס דעמדאָזיקן וואָרט איז דער באהעפט אונטערגעוואָרפן, נאָר נאָכן וואָרט „יאם". אָבער קיינער וועט נאטירלעך ניט מיינען, אז דער באהעפט „וואָס האָט זיך געזעצט אף א זאמד" — איז אונטערגעוואָרפן דעם וואָרט „יאם". דעריבער איז אזא ווערטער-סיידער ניט שלעכט.

אנדערש איז אָבער מיטן ווערטער-סיידער אין דער ווײַטערדיקער פראזע.

שטארק וויכטיק זײַנען אויך די ענדערונגען אין דער פּסיכאָלאָגיע פון די איבערוואנדערער, וועלכע זײַנען פאָרגעקומען פאר די לעצטע יאָרן.
(„דער עמעס")

אויך דאָ האָבן מיר אן אונטערגעוואָרפענעם באהעפט. נאָר ס'איז אזוי אָנגעשריבן, אז מע קאָן מיינען, אז דער צווייטער באהעפט איז אונטערגעוואָרפן דעם וואָרט „איבערוואנדערער". אָבער דער שרײַבער (ווי דאָס ווערט קלאָר, אז מע טראכט זיך ארײַן אין דער פראזע) האָט דאָ געמיינט אונטערוואָרפן דעם צווייטן באהעפט דעם וואָרט „ענדערונגען" און ניט די „איבערוואנדערער".

פונדאנען איז געדרונגען, אז מע דארף זײַן זייער פאָרזיכטיק מיטן סיידער פון אזוינע באהעפטן. דידאָזיקע פראזע לעמאָשל וואָלט אסאך געווונען אין איר קלאָרקײַט, ווען דער סיידער זאָל זײַן אזא:

שטארק וויכטיק זײַנען אויך די ענדערונגען, וועלכע זײַנען פאָרגעקומען פאר די לעצטע יאָרן (,) אין דער פּסיכאָלאָגיע פון די איבערוואנדערער.

דאָ האָבן מיר שוין דעם אונטערגעוואָרפענעם באהעפט גלײַך נאָך דעם וואָרט „ענדערונגען", ווערט די גאנצע פראזע לײַכטער צום אופנעמען.

(מיר האָבן דאָ געשטעלט נאָך „יאָרן" א קאָמע אין קלאמערן, ווײַל מע קאָן זײַטשן דעם טעקסט אף צוויי אופאנים:

1) „אין דער פסיכאָלאָגיע פון די איבערוואנדערער" קאָן מען פארעכענען פאר א טייל פונעם ערשטן באהעפט, דאן דארף מען די קאָמע.

2) האלטן, אז דידאָזיקע ווערטער זײַנען א טייל פונעם צווייטן באהעפט; דאן דארף מען ניט קיין קאָמע).

אָפטמאָל טײַטשט מען אויס „וואָס" אָדער „וועלכע" בא אן אונטערגעוואָרפענעם באהעפט אף אזא אופן:

דידאָזיקע סיטואציע לייגט ארוף א באזונדערע פאראנטוואָרטלעכקײַט אף דער פארטיי-אָנפירונג מיט דער ליטעראטור, **וועלכע** (פ א ר ט ײ - אָ נ פ י ר ו נ ג) איז מעכויעוו צו זײַן וואכזאם און באהיט פון וואקלונגען. („עמעס")

ווען נאָך „וועלכע" וואָלט אין קלאמערן ניט געווען דאָס וואָרט פ א ר ט ײ - אָ נ פ י ר ו נ ג *, וואָלטן מיר געוויס געמיינט, אז דער צווייטער באהעפט איז אונטערגעוואָרפן דעם וואָרט „ליטעראטור". קעדיי אויסצומײַדן אזוי פאלש פארשטײן דעם אינהאלט פון דערדאָזיקער פראזע, האָט דער שרײַבער אָנגעווענדעט אזא מיטל ווי א טײַטש אין קלאמערן.

**236.** קוקט זיך צו צו דער ווײַטערדיקער פראזע.

1. אין דעם ארטיקל וויל איך בארירן אייניקע דעפעקטן אין דער ארבעט פון ארײַנציִען יידישע יוגנט אין דער בארג-אינדוסטריע, מיט **וועלכער** מיר איז אויסגעקומען אין די לעצטע כאדאָשים נאָענט זיך צו באקענען. („עמעס")

דאָס וואָרט „וועלכער" איז דאָ צווייטײַטיק. עס קאָן זײַן אונטערגעוואָרפן דעם וואָרט „ארבעט", און עס קאָן מיינען די „בארג-אינדוסטריע". לויט דעם, ווי עס ווערט קלאָר פונעם איבעריקן טעקסט אין „עמעס", האָט דער שרײַבער געמיינט די „ארבעט" (מיט וועלכער אים איז אויסגעקומען אין די לעצטע כאדאָשים נאָענט זיך צו באקענען).

קעדיי אויסמײַדן אין אזא פאל א צווייטײַטיקײַט דארף מען שרײַבן אזוי:

2. אין דעם ארטיקל וויל איך בארירן אייניקע דעפעקטן אין דער ארבעט פון ארײַנציִען יידישע יוגנט אין דער בארג-אינדוסטריע, וואָס מיט איר, מיט דערדאָזיקער ארבעט, איז מיר אויסגעקומען...

3. אין דעם ארטיקל וויל איך בארירן אייניקע דעפעקטן אין דער ארבעט פון ארײַנציִען יידישע יוגנט אין דער בארג-אינדוסטריע; מיט דערדאָזיקער ארבעט איז מיר אויסגעקומען...

4. אין דעם ארטיקל וויל איך בארירן אייניקע דעפעקטן אין דער ארבעט פון ארײַנציִען יידישע יוגנט אין דער בארג-אינדוסטריע, מיט וועלכער (ארבעט) מיר איז אויסגעקומען...

* פ א ר ט ײ - אָ נ פ י ר ו נ ג איז א צונויפזאץ, און א צונויפזאץ איז דאָך איין וואָרט.

קוקט זיך גוט צו, וועלכע ענדערונגען זײַנען אַרײַנגעטראָגן אין די פּראָזעס 2, 3 און 4, און מיט וואָס זײַנען דידאַקטיקע פּראָזעס בעסער פון דער 1-טער.

אַמאָל קאָן אַ באַהעפט מיט אַ „וואָס״ אָדער מיט אַ „וועלכע״ זײַן אײנדײַטיק אָבער עס זאָל באַטײַטן ניט דאָס, וואָס דער שרײַבער מײנט. לעמאָשל:

1. אַזוינע שטימונגען, אַז ייִדן וועלן ניט גײן אָפּן ווײַטן מיזרעך, אַז די אַרבעט איז אַ דורכפאַל, אַ באַנקראָט, מוזן אָפּגעשאַצט ווערן ווי אַן אָפּשפּיגלונג פון באַשטימטע סאָציאַלע שיכטן, **וועלכע** מוזן אויסגעראָטן ווערן. („עמעס״)

לויט דעם ווי דאָ איז אָנגעשריבן, איז דאָס וואָרט „וועלכע״ אונטערגעוואָרפן דעם וואָרט „שיכטן״. הײסט עס, אַז די שיכטן מוזן אויסגעראָטן ווערן. אָבער דער שרײַבער האָט גאָר ניט דאָס געמײנט. ער האָט געוואָלט זאָגן פאָלגנדיקעס:

2. אַזוינע שטימונגען, אַז ייִדן וועלן ניט גײן אָפּן ווײַטן מיזרעך, אַז די אַרבעט איז אַ דורכפאַל, אַ באַנקראָט, מוזן אָפּגעשאַצט ווערן ווי אַן אָפּשפּיגלונג פון באַשטימטע סאָציאַלע שיכטן **און** מוזן אויסגעראָטן וואָרן.

דאָ איז שוין קלאָר, אַז דער פּרעדיקאַט „מוזן אויסגעראָטן ווערן״ ווי אויך דער פּרעדיקאַט „מוזן אָפּגעשאַצט ווערן״ געהערן צום סוביעקט „שטימונגען״. אויף אַזאַ אופן, פאַרבײַטנדיק דעם „וועלכע״ אָפּן „און״, טראָגן מיר אַרײַן די קלאָרקײַט און די פּינקטלעכקײַט, וועלכע זײַנען דאָ אַזוי נײטיק אויף אָפּצוהיטן פון פאַלש פאַרשטײן די פּריִערדיקע „עמעס״-פּראָזע.

**237.** טראַכט זיך אַרײַן אין דער ווײַטערדיקער פּראָזע

ווײַטער האָט דער פּלענום באַטראַכט די פראַגע וועגן שאַפן אַן אַלפאַרבאַנדישן פאָלקאָמערד, **וועלכע** ער האָט געלײזט פּאָזיטיוו. („עמעס״).

דאָ האָבן מיר אַ פּראָזע מיט צוויי באַהעפטן. דער צווייטער באַהעפט איז אונטערגעוואָרפן דעם וואָרט „פראַגע״ פונעם ערשטן באַהעפט. די סכעמע פון דער פּראָזע דאַרף דאָ זײַן אַזאַ:

ווײַטער האָט דער פּלענום באַטראַכט די פראַגע
וועגן שאַפן אַן אַלפאַרבאַנדישן פאָלקאָמערד,

וועלכע ער האָט געלײזט פּאָזיטיוו

ווי מיר האָבן שוין געזען אין אַלע פּריִערדיקע בײַשפּילן, באַשטײט די אויפגאַבע פון אַן אונטערגעוואָרפענעם באַהעפט אין כאַראַקטעריזירן דאָס אונטערוואַרפנדיקע וואָרט. אויף אַזאַ אופן באַקומט זיך דאָ, אַז דער פּלענום האָט באַטראַכט אַזאַ פראַגע, וואָס איז געווען געלײזט. דאָס הײסט, אַז די געלײזטקײַט איז געווען **פאַרן** באַטראַכטן. אָבער מיר פאַרשטײען זײער גוט, אַז עס קאָן אַזוי ניט זײַן, ווײַל פּריִער

האָט מען באטראכט און נאָכדעם האָט מען געלייזט. דעריבער איז ריכטיקער צו שרײַבן די פאָריקע פראזע אף אזא אויפן:

ווײַטער האָט דער פּלענום באטראכט די פראגע וועגן שאפן אן אלפארבאנ-דישן פאלקאָמערד און האָט זי געלייזט פּאָזיטיוו.

איצט האָבן מיר שוין איינגאנצן איין באהעפט, מיט א סוביעקט („פּלענום“), וואָס האָט געטאָן צוויי זאכן: פריִער „באטראכט“ און נאָכדעם „געלייזט“.

פונדאנען איז געדרונגען, אז דאן, ווען קיין אונטערגעוואָרפנקייט קאָן אלפּיסייכל ניט זײַן, דארף מען בעסער שרײַבן אלץ אין איין באהעפט אָדער אין עטלעכע באַ-העפטן אָבער ניט אין קיין אונטערגעוואָרפענע.

ענלעכעס האָבן מיר אויך אין דער ווײַטערדיקער פראזע.

1. די ליטעראטור איז א טייל פונעם קלאסן-קאמף, וואָס מוז אָפּשפּיגלען די געזעלשאפטלעכע געשעענישן.

דאָ באקומט זיך, אז דער צווייטער באהעפט איז אונטערגעוואָרפן דעם וואָרט „קלאסן-קאמף“ פונעם ערשטן באהעפט. אָבער דאָס איז אן אומזין. דער שרײַבער האָט דאָ געמיינט צו שרײַבן אזוי:

2. די ליטעראטור איז א טייל פונעם קלאסן-קאמף, און זי מוז אָפּשפּיגלען די געזעלשאפטלעכע געשעענישן.

דעם אומזין פון דער אונטערגעוואָרפנקייט אין דער ערשטער פראזע וועלן מיר בוילעטער דערזען, ווען מיר וועלן עס פארגלײַכן מיט אזא פראזע.

3. די מאמע ארבעט אין א פאבריק, וואָס פארדינט 60 רובל א כוידעש.

דידאָזיקע פראזע איז פונקט אזוי פאלש געבויט ווי די פריִערדיקע ערשטע פראזע. דאָ איז געגעבן אן אונטערגעוואָרפענער באהעפט אין דער צײַט, ווען קיין אונטער-געוואָרפנקייט פאסט דאָ ניט. מע דארף דידאָזיקע פראזע אזוי שרײַבן:

4. די מאמע ארבעט אין א פאבריק (,) און (זי) פארדינט 60 רובל א כוידעש*

פארגלײַכט אלע דרײַ ווײַטערדיקע פראזעס.

1. א געוויסער טייל יִדישע רעוואָליוציאָנערן, וועלכע זײַנען אפילע אין דער נאציאָנאלער פראגע געשטאנען ניט אף אונדזער שטאנדפּונקט, באָר זיי האָבן אנערקענט די גאנצע וויכטיקײַט און דעם פארנעם פון דער רע-וואָליוציע, האָבן גענומען ארבעטן צוזאמען מיט אונדז. („עמעס)

2. א געוויסער טייל יִדישע רעוואָליוציאָנערן, וואָס זײַנען אפילע אין דער נאציאָנאלער פראגע געשטאנען ניט אף אונדזער שטאנדפּונקט, האָבן אָנער-קענט די גאנצע וויכטיקײַט און דעם פארנעם פון דער רעוואָליוציע און האָבן גענומען ארבעטן צוזאמען מיט אונדז.

3. א געוויסער טייל יִדישע רעוואָליוציאָנערן, וועלכע זײַנען אפילע אין דער נאציאָנאלער פראגע געשטאנען ניט אף אונדזער שטאנדפּונקט, באָר וועלכע האָבן אָנערקענט די גאנצע וויכטיקײַט און דעם פארנעם פון דער רעוואָליוציע, האָבן גענומען ארבעטן צוזאמען מיט אונדז.

* מיר שטעלן דאָ אין קלאמערן א קאָמע, ווײַל מיר קאָנען דאָ האָבן אי צוויי באהעפטן, אויב מיר וועלן שרײַבן מיט „זי“, אי איין באהעפט, אויב אָן „זי“.

מאכט זיך קלאָר, פאַרוואָס איז די ערשטע פראַזע ערגער פון די איבעריקע צוויי. וואָס איז דער אונטערשייד פון דער צווייטער און דריטער פראַזע?

מאכט סכעמעס פון דער צווייטער און דריטער פראַזע, וואָס זאָלן ווײַזן די באַהעפטן־פאַרבינדונג אין דידאָזיקע צוויי פראַזעס.

פאַרגלײַכט די צוויי ווײַטערדיקע פראַזעס.

1. יעדער ראַטווירט, יעדער קאָלווירט, יעדעס דאָרף, יעדער פויער באַזונדער דאַרף וויסן, אַז וויפל עס מוז פאַרגרעסערט ווערן די פּי־טשערעדע, וואָס ווערט געטאָן מיצאַד דער מעלוכע, און וואָס עס פאָדערט זיך פון זיי גופע. („עמעס")
2. יעדער ראַטווירט, יעדער קאָלווירט, יעדעס דאָרף, יעדער פויער באַזונדער דאַרף וויסן, אַז וויפל עס מוז פאַרגרעסערט ווערן די פּי־טשערעדע, און וואָס עס ווערט געטאָן מיצאַד דער מעלוכע, און וואָס עס פאָדערט זיך פון זיי גופע.

וויאַזוי פאַרשטייט איר דעם אונטערשייד פון די צוויי פראַזעס? וועלכע פון זיי איז קלערער און ריכטיקער?

וועלכע פראַזע פון די ווײַטערדיקע צוויי איז קלערער און ריכטיקער?

1. די טעמע אין בוך איז וועגן די פּאָגראָמען, וואָס האָבן איבערגעלעבט פיל שטעטלעך אַף אוקראַיִנע.
2. די טעמע אין בוך איז וועגן די פּאָגראָמען, וואָס עס האָבן איבערגעלעבט פיל שטעטלעך אַף אוקראַיִנע.

פּרובירט מאכן אַן אויספיר וועגן „עס" אין אַזוינע פאַלן: ווען קאָן מען שרײַבן אָן „עס", און ווען מוז מען „עס" האָבן.

## אויפגאַבע 32

I. פאַרבינדט ווי געהעריק אַלע ווײַטערדיקע באַהעפטן פון יעדער פראַזע. (אויב ס'איז נייטיק, קאָן מען פון איין פראַזע מאכן צוויי; אויב ס'איז נייטיק קאָן מען אויך איבערשטעלן אייניקע ווערטער).

1) דאָס זײַנען געווען פאָדערונגען... האָבן אויסגעדריקט די אינטערעסן פון דער אָרעמשאַפט און מיילוויַנז פון די אַרבעטער... זײַנען געווען געווענדעט קעגן די רײַכע.

2) עס זײַנען פאַראַן פּרוּוון פון אַריבערטראָגן געזעלשאַפטלעכע אומצופרידנהײַטן אַף פּערזענלעכע מאָמענטן... מיר דאַרפן אויסוואָרצלען פון אונדזער קאָלעקטיוו... עס שטערט דער אַרבעט.

3) ער האָט זיך ווייניק גערעכנט מיט דער אַלגעמיינער שטימונג וועגן דער אָדער יענער קאַנדידאַטור... דערקלערט זיך מיט דער אָפּגעריסנקײַט פון די ברייטערע מאַסן.

4) די ערד האָט מען געטיילט אַף קליינע נאַכלעס... האָט מיטגעהאָלפן צו פאַרוואַנדלען אויך אַ גרויסן טייל פון די ערדלאָזיקע פויערים אין שטיקלעך אייגנטימער.

5) דער אָנגריף פון סאָציאַליסטישן סעקטאָר אַפן קאַפּיטאַליסטישן ריירט אָן אין אַ געוויסער מאָס די אינטערעסן פון די קליינבירגער... רופט אַרויס בא זיי אַ גרויסע אומצופרידנהײַט.

## 33. פארשיידענע צונויפגעזעצטע פראזעס

**238.** פארגלייַכט די צוויי ווייַטערדיקע פראזעס:

1. זי כאפּט א פּאָר ווערטער בא א באלעגאָליש (ער) ווייַב, וואָס לויפט דורך פון איין הינטער-טיר צו דער צווייטער **און** קערט זיך אום צוריק. (בערג.)
2. זי כאפּט א פּאָר ווערטער בא א באלעגאָליש ווייַב, וואָס לויפט דורך פון איין הינטער-טיר צו דער צווייטער, **און** קערט זיך אום צוריק.

אין ביידע פראזעס האָבן מיר דעמזעלבן טעקסט און דיזעלבע צאָל באהעפטן. דער אונטערשייד באשטייט דאָ אין דעם, וואָס אין דער ערשטער פראזע איז פארן „און" קיין קאָמע ניטאָ, און אין דער צווייטער פראזע איז פארן „און" דאָ א קאָמע. דידאָזיקע קאָמע ענדערט זייער שטארק דעם אינהאלט פון דידאָזיקע צוויי פראזעס.

אין דער ערשטער פראזע האָבן מיר א באהעפט, וואָס ווארפט אונטער א צווייטן באהעפט. דאָרטן גייט א באהעפט נ אָ ך א באהעפט. אין דער צווייטער פראזע קומט דער אונטערגעוואָרפענער באהעפט ניט נ אָ כ ן ערשטן נאָר א י נ ע ם ערשטן.

סכעמאטיש קאָן מען דעמדאָזיקן אונטערשייד אזוי פאָרשטעלן:

1. זי כאפּט א פּאָר ווערטער
בא א באלעגאָליש ווייַב,

וואָס לויפט דורך פון איין הינטער-טיר צו דער צווייטער
און קערט זיך אום צוריק.

2. זי כאפּט א פּאָר ווערטער בא א באלעגאָליש ווייַב, | , און קערט זיך אום צוריק.

וואָס לויפט דורך פון איין הינטער-טיר
צו דער צווייטער

אין דער ערשטער פראזע האָבן מיר דערפאר איין קאָמע: צווישן צוויי באהעפטן. אין דער צווייטער פראזע — צוויי קאָמעס, וואָס טיילן אויס אן אינווייניקסטן באהעפט פונעם איבעריקן טעקסט.

אן ענלעכן פאל האָבן מיר אויך אין די ווייַטערדיקע פראזעס.

3. זי איז אוועק פון איר טאטן, וואָס האָט זי באליידיקט און איז אריַינגעטראָטן אין א נאציאָנאליסטישער פארטיי.
4. זי איז אוועק פון איר טאטן, וואָס האָט זי באליידיקט, **און** איז אריַינגעטראָטן אין א נאציאָנאליסטישער פארטיי.

קוקט זיך צו צו די קאָמעס איןביידע פראזעס און טראכט זיך אריין אינעם אינהאלט פון דידאַזיקע פראזעס.

דידאָזיקע פאלן ווייזן, ווי פּאַרזיכטיק און פּינקטלעך מע דאַרף זיין מיט אן אָפּ-שטעלצייכן, ווייל אָן דעם אָפּשטעלצייכנס זיין אָדער ניט זיין קאָן זיך אמאָל ווענדן דער אינהאלט פון דער פראזע.

אין די לעצטע 2-טע און 4-טע פראזעס וואָלט עפּשער דעריבער גלייכער געווען צו איבערכאזערן נאָכן „און" דעם סוביעקט „זי", קעדיי דער אינהאלט פון די-דאָזיקע פראזעס זאָל ניט אָפּהענגען אזוי שטארק פון דער קאָמע פארן „און". דאַן וועלן מיר שוין האָבן דריי באהעפטן אין יעדער פראזע. לעמאָשל:

2. זי כאפּט א פּאָר ווערטער בא א באלעגאָליש ווייב, וואָס לויפט דורך פון איין הינטער-טיר צו דער צווייטער, און זי קערט זיך אום צוריק.

4. זי איז אוועק פון איר טאטן, וואָס האָט זי באליידיקט, און זי איז געטראָטן אין א נאציאָנאליסטישער פארטיי.

**239.** אינעם § 102 האָבן מיר אָנגעוויזן, אז צווישן דער סוביעקט-גרופּע א פּערזאָניקן ווערב הערט זיך שטענדיק א פּאוזע (אן איבעררייס), אָבער קיין קאָמע דאַרף מען אפן אָרט פון דערדאָזיקער פּאוזע ניט האָבן. דאָס איז אלץ גערעדט גע-וואָרן וועגן איין באהעפט. אויב אָבער צווישן דער סוביעקט-גרופּע און פּערזאָניקן ווערב אָדער צווישן אנדערע ווערטער פונעם באהעפט קומט א נייער באהעפט, דאַרף מען נאטירלעך דעמדאָזיקן נייעם באהעפט אויסטיילן מיט קאָמעס. לעמאָשל:

די ארבעט איבער די מאטעריאלן וועגן דער קולטור-בויונג אין




דאָ האָבן מיר א באהעפט מיט זייער א גרויסער סוביעקט-גרופּע און א גרויסע ווייטקייט צווישן דעם סוביעקט און פּערזאָניקן ווערב. צווישן דער סוב-יעקט-גרופּע און דעם פּערזאָניקן ווערב קומט דאָ א באהעפט, וואָס איז אונטערגע-וואָרפן דעם וואָרט „בעראטונג". דעמדאָזיקן אונטערגעוואָרפענעם באהעפט טיילט מען אויס מיט קאָמעס.

[דעם אונטערגעוואָרפענעם באהעפט קאָן מען דאָ ניט שטעלן גלייך נאָכן וואָרט „בעראטונג", ווייל מע קאָן דעמדאָזיקן וואָרט ניט אָפּטיילן פון די ווערטער „פון די יידישע פארטיי-סעקציעס"].

240. קוקט זיך צו צו דער ווײַטערדיקער פראזע.

דער מעלוכישער ייִדישער טעאַטער, וואָס האָט אין די ערשטע יאָרן פון זײַן עקזיסטענץ געהאַט א גרויסע רעוואָליוציאָנערע באַדײַטונג, דערמיט וואָס ער האָט ראַדיקאַל צעבראָכן די יעסוידעס פונעם אַלטן ייִדישן טעאַטער, האָט געשאַפן נײַע פאָרמען פון טעאַטראַלער קונסט און האָט פאַרנומען א גרויס אָרט צווישן די טעאַטערן, וואָס די רעוואָליוציע האָט געשאַפן — לעבט פאַר דער לעצטער צײַט איבער א טיפן קריזיס („עמעס“)

די דאָזיקע פראזע באַשטייט פון פיר באַהעפטן. דרײַ באַהעפטן קומען צווישן די ווערטער פונעם ערשטן באַהעפט און שפאַלטן אים אַף אַזאַ אויפן, אַז דער סוביעקט (סוביעקט-גרופע) בלײַבט פון אָנהייב פראזע, און דער פערזאָניקער ווערב מיט די איבעריקע ווערטער פונעם דאָזיקן באַהעפט קומען נאָך די דרײַ אינווייניקסטע באַהעפטן.

די סכעמע פון דער דאָזיקער פראזע איז לערעך אַזאַ:

דער מעלוכישער ייִדישער טעאַטער, —לעבט פאַר דער לעצטער צײַט איבער א טיפן קריזיס.

וואָס האָט אין די ערשטע יאָרן פון זײַן עקזיסטענץ געהאַט א גרויסע רעוואָליוציאָנערע באַדײַטונג,

דערמיט וואָס

ער האָט ראַדיקאַל צעבראָכן די יעסוידעס פונעם אַלטן ייִדישן טעאַטער

האָט געשאַפן נײַע פאָרמען פון טעאַטראַלער קונסט

און האָט פאַרנומען א גרויס אָרט צווישן די טעאַטערן,

וואָס די רעוואָליוציע האָט געשאַפן

254. קוקט זיך איצט צו צו אַלע אָפשטעלצייכנס אין דער פריִערדיקער פראזע מיר האָבן דאָ פינף קאָמעס: פיר קאָמעס טיילן אויס די דרײַ אינווייניקסטע באַהעפטן, און איין קאָמע איז דאָ צווישן גלײַכאַרטיקע ווערטער. אָבער אויסער די קאָמעס האָבן מיר דאָ נאָך א צייכן: א ש ט ר י ך פאַרן פערזאָניקן ווערב „לעבט“. דער

שטריך קומט אין אזוינע פאלן ווי דאָ אַף צו פארלענגערן די פּאוזע, קעדיי דער לייענער זאָל אביסעלע „איבערכאפּן דעם אָטעם“ און זאָל זיך אומקערן אין געדאנק צום אָנהייב פון ערשטן באהעפט, וואָס איצט ערשט קומט זײַן סאָף.

אַן ענלעכן בײַשפּיל האָבן מיר אויך אין דער ווײַטערדיקער פּראזע.

אין א פּויעריש לאנד, בא א רעוואָליוציאָנערער, רעפּובליקאנישער רעגירונג, וואָס ווערט געשטיצט דורך די פּארטייען עסערן און מענשעוויקעס, וועלכע האָבן נעכטן געהערשט צווישן דער קליינבירגערלעכער דעמאָקראטיע,— וואקסט אָן א פּויערשער אופשטאנד. (לעניו)

אויך דאָ האָבן מיר א באהעפט, וואָס איז געשפּאָלטן אַף צוויי טיילן דורך אן אונטערגעוואָרפענעם באהעפט, וואָס ווארפט אונטער אונטער זיך נאָך א באהעפט. אויב מיר זאָלן ארויסלאָזן די אינווייניקסטע באהעפטן, וועלן מיר האָבן אזא פּראזע:

אין א פּויעריש לאנד, בא א רעוואָליוציאָנערער, רעפּובליקאנישער רעגירונג וואקסט אָן א פּויערשער אופשטאנד.

קעדיי צו דערנענטערן אביסל דידאָזיקע צוויי אָפּגעזונדערטע באהעפט-טיילן אין לענינס פּראזע שטעלט מען פארן צווייטן טייל פונעם ערשטן באהעפט דעם שטריך. די קאָמע, וואָס דארף דאָ זײַן אַף אָפּצוטיילן איין באהעפט פונעם איבעריקן, מוז בלײַבן צוזאמען מיטן שטריך. דער שטריך קאָן די קאָמע ניט פארבײַטן.

**241.** קוקט זיך צו צו דער ווײַטערדיקער פּראזע:

דאָס שטעטל, ווו סע האָט אמאָל באדארפט שטיין מײַן וויג, און סע איז אָנשטאָט דעם געשטאנען א קליין קיבערל, דערפאר ווײַל מײַן מאמע האָט זיך ניט געקענט פארגינען אזא לוקסוס ווי א וויג,—דאָסדאָזיקע שטעטל ליגט ערגעץ אין א פארוואָרפן ווינקל אין גאליציע. (מ. נאדיר)

דידאָזיקע פּראזע אונטערשיידט זיך פון די פריערדיקע צוויי בײַשפּילן נאָר מיט דעם, וואָס דער שרײַבער כאזערט נאָכאמאָל איבער דעם טייל באהעפּס, וואָס די אינווײַניקסטע באהעפטן האָבן אים אָפּגעשפּאָלטן. אין אזוינע פאלן ווי דאָ שטעלט מען אלצייגנס דעם שטריך.

אזא איבערכאזערונג ווי דאָ אָבער שוין ניט פון קיין סוביעקט נאָר פון אן אנדער וואָרט, האָבן מיר אויך אין דער ווײַטערדיקער פּראזע.

גאנצפרי, בא א פראָסט, וואָס לייגט זיך מיט ווײַסער פרישקײַט אַף געשלאָסענע טירן, בא א דאמף, וואָס שלאָגט פון נאָזלעכער און פון מײַלער, און בא א לעמפּל, וואָס צאנקט נאָך פון באנאכט ערגעץ-ווו אין א ווינקל ווי באם צוקאָפּנס פון א קראנקן,—גאנצפרי האָט דעם דאָקטער אָפּגעשטעלט אין מארק דער דאנטיסט גאלאגאנער. (בערגעלסאָן)

און אמאָל טרעפט, אז מע כאזערט איבער א גאנצע גרופּע ווערטער בא אזוינע געשפּאָלטענע באהעפטן ווי דאָ, לעמאָשל:

בא אזא לאגע דערלויבט זיך א גרופּע שרײַבער—לייוויק, מענאכעם, רייזען און אויך ראבאָי, וועלכע האָבן מיט דער הילף פון דער קאָ

מוניסטישער פּאַרטיי זיך געהאַט קוים אַרויסגעראַטעוועט פון נאַציאָנאַליסטישן און באַלעבעסלדיק-אינדיווידואַליסטישן זומפּ, ווו זיי האָבן זיך יאָרן לאַנג גע-פּליוסקעט, וועלכע האָבן די לעצטע צײַט געהאַלטן אין איין דערקלערן זייער פּרײַנטשאַפט צו דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער-באַוועגונג און צום קאָמו-ניזם, וועלכע וואַגן נאָך ווי לייוויק און מענאַכעם אַפּילע איצט זיך דערקלערן אין ליבע צום ראַטנפאַרבאַנד און צו דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, — **ד ע ר-ל ו י ב ט  ז י ך  ד י ד אָ ז י ק ע  ג ר ו פּ ע  ש ר ײַ ב ע ר** צושטיין צום ווילדן, מאַמעש בעסטיאַלישן כאָר סאָנים און פאַרפאָלגער פון דער רעוואָליוציאָנערער אַרבע-טער-באַוועגונג. („עמעס”)

דאָ באַקומט זיך, אַז דער באַהעפט, וואָס איז דער אָנהייב און דער סאָף פון דערדאָזיקער פּראָזע האָט באַ זיך צוויי מאָל אַ דעם פּערזאָניקן ווערב, אַ דעם סובייעקט. דאָ מוז מען עס טאָן דערפאַר, ווײַל די פּראָזע איז זייער אַ גרויסע און אַ קאָמפּליצירטע; און אויב מע זאָל נאָכאַמאָל ניט איבערכאַזערן דאָ די ווערטער „דערלויבט זיך אַ (דידאָזיקע) גרופּע שרײַבער”, וועט דער סאָף פונעם ערשטן באַ-העפט, וואָס איז דאָ צום סאָף פּראָזע, בלײַבן הענגען אין לופטן, און מע וועט אים ניט אופכאַפּן אַזוי גרינג.

צו אַזוינע קאָנסטרוקציעס ווי אין די פּאָריקע פּראָזעס דאַרף מען ניט שטענדיק אָנקומען. אַזאַ קאָנסטרוקציע איז גוט דאַן, ווען מע וויל שפּאָרן ווערטער. וואָרעם אויסדריקן דעם גאַנצן אינהאַלט, וואָס איז לעמאָשל דאָ אין דער לעצטער פּראָזע מיט די שרײַבער, ניט אַף דעם אויפן, ווי עס איז דאָרטן, נאָר אַף אַן אַנדער אויפן, וואָלט געפאָדערט אַסאַך מער ווערטער, און עס וואָלט זיך ערשט ניט באַקומען גראָד דאָסזעלבע וואָס דאָ.

אָבער ס'איז לאַכלוטן איבעריק אַזאַ קאָנסטרוקציע אין דער ווײַטערדיקער פּראָזע לעמאָשל.

1. אין די מאַשין-געזעלשאַפטן אָן אַ קאָלעקטיוון פאַרזיי **ה אָ ט  ז י ך  ב א** 2,1 **פּ ר אָ צ ע נ ט  פ ו ן  ד ע ר  אָ ר ע מ ע ר  ק א ט ע ג אָ ר י ע** קאָלווירטניקעס, באַ וועלכע דער ווערט פון די פּראָדוציר-מיטלען באַטרעפט נאָר ביז 200 רובל, — **א י ז  ב א** 2,1 **פּ ר אָ צ ע נ ט  פ ו ן  ד ע ר ד אָ ז י ק ע ר  ק א ט ע ג אָ ר י ע  ה אָ ט  ז י ך** דאָס פּריוואַט-אייגנטום פאַרגרעסערט אין רעזולטאַט פונעם זײַן אין קאָלווירט („עמעס”)

דידאָזיקע פּראָזע איז שלעכט ניט דערפאַר, וואָס דאָ זײַנען פאַראַן איבערגעכאַ-זערטע ווערטער, נאָר ווײַל די איבערגעכאַזערטע ווערטער זײַנען דאָ אַבסאָליוט ניט נייטיק, און וואָס די פּראָזע איז אַזוי הויקערדיק. דאָ האָט מען געוואָלט קאָנסטרויִרן אַף דעמזעלבן אויפן ווי די פּאָריקע פּראָזעס, אָבער דאָ איז אַזאַ טעקסט, וואָס גאָר גלאַט גייט ער ניט. דעריבער איז אַסאַך גלײַכער, מע זאָל דידאָזיקע פּראָזע בויען אַזוי. לעמאָשל:

2. אין די מאַשין-געזעלשאַפטן אָן אַ קאָלעקטיוון פאַרזיי האָט זיך דאָס פּרי-וואַט-אייגנטום פאַרגרעסערט אין רעזולטאַט פונעם זײַן אין קאָלווירט באַ

2,1 פראָצענט פון דער אָרעמער קאטעגאָריע קאָלווירטניקעס, בא וועלכע דער ווערט פון די פראָדוציר-מיטלען באטרעפט נאָר ביז 200 רובל.

3. ביז 2,1 פראָצענט פון דער אָרעמער קאטעגאָריע קאָלווירטניקעס, בא וועלכע דער ווערט פון די פראָדוציר-מיטלען באטרעפט נאָר ביז 200 רובל, האָט זיך אין די מאשין-געזעלשאפטן אָן א קאָלעקטיוון פארזיי דאָס פריוואט-אייגנטום פארגרעסערט אין רעזולטאט פונעם זײַן אין קאָלווירט.

פארגלײַכט אלע דרײַ נומערירטע פראזעס און מאכט זיך קלאָר זייער אונטערשייד.

פרובירט, איבערשטעלנדיק די באהעפטן, מאכן אלע מעגלעכע קאָמבינאציעס פון דער ווײַטערדיקער פראזע, ניט ענדערנדיק איר טאָך (אינהאלט).

איז וואָס מער עס האָט זיך אנטוויקלט די ארבעטער-באוועגונג אין אלרוסלענדישן מאסשטאב, וואָס שארפער עס איז ארויסגעטראָטן איר ריינער קלאסן-כאראקטער, איז, ניט געקוקט דערויף, וואָס די יידישע ארבעטער-באוועגונג איז שוין דאן פארבלאָנדזשעט געוואָרן אף קליינבירגערלעך-נאציאָנאליסטישע וועגן, אין פערעצן אלץ מער אָפגעקילט געוואָרן זײַן ארבעטער-ליבשאפט, און אלץ וואכער איז אין אים געוואָרן זײַן בורזשואזע נאטור. (ליטוואקאָוו)

ווײַזט אָן, וואָס פאר א כעסאָרן איז דאָ אין דערדאָזיקער קאָנסטרוקציע ליטוואקאָווס.

## אופגאבע 33.

I. שטעלט אלע נייטיקע אָפשטעלצייכנס אין דער ווײַטערדיקער רעדע לענינס.

כאווײַרים די ארבעטערשע און פויערשע רעוואָליוציע וואָס וועגן איר נויטיקייט האָבן די באָלשעוויקעס גערעדט די גאנצע צײַט איז געשען.

וואָס פאר א באדײַטונג האָט דידאָזיקע ארבעטערשע און פויערשע רעוואָליוציע פרוער פאר אלץ באשטייט די באדײַטונג פון דערדאָזיקער איבערקערעניש דערין וואָס מיר וועלן האָבן א ראטנרעגירונג אונדזער אייגענעם אָרגאן פון מאכט אָן א וועלכן ניט איז אָנטייל פון דער בורזשואזיע די אונטערגעדריקטע מאסן וועלן אליין באשאפן די מאכט אין טאָך וועט צעבראָכן ווערן דער אלטער מעלוכע-אפאראט און ס'וועט באשאפן ווערן א נײַער אפאראט פון פארוואלטונג אין פערזאָן פון די ראטן-אָרגאניזאציעס.

פון היינט אָן קומט אָן א נײַע טקופע אין דער געשיכטע פון רוסלאנד און די נעגעבענע דריטע רוסישע רעוואָליוציע דארף אין איר ענדגילטיקן סאכאקל ברענגען צום ניצאָכן פונעם סאָציאליזם

איינע פון אונדזערע טאָג-אופגאבן איז טייקעף ליקווידירן די מילכאָמע אָבער קעדיי צו ענדיקן דידאָזיקע מילכאָמע וועלכע איז ענג פארבונדן מיט דער היינטיקער קאפיטאליסטישער אָרדענונג איז פאר אלעמען קלאָר אז מע מוז בײַקומען דעם קאפיטאליזם גופע.

אין דער זאך וועט אונדז העלפן יענע אלוועלטלעכע ארבעטער-באוועגונג וועלכע הייבט שוין אָן צו אנטוויקלען זיך אין איטאליע ענגלאנד און דײַטשלאנד.

א יווישערדיקער טייקעפדיקער שאָלעם וועלכן מיר וועלן פאָרשלאָגן דער צווישנפעלקערלעכער דעמאָקראטיע וועט אומעטום געפינען א הייסן אָפקלאנג

בא די צווישנפעלקערלעכע פראָלעטארישע מאסן קעדיי צו באפעסטיקן דעמ-דאָזיקן צוטרוי פונעם פראָלעטאריאט מוז מען טייקעף פארעפנטלעכן אלע געהיימע אָפּמאכן

אינגזוייניק אין רוסלאנד האָט א געוואלטיקער טייל פונעם פויערטום גע-זאָגט געגוג צו שפילן זיך מיט די קאפיטאליסטן מיר ווילן גיין מיט די אר-בעטער מיר וועלן געווינען דעם צוטרוי מיצאד די פויערים מיט איין דעקרעט וועלכער וועט פארניכטן דאָס פריצישע אייגנטום די פויערים וועלן פארשטיין אז נאָר אין בונד מיט די ארבעטער איז די רעטונג פונעם פויערטום

מיר וועלן איינפירן פולן ארבעטער-קאָנטראָל איבער דער פראָדוקציע

איצטער האָבן מיר זיך אויסגעלערנט ארבעטן אייניק וועגן דעם זאָגט איי-דעם די נאָר-וואָס געשעענע רעוואָליוציע מיר פארמאָגן יענעם קויעך פון מאסן-אָרגאניזאציע וועלכער וועט אַלץ ביַיקומען און וועט דערפירן דעם פּראָ-לעטאריאט ביז דער וועלט-רעוואָליוציע

אין רוסלאנד דארפן מיר זיך באלד פארנעמען מיט אויסבויען א פּראָלע-טאריש-סאָציאליסטישע מעלוכע

זאָל לעבן די אלוועלטלעכע סאָציאליסטישע רעוואָליוציע
(ציטירט לויט עסטערס „אָקטיאבער-רעוואָליוציע״)

II. וויַיזט אָן די אלע פאלן, ווען עס קאָן קומען א קאָמע, א שטריך אָדער א צוויי-פינטל. פאר יעדן פאל קליַיבט צו צוויי-דריַי בייַשפּילן.

III. ענטפערט שריפטלעך אױף פאָלגנדיקע פראגעס:

1. וואָס איז דער אונטערשייד פון א צונויפזאץ און א צונויפגעזעצטער פראזע?
2. וואָס איז דער אונטערשייד פון באהעפטט און פראזע?
3. וועלכע טיפן פראזעס זיַינען דאָ?
4. וועלכע טיפן באהעפטן זיַינען איַיך באוווּסט?
5. וואָס איז אזוינס א סוביעקט?
6. וואָס איז דער אונטערשייד פון א פערזאָניקן ווערב און פרעדיקאט?
7. וויפל גרופעס ווערטער פארייניקט דער ווערב?
8. וויפל פאָרמעס האָבן אלע גרופעס פונעם ווערב?
9. וועלכע גרופע פונעם ווערב קאָן זיַין אי א סוביעקט, אי א פרעדיקאט?
10. וועלכע באטיַיטן קאָנען האָבן די ווערטער „באקומען״, „שריַיבט״, „באקן״, „לעבן״ און „הייסן״? (קליַיבט צו פראזעס פאר די לעצטע פינף ווערטער, מע זאָל בוילעט זען זייער פארשיידענעם באטיַיט).

יעדן ענטפער איליוסטרירט מיט א בייַשפּיל.